בכלל האט דעם ייד אין שטעטל וועלט-פאליטיק נישט אינטערעסירט. אויסער נאר ווען א שיף איז אונטערגעגאנגען ווי למשל די „טיטאניק״, א באן איז אראפ פון געלייזן, א נייער קאמעט-שטערן מיט א וויידל האט זיך באוויזן, וואס האט געדראט די וועלט חרוב צו מאכן, אדער מ׳האט ערגעץ-ווו געכאפט רייבער. יעדער נייעס האט דעם ייד אויף אזויפיל אינטערעסירט, אויף וויפל דאס נייעס האט עפעס א שייכות מיט יידן. יעדעסמאל ווען מ׳האט דערמאנט דעם „מאסקאלס״ נאמען, האט דער ייד צוגעגעבן דעם באקאנטן „ימח שמו״ און הנאה געהאט צו הערן, אז ער כאפט קלעפ פונעם „יאפאנציק״. דער ייד האט אין דעם געזען השגחת הבורא, אז די וועלט איז נישט הפקר.

געווען אין שטעטל א ייד ר׳ שיאלע ציצה׳מאכער האט מען אי גערופן. איך אלס קינד געדענק אים שוין ווי אן אלטן ייד מיט א גרייז-גרויער בארד, א ייד וואס האט גאר נישט געהאט און גאר נישט באדארפט. ער האט זיך אויסגעשפינען זיין ביסל כפולשמונה׳דיקע ציצית און יידן מהדרין האבן נאר גענוצט זיינע ציצית און פון דעם האט ער זיין חיונה געצויגן. געגעסן יעדן טאג „אנבייסן״, נאכן דאווענען, ארום 10 א זייגער, ברויט מיט א שטיקל ציבאלע, שטארק איינגעטונקן אין זאלץ, אויפן מילעכדיקן טישטעכל מיטן בלאען קאנט און פארטרונקן מיט א גלעזל שווארצע „ציקאריע״, און „וועטשערע״ ביי נאכט, א טעלער מיט נישט באשמאלצענע קארטאפל, אויפן פליישיקן טישטעכל מיט רויטן קאנט, צוגעביסן א שטיקל, גוט איינגעריבן ברויט מיט קנאבל און פארטרינקן א כמעט נישט פארזיסט גלעזל טיי און דערנאך געדאנקט און געלויבט דעם השי״ת, וואס איז א „זן ומפרנס הכל״. אט א דער ציצה-מאכער האט געהערט רעדן אין דער סאנדזער קלויז, צווישן מנחה מעריב, פון דער רוסיש-יאפאנישער מלחמה, אז דער מאסקאל כאפט קלעפ, האט ער קודם כל געדאנקט דעם השי״ת פאר זיינע חסדים, וואס ער באצאלט דעם מאסקאל י״ש פאר זיין רודפן יידן ערשט דאן געפרעגט ר׳ לייבאלע יושעס ע״ה (לייבאלע דים) ווו בעצם יאפאן געפינט זיך, צי אין חוץ לארץ צי אין ארץ ישראל.

3

## דער סאניטארער מצב אין שטעטל

אין שטעטל איז נישט געווען קיין שפיטאל, נאר 2 דאקטוירים, איינער א ייד ד״ר טורקעלטויב און דער צווייטער ד״ר פאראיעוווסקי-גאנץ, אויף וועמען מ׳האט געזאגט, אז ער איז א גע׳שמד׳טער ייד. געווען מיט לאנגע יארן צוריק א דאקטער מיטן נאמען פרייזינגער, א ייד וואס האט זיך אין לינסק גופא געשמדט, חתונה׳ האבנדיק מיט דעם לופקאווער גלח׳ס טאכטער, וואס א לינסקער ייד אליין האט אים פארשדכנט און וואס דאס איז געווען דער גורם פון זיין שמדן זיך. די יידן אין שטעטל האבן פונדעסוועגן אים נישט פיינט געהאט, ווייל ער האט ארעמע יידן געהיילט אן געלד און אפילו נאכן שמדן, גערעדט יידיש און ליב געהאט צו קומען צווישן יידן. עס האט נישט איינמאל געטראפן, ווען מ׳האט אים גערופן צו א חולה, אז די מוטער אדער דאס ווייב פונעם חולה, זאל א זאג

טון „אוי הער דאקטער! אלע משומדים זאלן אזוי האלטן ווי דער חולה האלט״. ער פלעגט דאס הערן און לאכן, ער האט געוווסט, אז אים מיינט מען נישט. עס איז אויך געווען א שטעטישער דאקטער, וועמען מ׳האט גערופן „פיזיק״, אבער אים האט מען ווייניק גענוצט. אויך א פעלטשער איז געווען אין שטעטל, וועמען מ׳האט גערופן „רופא״. בכלל האבן די יידן אין שטעטל א דאקטער זייער ווייניק גענוצט, אויסער שוין ביי א גאר שווערן חולה. ווען א ייד האט זיך נישט „גוט״ געפילט, זענען שוין געווען אויסגעפרווטע מיטל אן א דאקטער. האט מען זיך „נישט גוט״ געפילט פונעם ברוסטקאסטן אראפ — אין די ערשטע זאך געווען צו נעמען צום „אפפירן״, פונעם בויך אבער העכער — איז דאס בעסטע געווען צו שטעלן „באנקעס״. אויף דעם זענען אין שטעטל געווען גענוג מומחים און מומחה׳טעס און מ׳האט נישט באדארפט אנקומען צו א דאקטער, העכסטענס צום „רופא״. צום דאקטער איז מען געגאנגען ווען די אלע באבסקע מיטל און די אויסגעפרווטע סגולות האבן שוין נישט געהאלפן.

ביי א „יולדת״, א קימפעטארן, נאכן קינד האבן, ביי וועלכע מ׳האט זעלטן באנוצט א דאקטער, נאר די „באבע״, די העבאמע, האט דאס קינד אפגענומען, האט מען דאס בעט, ווו די יולדת געלעגן, פארהאנגען מיט ווייסע בעט-ליילעכער און אויפן ווייסן ליילעך און אויף די 4 ווענט פון שטוב, אויפגעהאנגען „שיר המעלות׳לעך״, א סגולה געגען שדים און מזיקים. אונטערן קישן פון די יולדת האט מען ארונטערגעלייגט דאס ספר „רזיאל המלאך״, א קבלה ספר וואס האט זיך געפונען כמעט אין א יעדער יידישער שטוב און אין וועלכן קיינער האט קיין ווארט נישט פארשטאנען.

איז דאס נייגעבוירענע קינד געווען א ייגגל, זענען דרדקי קינדער מיטן בעלפער יעדן טאג געגאנגען „קרישמע ליינען״ (קריאת שמע). דער בעלפער האט געזאגט מיט די קינדער די ערשטע פרשה פון „קריאת שמע״ און „המלאך הגואל״ וכו׳ און יעדער קינד האט באקומען א באמבאנע. שבת האבן די קינדער באקומען „זכר-קיכלעך״ אין אין דעם לעצטן טאג פארן ברית — לעקעכלעך. אין דער וואכ-נאכט, ד.ה. א נאכט פארן ברית, האט מען די קימפעטורן נישט געלאזט אליין, ווייל דעמאלט איז א סכנה, אז די שדה׳כע „לילית״, דאס ווייב פונעם שדים-קעניג „אשמדאי״ זאל חלילה דאס קינד נישט אוועק-כאפן, כדי מ׳זאל עס נישט קענען „יידישן״.

4

דער ענין שדים איז שטארק געווען באקאנט אין שטעטל און כמעט א יעדער האט געוווסט א סך מעשיות צו דערציילן פון זיי. איך געדענק אלס קינד, ווי א ייד פון וואלי מיכאווע, האט ביי אונדז אין שטוב דערציילט א מעשה שהיה, וואס האט מיט אים אליין געטראפן. ער איז אמאל געפארן ביי נאכט אויך א מארק-טאג אין א דערבייאיקן שטעטל, אין א סוף חודש, ווען די שדים האבן א גרויסע שליטה, מער ווי אין א לבנה נאכט. פלוצים האט אים א צאפ דעם וועג פארשטעלט און ער האט געמוזט שטיין בלייבן. דער צאפ איז ארויפגעשפרונגען אויפן וואגן און ער איז ווייטער געפארן, פרייענדיק זיך אז דער

רבש״ע האט אים צוגעשיקט א כשר׳ע מציאה. ווען ס׳האט אנגעהויבן צו זשערייען האט ער דערזען אז ער שטייט אויפן זעלבן ארט, ער האט זיך אבער באלד געכאפט וואס דא איז און האט דעם צאפ אראפגעטריבן. דער צאפ האט זיך געשטעלט אויף זיינע צווי אונטערשטע פיס, געלאכט און נעלם געווארן. ערשט דעמאלט האט ער געקענט ווייטער פארן. די מעשה פון שלמה המלך מיטן אשמדאי האט יעדע יידישע מאמע געוווסט.

געווען אין שטעטל א ווייבל, וועלכע מ׳האט גערופן די „שדה׳עכע״ און דאס גאנצע שטעטל האט געוווסט די מעשה, וואס האט מיט איר געטראפן: די איז געווען אין די לעצטע וואכן פון איר „טראגן״. איינמאל אין א מארק-טאג, אין א דינסטיג, האבן מענטשן זי געזען לויפן אויפן וועג צום סאן און שפעטער האט מען זי געפונען אונטער דער היזעלאווער בריק אין א קאלוזשע בלוט און דאס קינד איז נישט געווען. ווי זי האט שפעטער דערציילט, האט זיך איר געדאכט, אז זי פארט צום רימאנאווער רבין, מער האט זי נישט געדענקט. אין שטעטל איז געווען א באוווסטע זאך אז אונטער דער בריק האלטן זיך אויף שדים און ביי נאכט געפינען זיי זיך ביי די אפגוס-פלעצער פון דער קאנאלי-זאציע. פארדאס האט מען געזאגט „היט אייך״ ביים אויסגיסן א בעקן אומריין וואסער ביי נאכט, כדי נישט צו טשעפען מיט זיי.

## ס ג ו ל ו ת

זייער באוווסט און זייער פאפולער אין שטעטל זענען געווען די סגולות. כמעט אויף יעדער זאך איז געווען א באזונדערע סגולה. אויף אן „עין הרע״, אדער ווי מ׳פלעגט עס רופן אין שטעטל א „גוט אויג״, זענען געווען זייער א סך סגולות, א חוץ פון פרעווענטיווע סגולות פון אפהיטן אויף נישט צו באקומען א גוט אויג. קליינע קינדער האבן געטראגן אויף די הענטלעך רויטע בענדאלעך, א סגולה בדוקה אויף נישט צו כאפן א גוט אויג. בכלל איז די רויטע פארב געווען א גרויסע סגולה געגען אן עין הרע. ווען א פרעמדע פרוי האט אנגעקוקט א קליין קינד, האט זי ביי אוועקגיין, 3 מאל דאס קינד אנגעשפיגן, פו, פו, פו און געזאגט דעם שפרוך „קיין בייז אויג זאל אים נישט שאטן״. אויך האט מען ביי דער פרוי גענומען א פאדים פון איר קלייד, אז אין פאל, ווען דאס קינד האט דאך געכאפט א גוט אויג, מזאל קענען דעם פאדים פארברענען; אן אויסגעפרוווטע סגולה.

געגען א גוט אויג גופא, זענען געווען אויסגעפרוווטע מיטל פון דור דורות. איידער מ׳האט דאס קינד געלייגט שלאפן, האט מען עס „אפגעלעקט״ און געשיקט צו א מומחה אנשפרעכן א גוט אויג, סיי מ׳האט געקלערט אז דאס קינד האט יא א גוט אויג סיי נישט, שאטן קען דאס אנשפרעכן קיינמאל נישט, ווען דער „אנשפרעכער״ האט געגענעצט, און דאס האט ער אלעמאל געטון, איז געווען דאס בולטער סימן אז מ׳האט א גוט אויג. וואס שטארקער דאס גענעצן איז געווען, אלץ שטארקער האט געזאלט זיין די עין הרע . . . אויך איז געווען א דבר ידוע די סגולה פון „אפלעשן״ טרוקענעם, שבת׳דיקן קוילעטש,

אדער אויסגעלאָשענע קוילן. ווען דאס ארויפגעגאָסענע וואסער אויפן קוילעטש אדער קוילן האט געזאָטן, און דאס איז ביי קוילן אלעמאל געווען, איז דאס געווען א זיכערער סימן אז ער האט געהאט א גוט אויג. דער גרעסטער מומחה אויף אנשטפרעכן א גוט אויג אין געווען טוביהלה שמש. ער איז אויך געווען א גרויסער מומחה, אין „אויסמעסטן דאס פעלד״, א סגולה בדוקה געגען יעדער קרענק אויסן פאדעם פונעם אויסגעמאסטענעם פעלד, האט חנה חיה, פון אונטער דער צערקווע, געמאכט א קנויט צו א וואקסן לעכט און דאס לעכט געגעבן אין שול אריין. חנה חיה איז אויך געווען א מומחה׳טע אויף צו גיסן וואקס ווען א קינד האט זיך דערשראקן און מ׳האט נישט געוווסט פון וואס. לויט דער פיגור, וואס איז ארויסגעקומען פונעם געגאסענעם וואקס, האט זי תיכף דערקענט, פון וואס דאס קינד האט זיך דערשראקן. גרעסטנטיילס איז עס געווען א הונט. זי איז אויך געווען א מומחה׳טע פון טרייבערן „גראשלען״.

אן אנדערע מומחה׳טע אין שטעטל אויף „אפברענען א רויז״ איז געווען אין מיינע קינדער יארן, טויבאלע ביליג. מ׳האט באדעקט די וואנדל-רויז מיט א רויט טיכל, אנגע-צונדן א שטיקל פלאקס און זאגנדיק א געוויסן שפרוך, ארומגעדרייט דעם ברענענדיקן פלאקס איבערן רויטן טיכל. דאס האט אלעמאל געהאלפן, אזוי איז געווען אנגענומען. א אנדערע רפואה אויף א רויז איז נישט געווען. עס איז געווען אנגענומען, אז די רויז פארשעמט זיך פארן פייער און פארגייט. אויף צו געווינען א משפט מיט א גוי, אדער ווען איינער האט געהאט א שטרעפלעכן משפט איז געווען א סגולה; ארויפשטעלן א יארצייט-לעכט אויף דער באבקע. עס זענען אויך געווען נאך אנדערע סגולות.

אזוי האט בערך דאס לעבן אין אונדזער שטעטל אויסגעזען און אזוי האבן אונדזערע אבות געלעבט ביזן ערשטן וועלט-קריג.

**שמעון פרידלנדר**

## יוגנט זכרונות

אין די ווינטערדיקע שבת-פארנאכטן, נאך מנחה, ווען דער טאטע ע״ה,ביים טיש זיצנדיק, פלעגט מיט א מאנאטאן שטיל טרויריקן ניגון זינגען „שלוש סעודות״ זמירות — האב איך אלעמאל אלס קינד, געפילט אן אומרואיקייט, א פחד, א בענקעניש, נישט וויסנדיק פארוואס און פאר ווען. די טאפלפענצטער אין שטוב זענען געווען „פארקאוועט״, ד.ה. שטארק פארפרוירן און אויסגעזען ווי באמאלן מיט פארשידענע רויזעלעך און פיגורן, די שאטנס אויף די ווענט זענען פאמעלעך וואס אמאל העכער געקראכן, די נאכט איז צוגעפאלן. דאס מאנאטאנע, פחד-ווארפנדיקע אוונט קלינגען פונעם נישט ווייטן קאשטשאל, דאס גלעקלן פון א דורכפארנדיקן שליט, האט זיך צוזאמענגעשמאלצן מיטן טאטנס טרויריקע ניגונים און צוזאמענגעפרעסט און געדריקט מיין קינדיש געמיט. דער פראסט אין דרויסן האט „געקנאקט״ און אין שטוב איז שוין גאנץ פינצטער געווארן.

די מאמע הי״ד פלעגט זיצן ביים שוין כמעט קאלטן אויוון, פון וואנען די היץ איז שוין לאנג אוועק. דער וואסער-גוי איז מיינסטנס שבת נישט געקומען פארשטעקן. ד.ה. פאריטשן דעם ריטשער פונעם אויוון. ווען ער פלעגט שוין אמאל יא פאריטשן, איז גרעסטנטיילס געבליבן א „גלאוונע״, ד.ה. א נישט אינגאנצן אויסגעברענט שטיקל האלץ און מ׳האט געהאט א לויפעניש צו כאפן א גוי אין דרויסן, ער זאל צוריק אויפריטשן. פונעם סמאנט און רויך האט מען אין שטוב נישט געקענט איינזיצן.

פאר פחד און אומרואיקייט פלעג איך זיך טוליען צו מיין ליבער מוטער, מורא׳-האבנדיק אפילו די אויגן צו עפענען. די ווייסע בלישטשענדיקע מאלערייען אויף די פארפרוירענע פענצטער-שויבן, האבן אין דער פינצטערניש נאך בולט׳ער אפגעשטארן און שטארק געשראקן. פון דער צווייטער זייט האט אבער פאנטאזיע גערייצט דוקא צו וועלן קוקן. די קינדישע פאנטאזיע האט אין זיי געזען געשטאלטן און פיגורן פון די מעשיות, וואס איך האב אין חדר געלערנט. אט זע איך אין זיי געשטאלטן פון פרעה׳ס רייטוועגענער, נאכלויפנדיק די יידן ווען זיי זענען ארויס פון מצרים, און אט זע איך משה רבנו, מיט זיין ווייס גרויער בארט, מיט זיינע צוויי הערנער-שטראלן אויפן קאפ, מיט זיין וואונדער-שטעקן אין דער האנט, ווי ער שפאלט דעם ים, א בילד וואס איז געווען איינגעקריצט אין מיין זכרון פון דער פסח׳דיקער הגדה.

דאס אויער כאפט אויף די שטילע טרויעריקע מעלאדיעס פונעם טאטנס שלוש סעודות׳-דיקע זמירות, ער דאנקט און לויבט השי״ת פאר זיינע חסדים און דאס שטילע לויבן און בעטן, ברעכט דורך די ווייטע הימלען און קלאפט אן ביז צום כיסא הכבוד אליין, ווייל די צייט פון שלוש סעודות איז א „עת רצון״ אין הימל. אזוי האט אונדז דער „רבי״ געלערנט.

די געשטאלטן אין די שויבן בייטן זיך. אט זעט די קינדישע פאנטאזיע דעם רבש״ע, בכבודו ובעצמו, ווי ער שטייגט אראפ פון די הימלן, נישט פארלאזנדיק זיך אויף קיין שליח, און פירט אריבער זיין פאלק ישראל איבער דעם געשפאלטענעם ים אין דער טריקעניש און די וואסרן שטייען ווי הויכע מויערן ביז די יידן זענען אריבער אין טרוקעניש.

די מאמע הי״ד דערציילט מעשה׳לעך פון די הייליקע ספרים, וועלכע זי האט קיינמאל פון דער האנט נישט געלאזט, פון „שבט מוסר״, פון „קב הישר״ און פון „מנורת המאור״, מעשה׳לעך פונעם „גן עדן״ און פונעם „גיהינום״ און די פיגורן אויף די פארפרוירענע שויבן בייטן סיך ווידער. אט שטייט פאר מיינע אויגן אן עלטערער איינגעבויגנער ייד מיט א טלימיקל אויפן רוקן, וועמען דורכגייענדיקע מענטשן האבן דערקענט אלס שוין לאנג טויטן, ווי ער שטייט נעבעך אין דער קעלט און מיט פארפרוירענע הענט, האקט ער זיך אליין האלץ אין וואלד כדי זיך אליין אין גיהינום ווידער צו פארברענען. ביי די מעשה׳לעך, פארמאך איך שוין אינגאנצן די אויגן, איך קען שוין מער נישט קוקן, איך ציטער פאר שרעק און פארגראב מיין קאפ אין דער ליבער מוטערס שויס.

דער מאמעס הארץ פילט דאס און זי בייט דאס טעמא פון אירע מעשה׳לעך. זי

דערציילט מעשה׳לעך, ווו זי, אירע עלטערן און אירע אור-עלטערן, זענען געבוירן און געלעבט, מעשיות, וועלכע זי אליין האט מיטגעלעבט און אזעלכע וועלכע מ׳האט איר דערציילט. די ליבע מאמע האט מיר נאך א סך מעשה׳לעך פונעם שטעטל דערציילט און די קינדישע פאנטאזיע האט די אלע מעשיות איינגעזאפט און באהאלטן אין די טיפסטע פאלבן פונעם מוח.

יארן זענען געלאפן, איך בין עלטער געווארן, איבערגעלאזט דאס שטעטל און אוועק, געקומען א היטלער י״ש און אויך מיין טייערע מאמע הי״ד האט דער אכזריות-גורל נישט פארשוינט און איז, אין איר טיפן עלטער, אומגעקומען דארט, צוזאמען מיט מיין טייערער שוועסטער גיטשע, איר מאן שלמה שטרענגער, איר טאכטער רייזאלע און זייער אייניקל פראדאלע הי״ד, צוזאמען מיט אלע יידן פונעם שטעטל. דאס יידישע לעבן דארט אין משך פון הונדערטער יארן איז אינגאנצן אפגעווישט געווארן.

איצט האבן זיך די אלע שלוש סעודות מעשה׳לעך אויפגעוועקט און בעטן זיך דערציילט צו ווערן, זיי מאנען, זיי פארדערן דערציילט צו ווערן. זיי ווילן עס זאל בלייבן א זכר פון זיי, פון א לעבן וואס איז אוועק און קען מער נישט צוריקקומען.

שמעון פרידלנדר

## מיין שטעטאלע לינסק

שוין עטלעכע 20 יאר זענען אוועק זייט דעם גרויסן חרבן, ווען דאס שטעטל איז אויסגעלערט געווארן פון איר לעצטן ייד. דאָך קען איך אלץ דאָס שטעטל נישט פארגעסן, ווו איך האָב מיינע שענסטע יונגע יאָרן פארברענגט.

שוין 40 יאר ווי איך האָב דאָס שטעטל איבערגעלאָזט, פונדעסטוועגן שטייט עס נאָך ווי לעבעדיק פאר מיינע אויגן. איך ווייס, אז קיין איין ייד איז דאָרט מער נישט דאָ, דאָך קען איך מיר דאָס שטעטל אָן די יידן נישט פאָרשטעלן.

נאָך זע איך דיך, שטעטאלע מיינס, ווי דו האָסט ביי אונז, יידישע קינדער, אויס-געזוכן. דורות אויף דורות האָבן יידן אין דיר געלעבט, קינדער געהאט, זיי חתונה געמאכט און אוועקגעגאנגען, כדי זייער פלאץ ווייטער איבערצוגעבן. זיי האבן אָנגעפילט דאָס אלטע „בית החיים" אין משך פון הונדערטער יאָרן און אויך אויפן נייעם „פעלד" איז שוין באלד קיין פלאץ מער נישט געווען. אזוי האט זיך איין דור איינגעוועבט, איינגע-פלאָכטן אינעם צווייטן, ס׳האט זיך געשאפן א מסורת פון דורות און אזוי צוביסלעך, צוביסלעך איז דאָס שטעטל פארייִדישט געוואָרן.

מיר, ייִדישע קינדער דאָרט, האָבן אין דיר שטעטאלע געפילט, ווי דו וואָלסט ספעציעל פאר אונז יידן אויפגעבויט געוואָרן. אויף יעדן בארג, אין יעדן טאל, אויף יעדן וועג און אויף יעדער סטעשקע דאָרט, האָבן מיר יידישע קינדער, געוואנדערט און גע׳חלומ׳ט. מיר האָבן דאָרט גאנץ גוט געפילט, אז די גויים האָבן אונדז נישט באזונדערס

ליב, איבערהויפּט האָבן מיר יידישע קינדער, די שנאה זייערע, אויף אונדזערע ביינער געפילט, ווען מיר האָבן אין דער אומגעגנט געוואנדערט, און זיי, די גויים, האבן אויף אונדז זייערע הינט אונגעהוזשעט, אָדער גאָר אונדז סתם געשלאָגן. מיר האָבן אָבער דעמאלט, שוין אלס קינדער, פארשטאנען, אז מיר זענען אין גלות און שוין דעמאלט, צוזאמען מיט אונדזערע עלטערן, גע׳חלומ׳ט פון משיח׳ען, וועלכען וועט אונדז פון דאָרט אויסלייזן.

מיר יידישע קינדער האָבן דאָס שטעטל געזען, ווי עס וואָלט, פון ששת ימי בראשית, נאָר ווי פאר אונדז באשאפען געוואָרן. יעדער וועג, יעדע סטעשקע האָט געהאט זיין תכלית. אפילו דער פאָטיק ביי סטאשקאלע באָכאנסקי מיט דער קיילעכדיקן ברונע דאָרט, זענען ווי צו דעם צוועק באשאפן געוואָרן, כדי די יידישע באלעבאסטעס זאָלן האָבן, פאר פסח, ווו די באָרשטש-פעסלעך צו פארווייקן. דער פאָטיק האָט אויך געדינט ווו צו כשרן נייע כלים, ערב פסח, ווען צו דער מקוה איז שווער געווען צוצוקומען. דער וועג אראָפּ אין בראס איז געווען — כדי די בית המדרש בחורים זאָלן קענען איינשעפּען אביסל פרישע לופט אין א זומער פארנאכט, נאָכן פארברענגען א גאנצן טאג צווישן די בית המדרש ווענט, — כדי יידישע טעכטער זאָלן, שבת נאָכמיטאָג, קענען שפאצירן צום „שוועבל-וואסער" און דאָרט אויסברענגען זייערע נייע טראכטן, — כדי יידישע חדר קינדער זאָלן זיך האָבן ווינטער ווו צו שליטלען. דער ליידיקער פלאץ, צווישן „הקדש" און שמיאנאווסקין, אויפן וועג אין „בראס", ווו פייביש הורוביץ׳ס אלטע אייזן איז יאָרן לאנג געלייגען און שוין געווען האלב איינגעזונקען אין דער ערד, איז געווען כדי — איינמאל אין 28 יאר, דארט די זון מחדש צו זיין, צו זינגען „טובים מאורות" און טוביה׳לה שמש זאל צוקלאפּן מיטן פייקל, — כדי די יידישע באלעבאסטעס זאלן האבן ווו, ערב פסח, צו נעמען געלן ליים, אויף ארומצוקלעבן די קאפעס ארום די אויסגעגליטע בלעכן און כדי צו האבן ליים א גאנץ יאר צו פארקלעבן יעדן פרייטיג, דאס טשאָלאנט. דאָס קליינע שטיקעל טאָל, ביים טהרה שטיבל, — כדי צו האָבן, ערב פסח, ווו צו פארברענען דאָס חמץ, וואהין א יעדער באלבאָס איז אליין געגאנגען מיטן איינגעפּאקטן חמץ, אין א הילצערנעם לעפל, מיט א געגדזענער פעדער דארין, איינגעפּאקט אין א שטיקל אלטן לייוונט און פארבונדען מיט א ווייסן פאדים. דאָס קליינע בערגל, ביים אריינגאנג צום בית עולם, — כדי צו וויסן ביז וואנען כוהנים מעגן נאכגיין נאך א לויה, ווי אויך לייב הערש צלאל׳ס זאל האָבן, ווו אויסצולייגן זיינע מצבות. דער פלאץ פאר דער גרויסער שול, — ווו מחדש צו זיין די לבנה און ווו צו שטעלן חופות.

אפילו דער סאן איז אויך באשאפן געוואָרן ווי נאָר פאר יידן. ערשטנס, כדי יידן זאלן קענען האָבן פרישע פיש אויף יעדן שבת, צווייטנס, כדי מ׳זאל מעגן אין שטעטעל זיך גט׳ן, ווען ס׳האט זיך אמאָל אין א יובל, געטראָפן א גט, נישט ווי איסטעריק און באליגראד, וואָס האָבן זיך געמוזט טליקען צו אונדז, כדי זיך צו גט׳ן, ווייל ביי אונדז האט מען געקענט איינשרייבן אינעם גט „מתא דיתבא על נהר סאן", און דריטנס, כדי צו האָבן ראש השנה ווו צו גיין צו „תשליך".

ווי פאר די אויגן זע איך דיך, שטעטאלע מיינס, אין א זומערדיקן פרייטיג פארנאכט. א זומערדיק, לייכט, ווארעם רעגנדל האָט דיך אָפּגעוואשן, און אויסגעצוואגן לכבוד שבת און אפילו אין דער לופט האָט זיך שוין געפילט שבת׳דיק. די לעצטע דאָרפס־פורלעך איילן זיך אָפּצופאָרן, כדי נישט חלילה דעם שבת צו פארשוועכן. דאָ און דאָרט לויפט נאָך א פארשפעטיקטע באלעבאָסטע אין קראָם אריין, צו כאפן א פלעשל עסיג פארן „שילאָטן״, אָדער גאָר, זי האָט פלוצים דערזען, אז עס פעלט איר אויס לעכט אויף צו בענטשן. די מער גערעאָטענע באלעבאָסטעס, איילן שוין צוריק פון דער שייטלמאכערין, פריש פאר־קעמט מיט א נעצל פון אויוון, אז דאָס שייטל זאָל זיך חלילה שבת נישט צעפאלן ביים אויסטון. די יונגע מיידלעך דרייען זיך שוין אויף די טראטוארן, אָפּגעוואשן, אָפּגעצוואגן, שבת׳דיק אָנגעטון, די האָר שיין פארקעמט, אָפּגעשמירט מיט געטרוקנטער פלוימען־יאָעך, כדי די פריזור זאָל זיך האלטן שבת. אט איילט שוין מוידל שמש מיטן הילצערנעם האמער אונטערן אָרעם און עס הערן זיך שוין א פארמאכען פון די לאָדנס. יעדער איילט אהיים. דאָ אין דארט זעט שוין יידן גייען דאווענען, מיט אויסגעקעמטע בערד, אָנגעטון אין די מסורת׳דיקע שבת׳דיקע מלבושים; אין שטריימל, אין דער זיידענער בעקעשע און פון אויוון די זיידענע ראזשיווילקע, כדי צו קענען נאָך פארכאפן דעם גאנצן „שיר השירים״ און נישט דארפן „יוצא״ זיין בלויז מיט די 4 פסוקים... א הייליקע רו איז אויסגעגאסן איבערן שטעטל. פון אלע פענצטער לייכטן ארויס די בענטשלעכט, מ׳פילט ווי די שבת מלכתא פלאטערט מיט אירע הייליקע פליגל, ברענגענדיק מיט זיך די „נשמות יתרות״. די גאס ווערט ווי אָפּגעקערט פון גייער, אפילו א גוי דרייט זיך נישט אין מארק. שטיל! שא! דאָס שטעטל רוט! עס האט פון זיך אראָפּגעוואָרפן די שמוציקע, וואָכנדיקע קליידער און זיך אין שבת־קלייד איינגעהילט. אלעס רוט! מ׳הערט נישט דרייען דעם שווערן ראָד פון דער דריי־ברונע, נאָר דאָס שטילע ריזלען פון די אָפענע ברונעס, וואָס גייען איבער ס׳האט נישט ווער איצט, וואסער צו נעמען. אלעס אין אלעם גיסט זיך צונויף אין איין הארמאָנישער הייליקייט, שבת! די שטילקייט, דער ייד, די געבאָרקעוועטע גאס, דער בית עולם, די בתי מדרשים, די קלויזן, די גרויסע שול, — אלעס אין אלעם טרענזלט זיך צוזאמען מיטן חזן „אור זרוע לצדיק ולישרי לב שמחה״. ווי גליקלעך ביסט דו דעמאלט, שטעטאלע מיינס געווען! דעמאלט האסט דו זיך נישט געשעמט מיט אונדז. דו מוזט דאָך, שטעטאלע מיינס מודה זיין, אז מיר מיט אונדזער שבת האָבן ביי דיר מער אויסגענומען ווי יאשעק מיט זיי שכרות, אז נאָר מיר האבן פון דיר א שטעטל געמאכט, ווען נישט מיר וואָלסט דו א דאָרף געבליבן. נאר מיין נישט, אז מיר האבן ביי דיר האָניג געלעקט! ניין, לגמרי נישט! נישט איינמאָל האבן מיר נישט דערעסן, מיר האָבן אָבער אכטונג געגעבן, דיר זאָל גאָר נישט פעלן. מיר האָבן דיך אין משך פון דורות אויסגעבויט, מיט אונדזער שווער פארהאָרעוועטן גראצער, דיך פארפוצט, פארשענערט און פונדעסוועגן דיר געגעבן די מעגלעכקייט, איבער אונדז צו רעגירן, כאָטש מיר זענען געווען דער רוב.

און נאָך מער! האט אונדז גאט, מיט טויזנטער יאָרן צוריק געהאָלפן, אז מיר האָבן געהאט א המן און פון אים פטור געוואָרן, — האָבן מיר דיר אין דעם טאג, מתנות געשיקט,

ראָס שענסטע און דאָס בעסטע. האָסט דו געפּייערט דעם געבורטס-טאג פון דיין גאט, וואס האט דיר געגעבן א רעליגיע פון מענטשן-ליבע, (אז אַך און וויי איז צו אזא מענטשן-ליבע) האָבן מיר דיר מתנות געשיקט, לעבעדיקע קאָרפּנס, אזש פון די קראָסנער טייכן. מיט וואָס אָבער האָסט דו אונדז באצאָלט? מיטן אָנפאלן פון דיינע „קאלענדעס" אויף אונדזערע טעכטער.

און איצט! ווי האסט דו דיך אויפגעפירט, ווען דאָס גרויסע אומגליק איז אזוי פלוצים אונדז באפאלן? ווען חיות אין מענטשן-געשטאלט זענען געקומען אונדז צו פארניכטן? די ערגסטע מאצאָכע, די שלעכסטע שטיפמאמע, האנדלט נישט אזוי ווי דו האָסט געהאנדלט. פאר א קילא צוקער האָסטו אונדז פארקויפט, כדי דו זאלסט בלייבן ביי אונדזערע, אזוי שווער פארהאָרעוועטע פארמעגנס. האָסט אויפגעקאָפּעט דאָס בית עולם און די ביינער פון אונדזערע עלטערן פאר די הינט געווארפן! איך בענק נאָכן יידישען שטעטאלע, אָבער נישט נאך דיר! דו וועסט נאָך דיין פארגעלטונג באקומען! כי אכל את יעקב ואת נוהו השמו, שפוך עליהם זעמך וחרון אפך ישיגם, תרדוף באף ותשמידם מתחת שמי ה׳.

פסח תשכ״ד (22 שנה לשואה).

**שמעון פרידלנדר**

## די גרויסע שרפה אין לינסק אינעם יאר 1886.

א ווינטערדיקער שבת פארנאכט. דער שטארקער פראסט האט די טאפלדיקע פענסטער-שייבן, מיט שווארצלעך-ווייסע רייזאלעך באמאלט. די נאכט פאלט צו, די שאטנס ציען זיך. ביים טיש זיצט דער טאטע מיינער ע"ה און זינגט, מיט א טרויריק, מאנאטאנישער מעלאדיע „מז-מור ל-ד-וד, ה׳ רו-עי לא אח-סר". אין שטוב בלאזט אן אומהיימלעכע קאלטקייט, נאכן אינדערפריאיקן הייצן פונעם וואָסער-גוי. די פינסטערקייט שטארקט זיך, ממש „וימש חושך", כאטש נעם זי אין די הענט. מורא׳האבנדיק פארן אייגענעם שאטן, טוליע איך זיך צו מיין ליבער מאמען הי"ד, וואס זיצט ביי דעם נאך קוים לעבלעכען אויוון און זאפּ איין אין זיך אירע מעשה׳לעך פון לינסק פון אמאל.

אט אזא מעשה׳לה וויל איך אייך דא דערציילן.

דער ווינטער איז געווען זייער א לייכטער, שפעט געקומען און פרי אוועק. שוין תחילת אדר האט דער שניי געטאיעט, נאך פאר פורים האט מען שוין ארויסגעזען אין שטעטל, די נאקעטע, שווארצע, מסורת׳דיקע בלאטעס. די מיעשטשאנעס האבן דאס יאר, צוגעאיילט מיטן צוזאמענשארן די קיפעס מיסט אין מיטן מארק, וואס האבן איבער-ווינטערט אונטער די שנייען, וואס מ׳האט, ווען ס׳האט אנגעהויבן צו „לאזען", מער געפילט ווי געזען. די זון האט געשיינט און געטרוקנט, די בערג ארום האבן אנגעהויבן

צו גרינען, ווו נישט ווו האט א בוים שוין געבלעטערט, קי האבן געמעקעט, בענקענדיק נאך דער גרינער לאנקע. דער רבש״ע האט זיין געצעלט, זיין הימל, מיט א העלבלויעם פרוכת איבערגעצויגן. אזא ווינטער, אזא פריער זומער, געדענקט מען נישט! עפעס, חוץ לדרך הטבע. אלט און יונג, קינד און קייט האבן גערעדט דערפון. איי, איי, איי, וואס דער רבש״ע קען!

עס זענען געווען א טייל יידן, די וועלכע האבן זיך געהאלטן פאר „חוקרים״ אין ביהמ״ד, ווייל זיי פלעגן טיילמאל יינגערהייט לערנען „פסוק״ און טיילמאל אויך געבלעטערט אין „עקדת יצחק״ און זיך פארדאס געהאלטן פאר „פארשטייער״, האבן אין דער גאנצער זאך געזען א סימן רע לישראל ר״ל. זיי האבן געטענה׳ט, אז דער רבש״ע פירט די וועלט בדרך הטבע און בדרך הטבע איז, ווינטער — ווינטער און זומער — זומער, אבער אלעס וואס איז מחוץ לדרך הטבע, האט עפעס א באדייט, מיינט עפעס. אט למשל, האבן זיי געטענהט, „לקוי המאורות״. סאיז מקובל, אז לקוי חמה, איז א סימן רע פאר די אומות העולם און לקוי לבנה דאקעגן איז א סימן רע חלילה פאר שונאי ציון, און כדומה נאך אזעלכע ראיות. אבער די חוקרים, די שווארצזעער זענען געווען א קליינער מיעוט. דער רוב האט געהאלטן אדרבה ואדרבה! דער רבש״ע פירט טאקע די וועלט בדרך הטבע, אבער דאס איז נאר בנוגע די אומות העולם, אבער זיין פאלק ישראל, וואס ער האט אויסדערוויילט, איז טאקע קיין נפקא מינה בדרך הטבע אדער מחוץ לדרך הטבע. אדרבה! מיט דעם חוץ-לדרך-הטבע, וויל דער רבש״ע מאכן א נחת רוח זיין פאלק ישראל. ער כביכול ווייסט, אז זיינע קינדער ליידן ווינטער זייער, ווערן אויסגעפרוירן און ממש געשוואלן פאר קעלט, האט כביכול זיי געגעבן א ביסל ווארמקייט כדי להחיות את נפשם. מיר טורן נישט אריינ׳חקר׳נען אין זיין וועלט וכל מה דעביד רחמנא לטב עביד. דער מיעוט אבער האט זיך אזוי גרינג נישט געלאזט איבערשפארן און איינער פון די חברים איז ארויסגעשפרונגען מיט א שפאגל נייע ראיה. מיט א ניגון פון נצחון האט ער א פרעג געטון, גלעטנדיק זיין, ביז צו די אויגן פארוואקסענע, געלע, קאלטענעוואטע בארד און אזוי האט ער אנגעהויבן: גיט א קוק; א הינדל וואס קרייעט דארף מען תיכף שחטן. איז דאך די קשיה פארוואס? ווייל עס קרייעט דארף מען עס שחטן? וואס איז דער מער? אלא מה, איז דער תרוץ, אזויווי דער רבש״ע האט באשאפן דאס הינדל צו לייגן אייער און דעם הון צו קרייען און זי, די הינדל הייסט עס, איז משנה מדרך הטבע, דורכדעם קומט עס צו שחטן, ווייל דער רבש״ע פירט די וועלט על פי דרך הטבע, און אזויווי די הינדל איז דאס משנה, האט זי קיין אנדערע תקנה ווי שחטן. די משונה׳דיקע קשיה האט דעם רוב אביסל געפלעפט, ער איז אבער באלד צו זיך געקומען און איינער האט געענפערט, מהא אינו ראיה! פון דעם איז נישט קיין ראיה. דער משל איז נישט גלייך צום נמשל! בשלמא א הינדל, דארף זיך טאקע פירן ווי דער רבש״ע האט זי באשאפן, על פי דרך הטבע, אבער דער מענטש, וואס איז באשאפן „בצלם״, א מענטש וואס האט א בחירה, איבערהויפט א ייד וואס איז דער נזר היצירה, וואס כביכול האט אין זיינע תפילין די פרשה „מי כעמך ישראל״, יידן וואס זענען למעלה מהמזל, קומט איר

און ברענגט א ראיה לסתור פון א הינדל ? דער גאנצער סוד פונעם באשאפן דאס הינדל, ליגט דאך אין דעם, וואס דער רבש״ע האט געוואלט גורם זיין א נחת רוח זיין פאלק ישראל, אז ער זאל האבן אן אמתן עונג שבת און מיטן שחטן דאס הינדל לכבוד שבת, געפינט אויך דאס הינדל זיין תקון, ווי עס ווערט געברענגט אינם ,,זוהר הקדוש״, אבער געגענאיבער זיין פאלק ישראל, איז ביים רבש״ע נישט קיין חילוק, קיין נפקא מינה, בדרך הטבע אדער חוץ לדרך הטבע... דער רבש״ע פירט דעם עולם השפל ווי ער פארשטייט און ,,במופלא ממך אל תדרוש״.

2

אויך די באלעבאסטעס האבן אפגעקוואלן פון אזא ערב פסח. א קלייניקייט, אזא טרוקענער פאר-פסח! מ׳וועט קענען אלעס טון און אריינברענגען איה״ש דעם פסח א כשרן ווי עס באדארף צו זיין.

אזוי ווי מ׳האט מער נישט געהייצט אין די ווארמאויוונס אין די שטיבער, האט מען זיך געמוזט צואיילן מיטן בארשטש-אויפשטעלן און שוין פורים צייט, איז דער גאנצער פלאץ ביים פאטיק, אי ביי סטאשקאלען, אי אונטער שלמה׳לה טעפער, געווען פארנומען מיט פארווייקנדיקע בארשטש פעסלעך. דאס גאיעס האט מער נישט געפירט קיין וועגאלעך האלץ אין שטעטל אריין, נאר האט אנגעהויבן אריינצוברענגען פראדוקטן וואס מ׳דארף אויף יו״ט, קארטאפל, בארקעס, אקאלאטעס שטרוי וכדומה.

דעם גרעסטן נחת אבער האבן די באלעבאסטעס געהאט נאך פורים. די בלאטעס האבן זיך אויסגעטרוקנט, א גן עדן ווינטל האט געבלאזן, אויף אלטע דעקן און צעריסענע פלאכטעס, האבן זיך ספרים געליפטערט און דאס ווינטל האט די אלטע פארגעלטע בלעטער-געבלעטערט. אן אלטער טאטע איז געזעסן אין דרויסן און זיך געווארמט, אריינקוקנדיק אין א ספר און אינאיינוועגס אכטונג געגעבן אויף די ליפטערדיקע ספרים, די בלעטלעך זאלן זיך נישט צעפליען. דא און דארט זענען בלעטלעך געפלויגן פון אן אלט סדור׳ל, קינדער זענען נאכגעלאפן, געכאפט די ,,שמות״, א קוש געטון און איבער-געגעבן זיי דעם זיידן. אויף די אויסגעטרוקנטע אלטע פלויטן, האבן זיך געליפטערט, שווארצע, באפעדערטע בעטגעוואנטן. זייער אינלעט, וואס איז אמאל געל געווען, האט געזען די ליכטיקע שיין נאר איינמאל אין א יאר, פאר פסח. איינאטעמענדיק די פרישע לופט, האבן זיי זיך אביסל אויסגעוויעטשעט פונעם ווילגאטש ריח.

דאס שטעטל איז דעמאלט זייער ארעם געווען, נאך מער ווי ווען איך געדענק עס. א גאנץ יאר האט מען זיך באגענוגנט מיט שה״י פה״י, מיט וואס עס איז, אבי דאס חיות צו דערהאלטן. אויף פסח אבער האט מען נישט געשפארט, אויף פסח האט מען געמוזט קאלעכן, ריין וואשן, מאכן אדער פאררעכטן א שטיקל מלבוש און אנגרייטן אלעס אויף אכט טאג פארויס. די ארבעט איז פארדאס געווען אין פולן ברען. באלעבאסטעס האבן זיך געאיילט, אויסצונוצן די שיינע צייט און געיאגט זיך מיטן קאלעכן. א קשיה אויף א מעשה, באלד קען דאך קומען א רעגן, אדר טאר מען נישט גלויבן. יעדן טאג האט מען

געהערט פארשידענע געשרייען פון אן אנדערער דירה. דא האט דער מוירער געהייסן אויסרוימען און ער איז נישט געקומען און די באלעבאסטע איז געבליבן מיט אלע בעבעכעס אין דרויסן, נישט וויסנדיק וואס אנצוהייבן צו טון. דארט ווידער האט דער מוירער נאך אנגעפייפט; ער האט איינמאל געקאלעכט און פארגעסן די אדרעס צו קומען דאס צווייטע מאל און אלעס געלאזט שטיין אין דער מיט. באלד הערט מען ווי א באלע-באסטע קריגט זיך מיטן געוועלבער, הלמאי ער האט איר געגעבן שלעכט בלוס צום קאלעכן, די אויסגעקאלעכטע שטוב זעט ממש אויס ווי א טעמניצע, נישט בלוס נאר סאדזע האט ער איר געגעבן. באלד הערט מען געשרייען פון א אנדערער דירה, מ׳קריגט זיך מיטן מוירער, ווייל מ׳זעט אן אלע בערשטלעך.

אויך אנדערע קריגערייען האבן נישט געפעלט. דא קריגט זיך א מאן מיטן ווייב, הלמאי זי האט אים געהייסן צו פרי אויפשטעלן די ראזשינקע וויין און אין ביהמ״ד זאגט מען, אז דורך די היצן, קען נאך די וויין צופיל יערען און ס׳קען נאך חלילה זיין א חשש חמץ. דארט ווידער קריגט זיך א באלעבאסטע מיטן מצה-בעקער, הלמאי ער האט זי אויסגענארט און איר נישט געגעבן דעם ערשטן אויוון, ווי זי אין געווינט און ווי ער האט איר צוגעזאגט: „נאך פון מיין מאמען ע״ה בין איך געווינט צום ערשטן אויוון״, — שרייט זי — איך קען אויף אזא זאך נישט מותר זיין. איה״ש איבער א יאר, מיר זאלן דערלעבן מיט אלעם גוטן, וועט מיין פוס זיין שוועל נישט מער איבערטרעטן״.

בקיצור, עס איז געווען איבעראל ליהודים. אן רוגזה, אן עגמת נפש גייט עס א פנים נישט. א חוץ דעם מוז דאך זיין אביסל רוגזה, ווייל אן דעם קען נאך חלילה דער בארשט׳ש נישט געראטן.

3

אבער ווי זאגט די וועלט; אזויווי ס׳איז נישטא קיין שלעכטס אן עפעס גוטס, אזוי איז אויך נישטא קיין גוטס אן עפעס שלעכטס. דער אומנאטירלעכער, לייכטער קורצער ווינטער, די טרוקעניש און דער פריער זומער, האבן זייער קנאפ געמאכט דאס וואסער אין די ברונעס און יידן האבן זיך געזארגט, ווו מ׳וועט נעמען וואסער אויך פסח, אויף גאנצע 8 טעג פארויס, כדי חלילה נישט נכשל צו ווערן אין א חשש חמץ, ווייל די ערלים עסן אין פסח חמץ ביי דער אפענער ברונע און טרינקן נאך דעם וואסער פון אונטערן רייערל, מיט זייערע חמצ׳דיקע טרפ׳נע פיסקעס. אויך די שמירה-מעל פארקויפער זענען ארומ-געגאנגען אן קעפ. יעדעס יאר האבן די דארפס-שיקסעס געמאלן די שמירה ווייץ אויף זשארנעס, וואס מ׳האט יעדעס יאר אויפגעשטעלט אין די ווייבערישע בתי מדרשים און קלויזן. דאס יאר האט דער פריער זומער, ס׳גאיעס ארויסגעיאגט אין די פעלדער, פארדאס איז נישט געווען ווער ס׳זאל מאלן די שמירה ווייץ, כאטש גילט זיי אפ אפילו. די זשארנעס זענען געשטאנען פאר׳יתומ׳ט; כאטש טו אין זיך חלילה א מעשה. איז עס דען פאר אויס-געמוטשעטע יידן, פון דאגות פרנסה און פון לערנען, איז עס דען פאר זייערע כוחות צו שטיין און צו מאלן אויף זשארנעס? און דא לויפט אן דער פסח!

פורים צייט, ווען דער חלף איז שוין געלעגן אויפן האלדז, האבן די שמירה סוחרים מכריז ומודיע געווען אין אלע בתי מדרשים און קלויזן, אז אזויווי ס'איז נישטא ווער ס'זאל מאלן די שמירה ווייץ, איז, ווער עס וויל האבן שמירה מצות אויף פסח, מוז אליין קומען מאלן אויף דער זשארנע. אין שטעטל איז געווארן א בהלה, ווייל וועלכער ייד וויל דאס דען פארציכטן אויף שמירה מצות, כאטש אויף די סדר נעכט? יידן האבן זיך פארשארצט די ארבעל און גענומען זיך צו מאלען מ'האט געשוויצט, פארביסן מיט א קנאק-יענקל און ווייטער געמאלען ביז מ'האט אפגעמאלען. א גאנצער פאלקלאר האט זיך אין משך פון יארן, פון אט א דעם מאלן געשאפן, אבער דא איז נישט דער ארט, זיך אויף דעם אפצושטעלן. דער עיקר, אלע יידן האבן געפראוועט די סדרים מיט אליין געמאלענע שמירה מצות. (ז. „ר' ישעיה בעריש דער רעוואָלוציאנער").

4

די ערשטע טעג פסח זענען אוועק אן א מכשול. און ווי עס פירט זיך ביי יידן, זענען חול המועד אפגעהאלטן געווארן אספות און קלפיס פון אלע חברות, ווי למשל: בקור חולים, תלמוד תורה א.ג.. ס'זענען אויסגעקליבן געווארן נייע גבאים און ווי דער סדר עולם איז, האבן די נייע גבאים געשטעלט טעפ וויין, שביעי של פסח ביינאכט נאך דער סעודה, ווען יידן קומען זיך צונויף אין בית המדרש, מ'גיסט וואסער אויף דער ערד (בריק), מ'זינגט שירת הים און מ'טרינקט.

אינמיטן דער שירה, ווען יידן זענען שוין געווען אביסל בגלופינ'דיק, האט זיך פלוצים געהערט א געוואלד, ס'ברענט!

אנגעהויבן האט זיך די שרפה א גאנץ קליינע. ביי יידל מאיר אויפן בוידעם, דארט ווי עס איז שפעטער געשטאנען משה בער גוטווירט'ס הויז, האבן זיך שמאטעס אנגעכאפט. מיט איינס, צוויי קאנען וואסער, האט מען עס געקענט גרינג אפלעשן. אזויווי אבער ס'איז געווען יו"ט און דער שבת גוי איז נישט געווען, און אזויווי דעמאלט איז שביעי של פסח ביינאכט געפאלן אין א זונטיג, ווען אויך ביי די גויים איז געפאלן זייער פסחא חאגע, האבן אויך די גויים נישט געוואלט מחלל יו"ט זיין, איבערהויפט ווייל די שרפה איז געווען ביי א ייד, האט זיך די שרפה מורא'דיק צעשפרייט. איך וויל נישט שטארק מאריך זיין, די שרפה האט זיך צעפלאקערט אין א גרויס פייער און מ'האט שוין נישט געקענט ראטעווען. די אויסגעטרוקנטע שינדעל-דעכער און די אלטע געבויטע הייזלעך האבן געקנאקט און געפלאקערט א שרעק. איידער מ'האט זיך אומגעקוקט איז א הייזל שוין געווען אפגעברענט. צום אומגליק נאך האט זיך געמאכט א גרויסער ווינט און געטראגן ברענענדיקע גלאוונעס פון איין עק שטעטל צום צווייטן און דאס פייער האט ארומגענומען אלע 4 עקן. די ברונעס זענען געווען לער, אויסגעטרוקנט, ס'איז אפילו נישט געווען מיט וואס צו לעשן. מענטשן האבן נאך דעם דערציילט, אז זיי האבן אליין געזען, ווי ווייסע טויבן פליען מיט שטיקער פייער אין די פיסקעס און צעטראגן דאס פייער אין דער

גאנצער שטאט. אין אמתן אבער האט דאס געמוזט זיין פליענדיקע ברענענדיקע שינדלין וואס דער ווינט האט געשלעפט פון איין ארט צום צווייטן.

דער טומעל און די געוואלדן אין שטעטל זענען געווען אין לשער! מ׳האט גאר נישט געפרוווט אפילו עפעס אפצוראטעווען, אפילו דער וואס האט שוין עפעס יא אפגעראטעוועט און ארויסגעשלעפט אין דרויסן, איז עס אין דרויסן פארברענט געווארן. די בארקאוואניע שטיינער האבן געגליט און די שיך האבן געטראסקעט פון היץ. די היץ איז געווען אזוי גרויס, אז מענטשן זענען שיער נישט פונעם זינען אראפ, און דורכדעם האבן זיי תיכף נישט משיג געווען, ווי גרויס זייער אומגליק איז. אויך דיביימער פונעם בית עולם האבן פון דער היץ אנגעכאפט. מען דערציילט, אז משה זעליג שוחט, דעמאלט נאך א יינגער מאן, איז געשטאנען און זיך צוגעקוקט ווי זיין הייזל ברענט און פלוצים, ווי פון א „אמוק״ באפאלן, איז ער אריינגעלאפן אין דער ברענענדיקער שטוב און באלד צוריק ארויסגעלאפן מיט א אפגעזענגטער באָרד און מיט 2 זשמעניס פעדערן, וואס ער האט ארויסגעכאפט פון א ברענענדיק איבערבעט.

די בהלה איז גאר נישט צו באשרייבן. ווייבער און מענער האבן געכאפט די שלאפנ-דיקע קינדער, זיי האבן געכאפט אלטע טאטע מאמע אויף די פלייצעס און געלאפן מיט זיי אויסער דער שטאט, כדי דאס נאקעטע לעבן אפצוראטעווען. שכנים האבן געהאלפן, קימפעטורינס ארויסצוטראגן מיט די בעטן. אלע זענען געלאפן. מ׳האט נאכדעם דערציילט, אז דודל מאיר מאטיס (לערנער), איז געלאפן מיט זיין משפחה, צו זיין ברודער יוסף בער לערנער, וואס זיין הייזל איז געווען צווישן די גרופע הייזער, וואס זענען דאסמאל נישט אפגעברענט געווארן און ממש מיט שמחה געזאגט: יוסף בער, ווי האלסט דו, איך בין שוין ב״ה פארטיק, איך בין שוין געבליבן ווי דו זעסט מיך. אזוי ווייט איז דער מענטש געווען פארטומעלט און ניש געוווסט אפילו וואס ער רעדט. מ׳האט זיך תיכף נישט געכאפט, ווי ווייט דאס אומגליק איז גרויס.

אויפן וועג קיין פאסטעלאוו, נאכן ליקאוויצער וועג, איז געשטאנען אן אלט „לאטערהויז״, אן אלטע גוזשעלני פונעם גראף, ווו מ׳האט אמאל געברענט בראנפן. אזש ביז דארטאהין זענען מענטשן געלאפן און דארט אויף דער בלויסער בריק, אויסגעלייגט די שלאפנדיקע קינדער.

## 5

א גאנצע נאכט האט דאס פייער געבושעוועט און אין דער פרי איז שוין מער קיין יידיש שטעטל נישט געווען, א חוץ א גרופע הייזער, וואס האט ארומגענומען די הייזער פון יצחקל דים, ארום און ארום, משהלה פאטיס, (גלאזער) שלום חיל איציקס (זינגער) יוסף בער לערנער, דודי גוטליב, שיינדל ליבע ראפאפורט, ביז צוריק צו יצחקל דים. עס ווייזט אויס, אז די גזרה איז באמת געווען, אז דאס גאנצע שטעטל זאל אפגעברענט ווערן, נאר דער רבש״ע האט די גרופע הייזער איבערגעלאזט דערוייל לפליטה, כדי מ׳זאל האבן ווו די קראנקע אנידערצולייגן. נישט מיט א סך יארן שפעטער, איז די גאנצע גרופע הייזער

מיטאיינמאל אפגעברענט געווארן. פון די פריש אויפגעבויטע הייזער, איז ביי דער שרפה, קיין איין הויז נישט פארברענט געווארן.

די גויישע הייזער, א חוץ א טייל הייזער וואס זענען געווען צעווארפן צווישן די יידישע, זענען נישט פארברענט געווארן. די גויים האבן געהיטן זייערע הייזער מיט נאסע שמאטעס און קאנען וואסער אויף די דעכער און אפגעלאשן תיכף די ברענענדיקע גלאוונעס, וואס דער ווינט האט אנגעטראגן.

צומארגנס זענען נאר פארבליבן, נאקעטע, הויכע קוימענס. דאס גאנצע יידישע שטעטל איז אוועק מיטן פייער. דאס גאנצע ביסל יידישע ארעמקייט האט דאס פייער אויפגעגעסן. בורוועסע, האלב נאקעטע, מיט די צעפליקטע זיידענע בעקעשעס האבן זיך די יידן ווי שאטנס ארומגעדרייט, צווישן די חרבות, נישט האבנדיק ווו דעם מידן קאפ אנידערצולייגן, נישט האבנדיק אפילו כדי מזון סעודה אחת. צוביסלעך, צוביסלעך האט דער ייד ערשט אנגעהויבן צו באגרייפן, ווי גרויס זייער בראך איז, ווען ער איז פלוצים נקי געבליבן פון אלעם, וואס ער האט געהאט. פון אסיקוראציע האט מען אין שטעטל דעמאלט נאך נישט געוווסט און יעדער איז נאר געבליבן מיט די מלבושים, וואס ער האט געהאט אויף זיך.

דער דעמאלסדיקער סטאראסטע, אן אמת'ר אוהב ישראל, קראווציקעוויץ, האט ער געהייסן, בראנסקי'ס א שווער, האט תיכף אלארמירט די ארומיקע יידישע שטעטלעך און געבעטן הילף און שוין אחרון של פסח זענען אנגעקומען וועגענער מיט עסנווארג. יידן בני רחמנים פון די ארומיקע שטעטלעך האבן געשיקט קאסטנס מיט מצות, פעסלעך מיט אפגעקאכטן בארשטש און דאס שטעטל דאבראמיל האט געשיקט אפילו א פעסל מיט כרעמדזלעך פאר די קינדער.

א דאנק דער שתדלנות פונעם סטאראסטע, האט די עסטערררייכישע רעגירונג יעדן נשרף געגעבן א סומע געלד, טייל אלס שטיצע און טייל אלס לאנגיעריקע הלואה, כדי ער זאל זיך קענען צוריקשטעלן אויף די פיס. דער גראף קראשיצקי האט יעדן נשרף געגעבן אומזיסט האלץ, וויפיל ער האט באדארפט. די שטיצע מצד יידישע קהילות איז אויך געווען געוונג שטארק און צוביסלעך האט דאס שטעטל זיך צוריק אויפגעבויט.

לאנגע, לאנגע יארן נאך, לאנג נאך דער שרפה, האבן יידן נאך גערעדט פון איר, איבערהויפט שביעי של פסח ביינאכט, ווען דאס שטעטל האט זיך ,,געיערט". דאס יאר 1886 איז געבליבן אין שטעטל א דאטע, לויט וועלכן מ'האט גערעכנט גע-שעעניש וואס האבן אין שטעטל געטראפן אזוי און אזויפיל יאר נאך דער שרפה, אדער פאר דער שרפה.

שמעון פרידלנדר

## יוגנט-זכרונות, די ימים נוראים

די „ימים נוראים" האבן זיך אין שטעטל אנגעהויבן א חודש פאר „ראש השנה". אין א העלן, שיינעם שפעטזומער טאג, האט מוידל, דער קהילה שמש, בערך עלף א זייגער פארמיטאג, געקלאפט אין שול אריין און דער „עולם" האט זיך דערמאנט, אז היינט איז ערב ראש חודש אלול און דאס רופט מען צו „יום כפור קטן". מיט דעם בעצם האבן זיך די ימים נוראים אנגעהויבן.

דאס בלאזן „שופר", אנגעפאנגען פונעם צווייטן טאג ראש חודש אלול, דאס זאגן אין משך פון גאנץ אלול דאס קאפיטל תהילים „לדוד ה' אורי וישעי וכו'", דאס אנהייבן גיין אויפן „פעלד", כדי דערמאנען זיך אין די נאענטע, וועלכע רוען שוין אינעם ליכטיקן „גן עדן", דאס באזוכן אין איין-וועגס, די קברים פון די רבנים און צדיקים, כדי אלע צוזאמען זאלן דארט לויפן בעטן פאר די, וועלכע דרייען זיך נאך דא ארום, — דאס אלעס האט דעם ייד אינעם קליינעם שטעטל געברענגט צו „התעוררות", צו „חשבון הנפש".

איך האב דעמאלט אלס קינד, דאס אלעס נישט פארשטאנען, איך האב אבער אין טאמע-מאמעס פנימ'ער, אינסטינקטיוו, דערקענט אן ענדערונג. עפעס ווי א שלייער פון טרויריקייט האט פארדעקט זייערע פנימ'ער, זיי זענען ארומגעגאנגען צוגעלייגט, פארטראכט, דאס דאווענען האט לענגער געדויערט און בכלל האב איך געפילט די ענדערונג און נישט געוווסט פאר וואס. אלס קינד האב איך די ימים נוראים נישט אזוי שטארק ליב געהאט, איך האב מער מורא געהאט פאר זיי. די מיסטישע הייליקייט פון די הייליקע טעג, האבן א געוואלדיקע ערבוביה אנגעמאכט אין מיר און געררייצט מיין פאנטאזיעפולע, קינדעשע נשמה.

שוין דער ערב יום כפור אליין איז געווען אנדערש ווי אן אנדערער טאג. משה זעליג שוחט און זיין ערב-יומכפור'דיקער שמש (א גאנץ יאר האט א שוחט נישט געהאט קיין שמש, נאר ערב יום כפור יא, ווייל דער שוחט איז דעמאלט א „שליח מצוה", און עס איז א פחד, אז ער קען נאך חלילה גע'ניזק'ט ווערן פון די „מזיקים") יאסאלע, דעם רב'ס שמש, פלעגט נאך אין דער טונקל,ביים ליכט פון א גרויסער „לאמטער", שעכטן די „כפרות". געדאווענט האט מען גאנץ פרי, ווי ערב פסח, און דער גבאי פון דער סאנדזער קלויז, דעמאלט ר' לוזער גראפעל ע"ה האט געטיילט לעקעך, פון א קאלירט, ריין קישן-ציכל, און בראנפן פאר אלע מתפללים און באזונדערס אכטונג געגעבן, אז יעדער קינד זאל באקומען א שטיקל לעקעך.

דער מנחה ערב יום כפור איז אויך געווען אנדערש ווי אלע טעג. דאס קלאפן „על חטא" שוין ביים מנחה-דאווענען האט א מיסטישן פחד, א מרה שחורה ארויפגעווארפן, דערצו נאך דאס אויסגעשפרייטע היי אויף דער קלויז-בריק, ווי יואל שמש איז געשטאנען מיט א קאנטשיק פון 4 רעמענדלעך אין דער האנט, און יעדער ייד האט זיך אויסגעשטרעקט

אויפֿן היי מיטן פּנים אַראָפּ און דער שמש האָט אים געגעבן 4 שמיץ. דאָס זענען געווען סימבאָלישע „מלקות" פֿאַר די עבֿרות, וואָס ער האָט אין משך פֿונעם יאָר עובֿר געווען. יעדער יומטובֿ'דיקע סעודה איז געווען אַלעמאָל אַ לוסטיקע, אַ פֿריילעכע מיט אירע „זמירות", די סעודה אָבער, ערבֿ יום כּפּור פֿאַרנאַכט, פֿאַרן פֿאַרפֿאַסטן, די „סעודה מפֿסקת", איז אַדורך גאַנץ שטיל און זיך געענדיקט מיטן טרינקען די טראַדיציאָנעלע „שוואַרצע קאַווע", וואָס איז געווען, ווי מײַן ליבע מוטער הי"ד פֿלעגט זאָגן, אַ רפֿואה בדוקה קעגן דורשט אין אַ תּענית.

דאָס וויינען פֿון דער ליבער מוטער ע"ה ביים ליכט בענטשן, דאָס אַנוואונטשן אונדז קינדער אַ גוט יאָר און זיך און דעם ליבן פֿאָטער ע"ה, געזונט און גוטע עלטער, (דעמאָלט האָב איך דאָס אַנוואונטשן נאָך נישט פֿאַרשטאַנען, הײַנט פֿאַרשטיי איך שוין גאַנץ רופֿן, דאָס „נשמה-לעכט", וועלכעס איז געשטאַנען אויפֿן טיש ביי די בענטש-לעכט, רופֿן, דאָס „נשמה-נעכט", וועלכעס איז געשטאַנען אויפֿן טיש ביי די בענטש-לעכט, איינגעשטעקט און אַן אַלטן טאָפּ אָנגעפֿולט מיט זאַמד, וואָס האָט אינסטינקטיוו דערמאַנט אינעם טויט, וואָס האָט אויף אונדז קינדער, אונהיימלעך געווירקט און פֿאַר וועלכן מיר האָבן זיך גאָר שטאַרק געשראָקן, נישט וויסנדיק אַפֿילו וואָס טויט באַדייט, — די הייליקע ספֿרים, וועלכע זענען געווען אָנגעלייגט אויפֿן טיש ביי די בענטש-לעכט, — דאָס אַלעס האָט געפּרעסט און געדריקט מײַן געמיט און אויך מיך געבראַנגט צום וויינען.

מײַן קינדעשע פֿאַנטאַזיע האָט זיך דעמאָלט דעם רבש"ע פֿאָרגעשטעלט, נישט ווי אַלעמאָל, אַלס אַ „אל רחום וחנון", אַלס אַ דערבאַרעמדיקן און העלפֿנדיקן גאָט, נאָר איך האָב גאָט דעמאָלט געזען ווי אַ „אל קנא ונוקם", וואָס וויל זיך אינעם מענטש נוקם זײַן, ווייל דער מענטש האָט געוואַגט אים נישט צו הערכן! איך האָב דעמאָלט געזען גאָט ווי דעם רבין מײַנעם, ווען ער שמײַסט אַ 4—3 יעריק קינד, וואָס וואַרפֿט זיך אונטערן קאַנטשיק און ער, דער רבי, האָט אַ הנאה פֿונעם קינדס וואַרפֿן זיך און פֿון זײַנע יסורים.

איך האָב געוווּסט, אַז איך זינדיק דערמיט, ווייל מײַן ליבע מוטער ע"ה האָט מיר געזאָגט אַז גאָט ווייסט וואָס יעדער מענטש קלערט און איך האָב מורא געהאַט און ממש געציטערט פֿאַר שרעק, אַז דער רבש"ע זאָל זיך חלילה נישט נוקם זײַן אין מײַנע ליבע עלטערן פֿאַר מײַנע זינד. דער שרעק האָט מיר צוגענומען אַפֿילו די הנאה פֿונעם ריח פֿון די וואַקסענע לעכט, וואָס איך האָב אַלעמאָל ליב געהאַט, וועלכע זענען געווען אויס-געשטעלט אויף די קלויז-טישן, אײַנגעשטעקט אין זאַמד, אין פֿאַרשידענע אַלטע כּלים, גרעסטנטיילס אין אַלטע באַנבאַנעס-פּישקעס און אויסגעזען ווי אַ לאַנגע שורה פֿון מצבֿות. אַזוי־ווי אָבער איך האָב געוווּסט, אַז צו „כּל נדרי" קומען אַלע נשמות אין קלויז אַריין, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט ווי איך זע די אַלע נשמות פֿלאַטערן אַרום די פֿלאַמען פֿון די ברענענדיקע לעכט און דורכדעם טאַפּיען זיי...

פֿאַר שרעק האָב איך זיך באַהאַלטן אונטערן טאַטנס ע"ה טלית, מײַן קינדישע נײַגעריקייט האָט מיך אָבער געריצט אַפּירצוקוקן פֿון אונטערן טלית, כּדי צו זען די פֿלאַטערדיקע נשמות. וואָס נשמה איז, האָב איך דעמאָלט אַזוי גוט נישט געוווּסט, ווי

איך ווייס היינט נישט, איך האב געוווסט אז נשמה איז א זאך וואס מ׳זעט נישט, וואס געפינט זיך נאר ביי גאט אין דער האנט און וואָס געפינט זיך יעדן 12 א זייגער ביינאכט אין דער גרויסער שול און קען אויפרופן יעדן ייד, ווען גייט דארט דעמאלט פארביי.

יום כפור אין דער פרי בין איך שוין געווען רואיקער אביסל, און דער פחד איז כמעט אינגאנצן אוועק. די העל שיינענדיקע זון האט אלעמאל מונטערער געווירקט ווי די קאלט פארשטארטע לבנה. איך האב שוין דעם רבש״ע גאנץ אנדערש געזען, נישט אזוי אנגע׳ברוגז׳ט, נישט אזוי שלעכט. איך האב געוואלט ער זאל גוט זיין, איבערהויפט צו מיינע ליבע עלטערן, ווייל ווי געטון האט מיר דער צער פון זייער פלאגן זיך א גאנצן טאג אין קלויז, זייער פאסטן און זייער דאווענען א גאנצן טאג.

צו נאכט צו, צו „נעילה״ איז אפילו דער פחד ווידער גרעסער געווארן, אבער דאס לעבן, דער קומענדיקער יום טוב סוכות, איז שוין געווען שטארקער ווי דער פחד, ווייל איך האב געמוזט שטארק קאנצענטרירט זיין און שטיין אויף דער וואך און אכטונג געבן ווו איך וועל קענען, נאכן דאווענען, נעמען געטאפיעט וואקס פון אויסגעברענטע וואקס-לעכט, אז דער בעל בית פונעם לעכט זאל נישט זען, כדי צו האבן וואקס פאר די פיסקלעך פון די פייגל, וואס מען דארף אויפהענגען אין דער סוכה.

שמעון פרידלנדר

## זכרונות פונעם יאר 1908

אינמיטן ווינטער אינעם יאר 1908, האבן פלוצים אָנגעהויבן צו בלאָזן שטארקע געוואלדיקע ווינטן. די ווינטן האבן אזוי שטארק געבושעוועט אין שטעטל, אז עס איז ממש נישט מעגלעך געווען דורכצוגיין די גאס. די ווינטן האבן געריסן שטיקער פון די אלטע, געלאטעטע שינדל-דעכער, און אראָפגעריסן שילדן פון די געשעפטן.

אזויווי מהאט נישט געהערט אין שטעטל און אין דער אומגעגנט פון א „געהאָנגענעם״, וואס ברענגט, געוויינטלעך, מיט זיך גרויסע ווינטן, האבן די אויסערגעוויינטלעכע ווינטן אָנגעוואָרפן א פחד אין שטעטל. די יידן, איבערהויפט די יידישע מאמעס האָבן געפילט, אז עפעס „הענגט״ איבערן שטעטל, מי יודע מה? ווער ווייסט וואס? די מאמעס האבן מורא געהאט פארן שרעקלעכן מלאך המות, וואס מ׳רופט די האלדזקראנקייט ביי קינדער (דיפטעריע, כריפקע), וואס פלעגט יעדער פאָר יאָר פארמערן די קליינע בערגאלעך, אָן מצבות, אין דער זייט פונעם נייעם „פעלד״.

ווען די ווינטן האבן זיך סוף-כל-סוף איינגעשטילט, האבן זיך פלוצים, יעדן פאר-נאכט, באוויזן רויטע חמארעס, רויט ווי בלוט, וואס ווייזן, ווי אָנגענומען, אויף מלחמות.

אין אמתן האט זיך טאקע דער פאליטישער הימל שטארק פארוואָלקנט. ס׳איז אויסגעבראָכן א סכסוך צווישן עסטערייך און סערביען, וועגן דער אדמיניסטראטיווער

פארוואלטונג פון די פראָווינצן באַשניען-הערצעגאָווינע, וואס די עסטעררייכישע רעגי-רונג האט בשעתו באקומען פון דער טערקיי. ס׳האט געדראָט, אז פון דעם סכסוך זאל זיך אויסקאָכן א מלחמה. די עסטעררייכישע רעגירונג האט געמאכט א טייל — מאָביליזאציע און צווישן די איינגערופענע רעזערוויסטן זענען אויך געווען יידן פונעם שטעטל. דער 45ער אינפאנטערי רעגימענט, וואס איז געווען סטאציאָנירט אין פשעמישל, צו וועלכן אונדזער שטעטל האט געהערט, איז טאקע אָפגעגאנגען קיין סאראיעווע, די הויפטשטאט פון באַשניען. דאס גאנצע שטעטל האט זיך געקאָכט און יעדער האט געהאָלפן מיטוויינען מיט די משפחות, וואס זייער זון אדער מאן, זענען געפארן „איינריקען״. אזויווי צווישן די איינגערופענע איז אויך געווען מאלי סימאלע׳ס איידעם, ברוך האפערלינג, האט מאלי סימאלע׳ס אָרגאניזירט דאס גאנצע געסל און אלע ווייבער זענען געגאנגען „רייסן קברים״ אויפן בית עולם און אלע האבן מיטגעוויינט.

ווו די משונה׳דיקע מדינות געפינען זיך, האבן די יידן פונעם שטעטל נישט געוווּסט. דער נאָמען סערביען איז אפילו יא געווען אביסל באקאנט, ווייל כמעט אין יעדער יידישער שטוב האט זיך געפונען א סערבישער לאָס, וואָס מ׳האָט אמאָל באקומען דרשה-געשאנק פון ערגעץ פון ווייטען פעטער. אויך דער נאמען הערצעגאווינע איז געווען באקאנט, און דוקא צום גוטן, ווייל א פעקל טערקישער טאבאק (טיטין) האט געקאָסט 13 גרייצער, דאגעגן האט א פעקל הערצעגאָווינער געקאָסט 17 גרייצער, אבער דערנאמען באַשניע איז לגמרי פרעמד געווען אין שטעטל. עס זענען אפילו יא געווען א פאר משכילים וואס האבן עפעס יא געדענקט, אז בערך מיט 30 יאר צוריק, האט קיר״ה באקומען פונעם טערק א פאר מדינות מיט משונה מאָדנע נעמען, אבער נישט מער. זיי האבן נאר געוווּסט, אז אין די מדינות טראגן די מענטשן, אנשטאט קאפעליטשן, רויטע תרבושען מיט א שווארצן טראלדל, ווי ס׳האָט געטראָגן דער שליח פון ארץ ישראל, וואס איז אמאל געווען אין שטעטל און גערעדט נאָר לשון קודש, מיט א משונה׳דיקער אויסשפראך, נישט געזאגט קיין קאָמעץ און געזאגט „נאָטיין האטאָרא״ אנשטאט „נויסן האטוירע״.

די יידן אין שטעטל זענען בייז געווען אויפן סערב, הלמאי ער וויל אוועקנעמען ביי קיר״הן מדינות, וואס געהערן נישט צו אים. ווען זיי וואלטן געקענט, וואלטן זיי פון אים ממש געמאכט קרעפל-פלייש, אבער ווו די מדינות געפינען זיך און וואס בעצם דער סכסוך איז, האבן זיי נישט געוווּסט, און אין אמת׳ן האט דאס זיי אויך נישט אינטערעסירט. למאי נפקא מינה? וואס איז מיר דאס א נפקא מינה? און אין אמתן, פון וואנען האבן זיי דען טאקע געקענט באקומען ידיעות וועגן דעם, אז קיין צייטונגען האט מען נישט געליינט. די פאר יידן ווינדער, וואס פלעגן קויפן א צייטונג ביי מארים רבקה יענטעס, געוויינלעך א פוילישע, דעם „וויעק נאווי״, זענען נישט געווען פון דעם טיפ מענטשן, אז זיי זאלן קומען אין בית המדרש און דערציילן נייעס.

דאס איז געווען אין נארמאלע צייטן, אבער אז עס האנדלט זיך אין א מלחמה איז שוין עפעס אנדערש, דעמאלט האט מען זיך שוין אָנגעהויבן אינטערעסירן אין פאליטיק

און סטראטעגיע, אבער די פירושים פון פאליטיק און סטראטעגיע זענען געווען שטארק פארנעפלט. בעצם האט זיי פאראינטערעסירט נאר סטראטעגיע, אבער ביי זיי איז דאס געווען כמעט איינס און דאסזעלבע ווי פאליטיק. בעצם וואס פאר א פאליטיק קען גאר דא זיין, דאָ ווו דער סערב וויל פשוט צונעמען מדינות ביי קיר״הן? יעדער ייד איז געווען זיכער אז קיר״ה איז גערעכט, ווייל ווי קען עס דען אנדערש זיין? קיר״ה איז דאך א מלך חסד און יעדן 18טען אויגוסט האט מען געפייערט אין דער גרויסער שול זיין געבורטסטאג, וואהין עס פלעגן קומען אלע קריסטלעכע באאמטער, פונעם סטאראָסטע ביזן פאליציי-אינספעקטער, וואס האבן געטראגן 2 שפיציקע נאפאלעאן-היטן, ווייל אין שול דארף אפילו א גוי נישט ארייגקומען אין בלויסן קאפ, און געטראָגן שווערדן מיט פארגילדעטע הענטלעך. דער רב פלעגט האלטן א דרשה אין יידיש, שטייענדיק ביים ארון הקודש איינגעהילט אין א טלית און מלך חזן מיט זיין ,,קאפעלע״ האט געזונגען דאס קאפיטל תהילים ,,ה׳ בעזך ישמח מלך״, מיטן ניגון פון דער עסטערייכישער הימנע און אלע פריצים האבן זיך אויפגעשטעלט. אלא מה? דער סערב איז געווארן חוצפה׳דיק? קיר״ה וועט אים שוין ווייזן וואס עס הייסט זיין חוצפה׳דיק! די אלע שמועסן אין בית המדרש האבן זיך פארדאָס געדרייט איבער סטראטעגישע ענינים, ווי למשל ווי פיל זעלנער און קאנאנען קיר״ה האט און ווי פיל דער סערב, ווי גרויס קיר״הס מדינות זענען און ווי קליין דאס טל ומטר מדינה׳לה סערביען איז, און נאך אזעלכע זאכען.

ס׳האט זיך אפילו געטראפן אין בית המדרש סתם יידן, עקשנים, איפכא מסתברא׳-ניקעס פונעם סאָרט מאי קא משמע לן, אפשר פארקערט און וואס לאזט דאס מיך הערן? וואס האבן געפרעגט קלאָץ-קשיות, אפשר איז פאָרט קיר״ה נישט גערעכט, ווייל א ראיה, אז דער מאָסקאל האלט דוקא מיטן סערב, אבער אפילו די סתם פרעגער האבן ביי זיך געוווסט, אז קיר״ה איז דאך גערעכט און דער סערב איז א חוצפה׳ניק. אלא מה? פארוואס האבן זיי דאך געפרעגט די קלאָץ-קשיות און זיך שקצ׳וואטע פארהאלטן געגן א רוב עדה יידן? קען מען ענפערן אויף דעם, אז דער פרעגער האט גאר נישט געמיינט נאר צו רייצן דעם הויפטרעדנער אין בית המדרש, ווייל ער האט מיט אים געהאט אן אלטן חשבון מכוח גבאות און נאך אזעלכע זאכן. דער רוב ווידער האט אים תיכף אפגעענפערט פעסטע, זיכערע תשובות: ראשית פונעם מאסקאל איז לגמרי קיין ראיה נישט ווייל דוקא דער דייטש, וואס איז א סך שטארקער פונעם מאסקאל, און דער טערק און דער איטאל-יענער זענען דוקא מיט קיר״הן, און צווייטנס איז א דבר ידוע אז דער סערב איז א חוצפה׳ניק און מיר האבן א קימא לן אז א חוצפה׳ניק איז א רשע און נאך דאצו האט ער זיך מתחבר געווען מיטן מאסקאל וואס איז בעקאנט פאר א רשע און ,,ולא הלך הזרזיר אצל העורב וכו׳״.

דער סתם מקשן איז אוועק פונעם ,,רעדל״ ווי א ,,אָפגעשנאצטער״ און אוועק צו א צווייט רעדל, כדי דארט ווידער צו פרעגן דיזעלבע קשיות. אזוי זענען שוין די טיפן מענטשן וואס האבן ליב נאָר קשיות צו פרעגן.

די צענטראלע פונעם נייעס איז געווען אינעם אלטן בית המדרש, פאר מנחה מעריב

און דער המשך איז געווען נאכן דאווענען. ס'האבן זיך געשאפן „רעדלעך", ווו מ'האט געשמועסט און דיסקוטירט וועגן קיר"הן און דער מלחמה וואס אַט וועט זיך אנהייבן. דער רוב יידן אין די רעדלעך האבן געשוויגן און אין יעדן רעדל זענען געווען א צוויי דריי „פארשטייערס", וואס האבן דיסקוטירט צווישן זיך און יעדער פארשטייער האט זיך געהאט זיין צד צווישן די אויסהערער. נישט איינמאל האט זיך דער וכוח אזוי צעהיצט, אז איינער דעם צווייטן איז גרייט געווען צו צערייסן ווי א פיש, און א סך מאל האט אזא וכוח געברענגט ממש צו א מחלוקת, ווו איינער דעם צווייטן האט געוואָרפן זידל-ווערטער ווי שייגע, מחוצף, עזות-פנים און נאך אזעלכע זידל-ווערטער. גרעסטנטיילס אבער, האבן די וכוחים זיך געענדיקט אָן קריגערייען. איך גדענק א ייד, אברהמ'לה אהרליס (רובינפעלד) וואס האט זיך אין וכוח קיינמאל נישט באטייליקט, נאר ער פלעגט זיך געפינען א פלאץ צווישן צוויי רעדלעך, איין אויער האט ער אויפגעשטעלט צו איין רעדל און דאס צווייטע אויער צום צווייטן רעדל און אזויארום געהערט צוויי רעדלעך.

דער הויפט-שטאב, וואס האט געפירט די גאנצע מלחמה, איז געזעסן ביים אויוון-טיש. די „שטאב-מיטגלידער" האבן זיך נישט משתתף געווען צווישן די רעדלעך און געפירט זייערע זיצונגען שטיל, געלאסן, ווי עס פאסט פאר אזעלכע „הויכע לייט". די זיצונגען האבן זיך אנגעהויבן לאנג פאר מנחה מעריב און געפירט זיך נאכן דאווענען ביז בערך 8 א זייגער. דא זענען געזעסן סטאבילע „שטאבס-אפיצירן", יעדער האט געקענט זיין ארט און יעדער איז געווען א בקיא אין זיין פאך. דער פארזיצער פונעם שטאב איז געווען ר' לעמעל פליישמאן, אדער ווי מהאט אים אין שטעטל גערופן, ר' לעמעל פון באַד. ער איז דעמלט געווען אין די מיטליארן, מיט א געל, נישט קיין לאנג בערדל, גלאט דורכגעקעמט מיט די פינגער, וואס ער האט געהאלטן אין איין דורכפירן צווישן דער באָרד. אין נאָרמאלע צייטן האט ער קיינמאל נישט גערעדט און קיינמאל נישט געמישט זיך אין קהל זאכן, אדער אין ענין גבאות. די אויפגאבע וואס ער האט אויף זיך גענומען אין בית המדרש איז געווען, אכטונג צו געבן, אז די בית המדרש בחורים זאלן חלילה נישט „קאלי" ווערן; זאלן נישט ארייננקוקן אין חקירה ספרים און נישט לערנען ב"ך. אין פאליטיק האט ער זיך קיינמאל נישט געמישט, נאר געטריי אפגעהיטן זיין הייליקע אויפגאבע. ער איז אלעמאל ארומגעגאנגען א פארקלערטער און קיינמאל נישט געלאכט. א אינעווייניקסטע טרויריקייט איז שטענדיק געווען אויסגעגאָסן אויף זיין געל און מיד פנים. ער איז נישט געווען פון די גרויסע לומדים, גרעסטנטיילם האט ער געלערנט מדרש און ארייננגעקוקט אין מוסר ספרים. ער איז געווען שמואל בעדער'ס איידעם און צוזאמען מיטן ווייב, האט ער באקומען אלס נדן, א חזקה אויפן באַד און דאָס איז טאקע געווען זיין פרנסה. דער שווער זיינער, שמואל בעדער, איז געווען דער דיקטאטאר פונעם באַד, אָן זיין באפעל האט איוואן דער באַד-גוי, קיין איין קענדל וואסער ניט אויפגעגאסן. ר' לעמעל ווידער איז געזעסן ביי דער קאסע און פאר 4 קרייצער האט יעדער געקענט ארייננגיין אין שוויץ-באד און אויך באקומען א צעטענע-בעזעמל. פאר 6 קרייצער האט מען אויך באקומען א שאפקאלע, ווו צו פארשליסן דאס אָנגעטועכץ. א גאנצע וואך, א

חוץ דאנערשטיג און פרייטיג, האט ר׳ לעמעל נישט געהאט וואס צו טון און זיך געקענט אָפּווידמען זיין הייליקער אויפגאבע וואס ער האט אויף זיך גענומען, אכטונג צו געבן אויף די בית המדרש בחורים.

דאס איז אלעס געזאָגט געוואָרן אין נאָרמאלע צייטן, אָבער אין אזא צייט ווען די וועלט שאָקלט זיך, אין א צייט פון ערב-מלחמה — האט זיך אין אים אויפגעוועקט זיין איינגעבוירענער טאלענט פון א „סטראטעג", אזוויוי אבער סטראטעגיע איז געמישט, לויטן זיין מיינונג, אויך מיט פאליטיק, איז ער בעל כרחו געווארן אויך א שטיקל פאליטיקער. זיין הויפט מומחה׳שקייט אבער איז געווען סטראטעגיע. אי, פרעגט זיך א קשיה, ווו האט אזא ייד, ווי ר׳ לעמעל, וואס האט קיינמאל נישט געלערנט און נישט געליינט גארנישט, און א חוץ יידיש רעדן, האט ער קיין שפראך נישט געקענט, ווו האט אזא ייד פלוצים געקענט ווערן א סטראטעג, ווו האט ער גאָר גענומען ידיעות אין הלכות סטראטעגיע ? דאס איז א סוד. קיינער ווייסט עס נישט, פון וואנען ער האט די ידיעות באקומען, אבער א פאקט איז געווען, אז דאס גאנצע שטעטל האט געוווסט, אז ער איז א סטראטעג. ער איז פאר דאָס געווען דער פארזיצער פונעם „גענעראל-שטאב" און געפירט די זיצונגען. דער אָפּאָנענט זיינער איז געווען ר׳ אהרלה רובינפעלד, ער איז געווען דער שטענדיקער געגנער אינעם גענעראל-שטאב, נישט ווייל ער איז געווען א גרעסערער מומחה אין הלכות סטראטעגיע, אדרבה, ער האט אסך וויניקער פארשטאנען ווי ר׳ לעמעל אין דיני סטראטעגיע, נאר ר׳ אהר׳לה איז געווען געבענטשט מיט א מענה לשון, מיט א געשליפענע צונג, און זיין איינציקער תכלית איז נאָר געווען מכשיל צו זיין ר׳ לעמלען, צו ברענגען אים אין א פארלעגנהייט. אָט א דער ר׳ אהר׳לה איז געווען א האלבער חסיד און א האלבער מתנגד, דאס איז געווען געווענדט אינעם צווייטן צד. איז דער צווייטער צד געווען א מתנגד — איז ער געווען א חסיד, איז דער צווייטער צד געווען א חסיד — איז ער געווען א מתנגד. ער איז געווען א טרוקענער, שווערער ייד, נישט קיין בעל בשר, א גאנץ מאגערער און נישט קיין הויכער, אבער פון זיינע אויגן, וואס האבן ארויסגעסטארטשעט פון זיין מאגערן פנים, האט קיין גוטס נישט ארויסגעשיינט. געווען פריריקע יארן, וואס האט אליין געהאט א פאבריקל פון ערדענע טעפּ, אבער דאס פאבריקל איז איינמאל אין א נאכט אָפּגעברענט געווארן און ער האט עס נישט ווידער אויפגעשטעלט. ער איז געבליבן א סוחר פון ערדענע טעפּ און ערדענע פייקעס אין איינער פון שטעטישע בודקעס. ער האט זייער ליב געהאט זיך צו פּראָצעסירן, צו פירן משפטים מיט שכנים. א גרויסער למדן איז ער נישט געווען, אבער אין שטעטל האט מען געזאגט אז ער האט אן אדוואָקאטישן קאפּ. געווען א ירושה פלאץ, פונעם ווייב׳ס צד, בשותפות מיט אברהמ׳לה מעצלער און ס׳גאנצע לעבן האבן זיך געפירט פראצעסן איבער די ירושה. נישט איינמאל האבן שכנים, שבת פארן ליינען, אין דער סאנדזער קלויז, מעכב קריאה געווען, ד.ה. נישט געלאזט ליינען און געבעטן דעם רב און די מתפללים זיי זאלן זיך אריינמישן און אויסגלייכן, כדי פטור צו ווערן פון די משפטים, וואס ר׳ אהרלה משפט

זיך מיט זיי, אבער ער איז געווען א ייד, א עקשן און סאיז שווער געווען פטור צו ווערן פון אים.

ווי געזאגט, איז ער קיין גרויסער סטראטעג נישט געווען, ער האט נאר געוואלט ר׳ לעמלען דערגיין די יארן, מיט זיינע געקליגעלטע קשיה׳ס. נאך דעם ווי ר׳ לעמעל האט זיך באמיט פארשטיין צו געבן אויף דער מאפע, סליחה, אויף זיין באַרד מיין איך, ווי די סטראטעגישע לאגע זעט אויס, אז קיר״ה שטייט אויף דער זייט וואסער, ווי דאס וואסער הייסט האט ער נישט געוווסט, און דער סערב שטייט אויף דער צווייטער זייט וואסער און אינמיטן איז דא א בריק, (אין שטעטל האט מען גערעדט, אז דעם סוד פון דער בריק איז ער אמאל געוויער געווארן פון א זעלנער וואס איז געקומען אויף אורלויב) און אז ווען קיר״ה וועט נאר אריבערגיין די בריק, מאכט ער פונעם סערב תיכף א תל, איז תיכף ר׳ אהרלה ארויסגעשפרונגען מיט זיין מאי קא משמע לן? וואס הייסט, האט ער געפרעגט ברוגז׳דיק גלעטנדיק זיין קליין, אביסל גראָ בערדל. ערשטענס האסטו ערשט נעכטן געזאגט, אז קיר״ה שטייט אויף יענער זייט בריק און דער סערב אויף דער זייט, און היינט זאגסטו פארקערט און צווייטנס, וואס הייסט קיר״ה וועט אריבערגיין די בריק? וועט זיך דען דער סערב לאזן? ער האט דאך אויך זעלנער און אוודאי אויך קאנאנען! מיט דער גאנצער קשיה איז ר׳ אהרלה נאר אויסן געווען ר׳ לעמלען מבלבל צו זיין, אבער ר׳ לעמעל איז א ייד וואס לאזט זיך נישט אזוי שנעל מבלבל זיין און ער האט אים געענפערט שטיל, געלאסן, נישט אויפגערעגט, על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון. ערשטנס האט ער נעכטן נישט געזאגט פארקערט, ער האט נעכטן אויך געזאגט, אז קיר״ה שטייט אויף דער זייט און דער סערב אויף יענער זייט און צווייטנס למאי נפקא מינה? דער עיקר איז דאך, אז ווען קיר״ה וועט נאר אריבערגיין די בריק, מאכט ער פונעם סערב א תל, וועט ער פון אים קיין שריד ופליט נישט איבערלאזן. כולא עלמא ווייסט אז קיר״ה איז א סך א סך שטארקער ווי דער סערב. צו דעם טעם האבן אלע מסכים געווען, ווייל אויך ר׳ אהרלה אליין האט געוווסט אז קיר״ה איז שטארקער. מיט דער תשובה איז אינגאנצן פארענפערט געווארן ר׳ אהרלה׳ס געקליגעלטע קשיהס.

די זיצונג איז איבערגעגאנגען צום צווייטן פונקט פונעם סדר היום: ווי האלט עס מיטן טערק? אלע יידן אין שטעטל זענען געווען זייער שטארק אינטערעסירט אז ער זאל אריינגיין אין דער מלחמה לצד קיר״ה. ערשטנס וועט דאס צוגעבן קיר״הן א גרויסן כוח, צווייטנס ווען פאני וועט וועלן העלפן דעם סערב און אַנגרייפן קיר״הן פון דער צווייטער זייט, וועט דעמלט דער טערק אַנגרייפן פאַנין פון אונטן און פאַני וועט דארט האבן א גרויסע מפלה, לויט ווי ר׳ לעמעל האט דאס אלעס געגוי און דייטלעך געגעבן צו פארשטיין אויף זיין סטראטעגישער באַרד. דריטנס, און דאס איז דער עיקר, אין יעדער מלחמה, ווו דער טערק איז דארין, קען זיין אן אתחלתא דגאולה, אן אנהייב פון דער גאולה. ווער ווייסט? אפשר? אפשר וואט דאס טאקע זיין די מלחמה פון גוג ומגוג. די מלחמה גוג ומגוג ווידער קען נישט זיין אָן דעם טערק, דער בעל בית פון ארץ ישראל. אלע אויגן זענען פארדאס געווען געווענדט צו ר׳ שאיאלע דאַפלט, אדער ווי ער איז

געווען באקאנט אין שטעטל, ר׳ שאיאלע גריץ, דער דריטער אינעם גענעראל-שטאב, וואס האט קיינמאל נישט פארפעלט צו זיין אויף אלע זיצונגען, חאָטש ער איז נישט געווען בקיא אין הלכות פוליטיקה און אין די דינים פון סטראטעגיע. ער איז אבער געווען א גרויסער בקיא אין ענינים פון גן עדן און גיהינום און א גרויסער מומחה אין ענין אחרית הימים, ד. ה. אין ענין משיח.

ר׳ שאיאלע גריץ איז געווען בטבע א ייד א רגזן, זאל ער מיר מוחל זיין, האט געליטן אויף אסטמא און געווען זייער דעכעוויטשנע. ווען ער פלעגט זיך פארהיסן, האט ער קוים געקענט דעם אָטעם צוריקכאפן. איין מעלה האט ער אבער געהאט: ער האט קיינמאל נישט געזאגט זיין דעה, נאר דאס וואס עס ווערט געברענגט אין ספרים קדמונים. מיט אים האט מען קיינמאל נישט דיסקוטירט, ווייל ווער וועט עס וואגן, אפצולייקענען וואס קדמונים זאגן? די באליבטע ספרים פון וועלכע ער האט געברענגט זיינע מעשות זענען געווען דער „קב הישר״, דער „שבט מוסר״ און דער „מנורת המאור״, וועגן גן עדן און גיהינום און דער „פרקי דרבי אליעזר״ וועגן מלחמת גוג ומגוג און וועגן משיחן. און אינדעראמתן האט ר׳ שאיאלע, דורך פארשידענע, קאָמפליצירטע חשבונות און גימטרי־אות, אויסגעפונען פונעם פרקי דרבי אליעזר אז די וועלט שטייט פאר גרויסע געשעענישן און די מלחמת גוג ומגוג איז א סך נענטער, ווי די קדמונים האבן גערעכנט פריער. וועלכע מדינה עס איז דאס מלכות „גוג ומגוג״ האט ער אליין אויך נישט געוווסט, אבער אז עס איז דא אזא מדינה, איז ער געווען זיכער. אונדזער נישטווייסן ווו די מדינה געפינט זיך, האט ר׳ שאיאלע גע׳טענה׳ט, וועט די געשעענישן נישט אויפהאלטן. ער איז זיכער געווען אז איצט איז משיח׳ס צייטן. ער האט אויך אויסגעטייטשט „בעתר אליו תדרשו״, אז „בעתר״ מיינט תר״ע, דאס מיינט אין אנדערטהאלב יאר ארום. לויט זיין מיינונג שטייט איצט שוין גאר נישט אין וועג, אז משיח זאל קומען, נאר אז אין די אנדערטהאלבן יאר, דארפן די יידן זען תשובה צו טון, און אלעס וועט זיין אין ארדענונג. אבער איין זאך האט ר׳ שאיאלע אויסגענומען, אז דער טערק מוז אריין אין קריג, ווייל אָן אים קען נישט געמאלט זיין די מלחמת גוג ומגוג.

די זאך ווי׳דער, צו דער טערק וועט יא אריין אין קריג צי ניין איז שוין נישט געווען אין ר׳ שאיאלעס קאָמפעטענץ, און דער גאנצער ענין איז ווידער איבערגעגאנגען צו ר׳ לעמלען. נאכדעם ווי ר׳ לעמעל האט נאך אמאל געגעבן צו פארשטיין, אז דער טערק מוז אריין אין קריג, און אויך ר׳ אהרלה האט מסכים געווען מיט אים, האט זיך די גענערעלשטאבס-זיצונג אויפגעלייזט מיט גוטער האפענונג פאר דער צוקונפט, חאָטש ביי א טייל פון דיצוהערער האט זיך באמערקט א פחד אויף די פנימער, פאר די חבלי משיח וואס וועלן זיין איידער משיח וועט קומען, וואס זענען נישט איינמאל געשילדערט געווארן פון ר׳ שאיאלען אין זייער שווארצע פארבן.

**שמעון פרידלנדר**

# לינסק פאר דער ערשטער וועלט-מלחמה

## "חברות"

חברות זענען אין שטעטל געווען פארשידענע, אי חברות פאר סאציאלער הילף, אי פאר פארזאָרגן די בתי מדרשים און קלויזן מיט ספרים, אי פאר אויפהאלטן דאָס יידישקייט און צום סוף, „חברה קדושה" און „חברה מתעסקים" אויף צו פארזאָרגן דעם ייד אויף נאך זיין אָפלעבן.

איך וויל דאָ באשרייבן די חברות, וועלכע האָבן געזאָרגט פאר די לעבעדיקע:

## חברה בקור חולים

קיין שפיטאָל איז אין שטעטל נישט געווען. חברה בקור חולים האָט געזאָרגט צו שיקן נעכטיקער צו שווער קראנקע, דער עיקר צוועק פון דער חברה איז אָבער געווען, צו פארזאָרגן אָרעמע קראנקע מיט אומזיסטיקע דאָקטוירים און מעדיצינען.

די חברה האט זיך אויסגעהאלטן פון:

1) צו דער חברה האָבן געהערט א סך באלעבאטים וואָס האָבן געצאָלט וואָכנגעלד.

2) ווען די חברה האָט געשיקט נעכטיקער צו נישט-חברים, נישט אָרעמע, האָבן די קראנקע געצאָלט פאר די נעכטיקער און דאָס געלד איז געגאנגען פאר דער חברה.

3) ווען איינער האָט שבת געמאכט א „מי שברך" א קראנקן, איז דער נדר געגאנגען פאר דער חברה.

4) יעדע וואָך, זינטיג, האָט די חברה געשיקט צוזאַמענעמען די ביינער, וואָס די באלעבאסטעס האָבן א גאנצע וואָך צוזאמענגעזאמלט און דאָס אָפגעלייזטע געלד איז געווען פאר דער חברה.

5) יעדן פרייטיג איז ר' געצל וואסערטרעגער (האגלער) ארומגעגאנגען אין די הייזער מיט א פישקע, און דאָס געלד איז געווען פאר דער חברה. ער האט פאר זיין טרחה גאָר נישט גענומען.

## חברה תקון ספרים

חברה תקון ספרים האָט פארזארגט אלע בתי מדרשים מיט ש"ס, משניות, חומשים, עין יעקב, מדרשים, פוסקים, מוסר ספרים און איבערהויפט אלע ספרים וואס זענען נויטיק געווען. זי האט געזאָרגט צו קויפן נייע ספרים און אויך געלאָזט פאררעכטן אלטע. די חברה האט פארזאָרגט דאָס אלטע און נייע בית המדרש ווי אויך די סאנדזער קלויז. די גרויסע שול האט קיין ספרים נישט באדארפט, ווייל אין איר האט מען נאָר געדאוונט. די סאדיגערער קלויז האָט געהאט א באזונדערע תקון ספרים חברה. מיט דער חברה תקון

ספרים, האָבן זיך באשעפטיקט נאָר בחורים, לערנער פון בית המדרש. דאָס גבאות האָט איין בחור דעם צווייטן איבערגעגעבן, אָן וואלן.

די הכנסות פון דער חברה זענען געווען:

1) די עיקר הכנסה איז געווען פון די „קערות". געווען א מנהג ביי יידן צו גיין אויף „קבר אָבות" פון ערב ראש חודש אלול, יום כפור קטן, א חוץ די טעג ראש חודש, ביז ערב יום כפור, צו באזוכן דאָרט די נאָנטע וואס געפינען זיך שוין אויפן „עולם אמת". אויך איז געווען א מנהג צו באזוכן די קברים פון די צדיקים און בעטן זיי, זיי זאָלן זיין מליצי יושר פאר די לעבעדיקע, טוביה'לה און מוידל שמש האבן אויפן „פעלד" געוואַרט אויף די באזוכער און געמאכט „אל מלא רחמים" און באקומען באצאָלט פארדעם. חברה תקון ספרים האָט אויפגעשטעלט בענקביים אריינגאנג צום „בית החיים", אויפגעשטעלט אויף זיי בלעכענע שיסאלעך (קערות) מיט צעטלעך דארין, אויפגעשריבן: תקון ספרים, קנין ספרים, הכנסת כלה, בקור חולים, תלמוד תורה און נאך, אוועקגעשטעלט ביי די בענק מיט די קערות, ביהמ"ד בחורים און דאָס גאנצע געזאמלטע געלד פון די קערות איז געגאנגען נאָר פאר תקון ספרים. צו די ערשטע „סליחות", צו די סליחות ערב ראש השנה, צו די סליחות פון „שלוש עשרה מידות" ווי אויך הושענא רבה, האט מען אויפגעשטעלט קערות אין ווייבערישע שולן. אויך איז געשטאנען א קערה ערב יום כפור אין די מענערישע בתי תפילה, פאר תקון ספרים, צווישן אלע אנדערע קערות וואָס ווערן דעם טאָג אויפגע-שטעלט. די הכנסה פון די קערות איז געווען בערך 120 קראָנען א יאר, פאר יענער צייט א גאָר גרויסע סומע.

2) צוויי בחורים זענען יעדן פרייטיג ארומגעגאנגען אין די הייזער, צו זאמלען פאר דער חברה. אינעם קליינעם שטיבל פונעם אלטן בית המדרש איז מען יעדן שבת ארויס-געגאנגען „ליינען" און די נדרים זענען געווען פאר דער חברה. ביים „ליינען" האָבן די בחורים געהאט די געלעגנהייט זיך אויסצולערנען זיין „בעלי קורא" ווי אויך צו קענען דאווענען „מוסף" פארן „עמוד".

3) פון צייט צו צייט פלעגט מען „אויספלעטן" ספרים. דאס אויספלעטן איז געווען אזא מין לאָטעריע. מ'האט פארקויפט 200 אזעלכע לאָטעריע-צעטל צו יע 1 קראנע, ס"ה 200 קראנען. פאר דעם געלד האט מען געקויפט 2 סעט ווילנער ש"ס פון „אלמנה והאחים ראם" ווי אויך 2 סעט חומשים מיט אלע מפרשים. איין סעט ש"ס און חומשים זענען געבליבן אין ביהמ"ד און די צווייטע סעטס האט מען אויסגעפלעט. ביים לעצטן אויספלעטן האבן געווינען ש"ס בשותפות, ישראל קעסלמאן און שמואל קאָסטמאן.ביידי האָבן געקויפט איין צעטל.

## חברה תלמוד תורה

די חברה האט אכטונג געגעבן, אז קיין יידיש קינד זאָל נישט בלייבן אָן צו גיין אין „חדר". זי האָט געזאָרגט, אז די ארעמע קינדער, פאר וועלכע די עלטערן קענען נישט

צאָלן קיין מלמד-געלד, זאָלן לערנען אין א חדר און די חברה האָט פאר זיי געצאָלט. די חברה האָט זיך אויסגעהאלטן:

1) פון חודש-געלד. כמעט יעדער ייד, וואס איז נאָר געווען בכוח, האָט געצאָלט חודש-געלד.

2) יעדן פרייטיג האָט די חברה ארויסגעשיקט איינעם מיט א פישקע צו זאמלען אין די הייזער, כדי אויך די ווייבער מזכה צו זיין מיט דער מצוה פון תלמוד תורה.

3) די גרעסטע הכנסה איז געווען פון גיין „אָפּשפּילען" (דאָס אָפּשפּילען איז באשריבן אינעם ארטיקל „שמחות" אין שטעטל).

## חברה חומש וחברה לינה

די חברה איז געווען מערוויניקער אן אָפּגעשלאָסענע חברה פון בעלי מלאכות, מתפללים פונעם נייעם בית המדרש. דער צוועק פון דער חברה איז געווען: צו לערנען יעדן שבת פארטאָג „חומש", און זומער, יעדן שבת נאכמיטאג „פרק" (פרקי אבות). ר' פישל דיין ע"ה איז געווען זייער מלמד. די טישן אינעם נייעם בית המדרש, זומער, זענען שבת נאכמיטאָג, אלעמאָל געווען פול ביים פרק (פרקי אבות) לערנען. די חברה האָט אויך געשיקט „נעכטיקער" צו קראנקע חברים.

די חברה האט זיך אויסגעהאלטן פון חודש געלד וואָס די חברים האָבן געצאָלט.

דער פירער פון דער חברה, אָדער ווי ער האָט זיך גערופן „דער הויפט גבאי", איז געווען פישל מענדעל נעבעכס (פישל מארשאלעק). ער איז אויך געווען: דער גבאי, דער שמש און דער בעל תפילה פונעם נייעם בית המדרש, יעדעס יאָר, חול המועד פסח, ווען ס'רוב בעלי מלאכה האָבן נישט געארבעט, האָט מען דורך א קלפי, אויסגעוויילט 5 נייע גבאים. אין א יארמיקע האָט מען אריינגעלייגט צעטלן מיט די נעמען פון אלע מיטגלידער און די ערשטע 5 צעטל, וואס מ'האָט ארויסגעצויגן, זענען געווען די אויסדערוויילטע. זיי זענען געווען די הילפס-גבאים ביזן צווייטן יאר.

שמעון פרידלנדר

## סוכות אין שטעטל

אלע ימים טובים זענען אין שטעטל געווען באליבט און טייער. יעדער יו"ט האט געהאט זיין אייגנארטיקייט, זיין ספעציעלעס וואס א צווייטער האט עס נישט געהאט. דער פריילעכסטער יו"ט אבער איז געווען **סוכות**, ווייל ער איז באלד נאך די „ימים נוראים", נאך די וויינענדיקע, טרויריקע טעג, ווען דער ייד גייט ארום פארטראכט, פארקלערט אין די „עולמות העליונים", איז פארזארגט פארן קומענדיקן „יום הדין", פארן גרויסן, הייליקן „יום כפור".

סוכות איז דערפאר געווען א זער אנגעלייגטער יו״ט, מיט זיין גרויסער מצוה פון „לישב בסוכה״, ווען דער ייד ווארפט פון זיך אראפ אלע טעגלעכע זארגן, דעם גאנצן „גשמיות״ און גייט אריין, אויף גאנצע זיבן טעג וווינען אין סוכה, איז זיך מיחד מיט „קודשא בריך הוא״, מיט זיינע הייליקע „אושפיזין״, מיט די הייליקע אבות, וועלכע זיצן אין סוכה מיט אים אלע זיבן טעג. יעדער אין זיין טאג, סוכות מיט זיינע „ארבעה מינים״, מיט די „נענועים״, מיט זיינע „הושענות״ און מיטן גרויסן „הושענא רבה״, ווען די קוויטלעך, דער גורל פונעם מענטש, ווערן סופ׳עדיק גע׳חתמ׳ט און איבערגעגעבן; סוכות מיט זיין „שמיני עצרת״, ווען מ׳בענטשט „גשם״, אז דער רבש״ע זאל געבן, אין אויסדערוויילטן לאנד, רעגן אין זיין צייט און דאביי בעט שוין דער ייד, אין איין וועגס, דעם טלית איבערגעווארפן איבערן קאפ, אויף זיין גורל, אויף זיין משפחה, אויף זיין פרנסה. דער ווינטער שטייט שוין ביי דער טיר און ער און זיינע קינדער זיינען „בעירום ובחוסר כל״, מ׳דארף שיכלעך פאר די קינדער, מ׳דארף בורמעסלעך פאר זיי, מ׳דארף קארטאפל און האלץ אין שטוב אריין און די שטוב איז ליידיק. און צום סוף, סוכות מיט זיין „שמחת תורה״, מיט זיינע „הקפות״ און מיט זיין קריאת התורה.

אין דרויסן איז שוי׳ן הארבסט. די ברייטע געסקע-און חזיר-נוס-ביימער, ביים שפאציר-גארטן, ביי דער אפענער, קיילעכדיקער ברונע, ווארפן שוין אראפ זייערע געצייטיקטע פרוכט צוזאמען מיט גרין-פארגעלטע בלעטער. דער ווינט טרייבט די בלעטער אין דער הויך און פארשפרייט זיי אין דער גאנצער שטאט. שווארצע, געל-ברוינע וואלקן טרייבן אונטערן פארשטעלטן הימל, ליידיקן זיך שנעל אויס און פילן זיך באלד אן פון דאס ניי, גלייך ווי זיי וואלטן קיין צייט געהאט, ווי עס וואלט זיי ווער אונטערגעיאגט. דער שפאציר-גארטן ליגט פארלאזט, פאר׳יתומ׳ט, די סטעשקעס דורכגעווייקט, פאר-בלאטיקט, די „מאטקא באסקא״ שטייט טרויעריק, פארוויינט, דערמאנענדיק זיך די זינד, וועלכע מ׳האט אלץ נישט, אין זומער, נעבן איר אפגעטון. די פעלדער ארום דעם שטעטל ליגן נאקעט, ווי אפגעגאלט, פארטרערט, קיינער קוקט זיך אויף זיי נישט אום. א גאנצן זומער האט מען זיך מיט זיי געצאצקעט, אבער איצט דארף מען זיי שוין נישט און זיי ליגן פארשעמט, ווארטנדיק אויף זייער גורל, איינגעהילט צו ווערן אין זייערע ווייסע תכריכים קליידער און חלומ׳ן פון אמאל.

דער ייד אין לינסק האט דאס אלעס נישט געזען, ער האט נישט געהאט קיין צייט דאצו. ער האט געהאט אן עול מצוות און אן עול פרנסה אויף זיין קאפ, און האט דאס אלעס נישט געזען, נישט פארשטאנען אפילו. ער קען דעם סכך וואס ער קויפט אויף סוכות, ער קען דאס זעקל ווייץ, דאס זעקל קארטאפל, וואס ער קויפט ביים גוי, אבער דעם בוים, די ערד קען ער נישט. ער קען נישט איצט מיטפילן מיטן צער פון דער גוסס׳-דיקער נאטור, פונקט אזוי ווי ער האט נישט געזען און נישט מיטגעפילט, אין פרילינג, מיט דער אויפוואכנדיקער נאטור, מיט דער שמחה פון אויפשטיין ווידער צום נייעם לעבן, ווען די ערד האט זיך איינגעהילט אין איר פראכטפולן, געלן חופה-קלייד, נאכן אפטושן זיך אונטער א ווארם מאיאווע רעגנדל, צוקוקנדיק זיך מיט פרייד, אויף די אויף איר

ארומשפרינגענדיקע שאף און רינדער, שטיפנדיק צווישן זיך און לעקנדיק זי מיט זייערע, פונעם ווינטער פארטרוקנטע צונגען, ווי זי האט זיך, צוזאמען מיט די צוריקגעקומענע סווישטשענדיקע פייגאלעך, געפרייט אויף דער גאטס געבענטשטער נאטור.

דער לאנגער גלות און די שווער פארהארעוועטע פרנסה, האט פונעם ייד אין שטעטל א קאריקאטור געמאכט. ער האט מער ווי זיינע ד' אמות נישט געזען, נישט געדארפט זען. חז"ל האבן פארויס געזען, ווי שווער דער יאך פון גלות וועט זיין און האבן אים דערפאר באגרענעצט, ער זאל נישט וועלן קוקן אויף דער שיינקייט פון דער נאטור, ער זאל חלילה נישט פארגעסן ווו ער האלט אין דער וועלט, ער זאל חלילה זיין יידישקייט נישט פארגעסן און ארויס לתרבות רעה. „המהלך בדרך וכו'" האבן אונזערע חכמים געלערנט, ווען איינער נישט פארגעסן ווו ער האלט אין דער וועלט, ער זאל חלילה זיין יידישקייט נישט פארגעסן דער בוים, ווי שיין איז דער אקער, איז ער א „מתחייב בנפשו", קען ער חלילה אנווערן „יענע וועלט". דער ייד דארף געדענקען, אז די וועלט איז א פרוזדור, א פארצימער, ער דארף אויף **דער** וועלט זיך נאר „מתקן" זיין, זיך נאר אנגרייטן א סך מעשים טובים, זיך אבער נישט צופיל אפגעבן מיט איר, זאנסט פארלירט ער „יענע וועלט".ביידע וועלטן זענען אין גלות נישט דא, קענען נישט זיין.

2

באלד אין טאג נאך יו"כ, וועלכן מ'רופט „צו גאטס נאמען", (פארוואס דער טאג ווערט אזוי גערופן, האב איך דארט נישט געקענט געוויער ווערן) און מ'דאווענט גאנץ פרי, ווי ערב יו"כ, כדי דעם שטן דאס מויל פארמאכן, ער זאל נישט קענען מקטרג זיין „הלמאי יו"כ האבן די יידן א גאנצן טאג געדאוונט און ווי נאר זיי האבן ביים רבש"ע אויסגענארט א גוט יאר, איילן זיי זיך שוין נישט צום דאווענען", הייבט מען זיך אן צו פארען ביי דער סוכה. ווער ס'האט א פארטיקע סוכה אויפן בוידעם אונטערן דאך, ווי דאס שטיק דאך עפנט זיך, דורכן ציען א שטריק וואס דרייט זיך אויף א האלצענעם ראד און וואס מ'רופט „שלאק", פרוווט דעם שלאק אויב ער עפנט זיך גוט, אויב דער שטריק איז נישט דורכגעריסן, ווארפט אראפ דעם פאראיעריקן סכך, ווארפט ארויס די אלע אין משך פונעם יאר אָנגעשטעלטע גראטעס, רייניקט זיי אויס, באהענגט די נאקעטע ווענט ארום מיט ריינע ליילעכער אדער קאצן, שטעלט אריין א טיש מיט בענק אוןווארט נאר ביז ס'גאיעס פונעם דארף וועט אריינפירן פרישן סכך אין שטאט אריין, צו פארקויפן.

די קינדער, די חדר יינגלעך, העלפן מיט ביים מאכען די סוכה, ווייל ערשטנס איז צווישן די ימים טובים, בין הזמנים, נישט דא קיין חדר און צווייטנס כדי צוצוגעוויינען די קינדער צו מצוות. די קינדער צירן אויס די סוכה מיט פאפירענע קווייטן פון בונטפארביקן פאפיר, מיט פאפירענע לאמטערן, געמאכט אין דער פארם פון ציענדיקן הארמאניק, מיט פייגל, צוויי פליגל און א ווײדאלע פון צוזאמענגעפאלדעוועט בונטפארביק פאפיר, איינגעשטעקט אין א אויסגעבלאזן איי, מיט א פיסקל, געפארמט פון וואקס, טאפיעכטס פונעם יומכפור'דיקן וועקסענעם ליכט, פארגאלדעט מיט גאלדלייש, פלעשאלעך

מיט מעל און פלעשאלעך מיט בוימל, א סגולה צו שפע און פרנסה. די אלע זאכן העגגען אויף דינע פעדעם, אונטער די לאטעס וואס האלטן דעם סכך. אין טייל סוכות האט אויך געהאנגען א „מזרח", א בילד וואס האט זיך געפונען אין כמעט א יעדער יידישער שטוב.

3

צווישן די יידן, וועלכע האבן יעדעס יאר פון דאסניי געבויט זייער סוכה, זענען געווען צווייערליי, אזעלכע וואס האבן געהאט פארטיקע ווענט פון צוזאמענגעקלאפטע ברעטער, פון יאר צו יאר, וועלכע מ'האט גרופען „לאסעס". מ'האט נאר באדארפט די 4 ווענט צוזאמענקלאפן, ארויפלייגן די לאטעס פארן סכך און די סוכה איז געווען פארטיק. דאגעגן האבן זיך שטארק געמוטשעט די, וועלכע האבן באדארפט ממש פון „שמות" צוזאמענשטעלן א סוכה. דא האט מען געמוזט אויסנוצן גאונ'ישע איינפאלן כדי די סוכה זאל עפעס האבן א פארם און א פנים. ערשטנס האט מען אויסגענוצט די „טאפל-פענצטער", וואס שטייען א גאנצן זומער אויפן בוידעם, די האבן געדינט אלס די אויבער-שטע 3 ווענט, פאר די אונטערשטע 3 ווענט, האט מען אויסגענוצט אלע ברעטער פון צעבראכענע קעסטלעך, דענקעס פון אלטע צעפאלענע פעסער, אלטע צעבראכענע לאקשנברעטער א.ד.ג.

אזא געלאטעטע מאדנע סוכה, געדענק איך אלס קינד, אין אונזער שכנות, ביי שלמה'לה אייערפאקער, (שלמה'לה רחל בראנדעלס) אבער איך גלייב, אז זי איז נישט געווען די איינציקע אין שטעטל. די סוכה איז געווען ווי איך האב אויבן באשריבן, נאר אונטן זענען די לעכער, ווי ס'האבן קיין ברעטלעך נישט געסטאיעט, געווען פארקלאפט מיט אלטע בלעכן, פון א אפגעברענטן דאך, די זאוויעסעס פון דער שטארק געלאטעטער טיר, זענען געווען, פון צוויי שטיקלעך לעדער פון א אלטען צעריסענעם שוך. אין משך פון יו"ט האבן זיך די לעדערלעך געבראכן און די טיר האט ממש געהאנגען אויף נסים. אלס לאטעס פארן סכך האבן געדינט; שטעקנס פון אלטע פארברענטע קאטשערעס, פון אלטע לאפעטעס ווי אויך שטעקנס פון אלטע פארנוצטע בעזעמס.

4

אמייסטנס זענען פאר סוכות געווען באשעפטיקט די אתרוג-סוחרים. דער מסחר האט זיך אנגעהויבן תיכף נאך יום כפור. די הויפט סוחרים זענען פארן ערשטן וועלטקריג געווען די שותפים: מכיל מלמד, אדער מכיל ישראלביילעכעלס (רובינפעלד) און ר' הערש בער ר' יענקעלה'ס (שווארצמאן). יעדער בעה"ב איז ארומגעלאפן צו געפונען שותפים, וועלכע זאלן צווישן זיך קענען דורכקומען, אז איינער זאל דאווענען אין שולעכל, איינער אין דער גרויסער שול, איינער אין בהמ"ד און איינער אין קלויז, כדי יעדער שותף זאל קענען יוצא זיין מיט די „נענועים". נאר א גאנץ גרויסער גביר האט זיך געקענט דערלויבן צו קויפן אליין א אתרוג. אדרבה! גרעסטנטיילס בעלי בתים האבן זיך, אפילו מיט שותפים, נישט געקענט דערלויבן צו קויפן אן אתרוג פאר די „נענועים" און זיך

געמוזט באגנוגן מיט יוצא זיין נאר מיט „אתרוג בענטשן". די ערשטע טעג יו"ט און חול המועד, האבן די אתרוג-סוחרים, פאר א קליינעם אפצאל, צעשיקט אין די הייזער די ארבעה מינים און דער בעה"ב, זיין בני בית און א סך מאל אויך שכנים, וועלכע האבן זיך אפילו דאס נישט געקענט דערלויבן, האבן געבענטש אתרוג און מיט דעם יוצא געווען די מצוה פון די ארבעה מינים.

5

דער ערשטער אריינקום אין סוכה, ערב יו"ט, נאכן יומטוב'דיקן מעריב, מיטן „מחזור" אין דער האנט, איז געווען מיט א געפיל פון שמחה, מיט א געפיל פון א נשמה יתרה. א קליינעקייט! מצות סוכה! א מצוה וואס נישט נאר מען איז זי מקיים, נאר מ'קען אויך זיצן אין דער מצוה, עסן אין דער מצוה, שלאפן אין דער מצוה און לערנען אין דער מצוה פאר יעדער זאך באזונדער האט מען א באזונדערן שכר! די געדעכטע גרינע טשעטענע צווייגן פונעם סכך, האבן געהויכט מיט פרישקייט, מיט וואלדלופט און פון יעדנס פנים האט מען געקענט אראפליינען די אינעווייניקסטע צופרידנקייט, די טיפע עקסטאזע, אט א די אלע געפילן וועלכע האבן אים די מינוט באהערשט.

נאכן ארומקוקן זיך צי אלעס איז אין ארדענונג, נאכן צודעקן די חלות און נאכן זאגן שטילערהייט דעם „הנני מוכן ומזומן", לויטן אר"י הקדוש'ס נוסח, האט מען מיט גרויס התלהבות אנגעהויבן צו זאגן, יעדער לויטן נוסח פון זיין אדמו"ר, די הייליקע „אושפיזין".

גרעסטנטיילס איז דער נוסח פון די אושפיזין געווען: אברהם, יצחק, יעקב יוסף, משה, אהרן, און דוד. טייל אדמו"רים אבער, די וועלכע האבן געהאלטן, ווי א טייל פון די „מקובלים", אז יוסף איז בבחינת „יסוד", ד.ה. די זעקסטע „ספירה" פון די זיבן לעצטע „ספירות", פאר דוד, וועלכער איז לכל הדעות די לעצטע „ספירה" מלכות, האבן גורס געווען נאך יעקב, משה אהרן יוסף און דוד. געוויינטלעך האבן א פאר שכנים געגעסן צוזאמען אין סוכה, ווייל ערשטנס האט נישט א יעדער געהאט ווו אויפצושטעלן א סוכה און צווייטנס ווייל „ברוב עם הדרת מלך" וכו' ווי אויך, יעדער האט געוואלט האבן „מזומן" אין סוכה.

דאס קדוש-מאכן אין סוכה, איז געגאנגען לויט דער ריי. קודם דער בעה"ב און דערנאך די איבריקע שותפים פון דער סוכה. עס האט אבער געטראפן, ווען דער בעה"ב האט געהאט א חשובן אדער עלטערן שותף, האט ער מכבד געווען פריער דעם חשובערן. דאס ווייבלעכע ב"ב פונעם קדוש-מאכער זענען געשטאנען אין דער טיר פון דער סוכה, אויסגעהערט קדוש און געטרונקען פונעם כוס של ברכה.

מיטן עסן האט מען אין סוכה נישט געאיילט, איבערהויפט די ערשטע נאכט, און צווישן איין געקעכטס און צווייטן, האט מען געזונגען „זמירות". יעדער בעה"ב האט זיך געגרויסט מיט זיינע קינדער'ס זמירות. מיטן בענטשן נאכן עסן האט מען אוודאי נישט

געאיילט. ווער ס'האט געזאגט א גוט ווארט פון זיין רבין און ווער ס'האט זיך אונטערגעברומלט די „הושענות" פון זיין רבין. דאס באליבסטע טעמא איז אבער געווען צו דערציילן מעשות פון אמאליקע רביים, אמתע צדיקים, פארצייטיקע גדולים, וואס האבן געשאקלט מיט דער וועלט, געווען אמת'דיקע הימל-מענטשן און אינגאנצן געווען אויס-געטון פון דער וועלט. די באליבסטע מעשות פון מיין פאטער ע"ה זענען געווען ד"ר לעמאן'ס מעשות מיט זייער מוסר השכל, אבער א סך האט מען אויך דערציילט פונעם בעש"ט זי"ע פון פאר-און נאכן נתגלה ווערן. א סך צייט האט פארנומען די מעשה פונעם „לובלינער" זי"ע, וואס האט זיך איינגעשפארט אין דער צייט פון נאפאלעאנען, צו ברענגען משיחן אין שמחת תורה, צוזאמען מיטן קאזשניצער מגיד זי"ע און דעם „ייד הקדוש" פון פשיסחה. ר' שניאור זלמן, דער בעל „התניא" זצ"ל, איז געווען דאגעגן, ער האט נישט געהאלטן פון נאפאלעאנען, ער האט אים גערופן „דאס שייגעצל". דער לובלינער ז"ל דאגעגן האט גאר שטארק געהאלטן פון נאפאלעאנען. ס'איז געווען א דבר



הגן העירוני. דער שטעטישע שפאציר־גארטן.

ידוע אין לובלין, אז נאר מיטן לובלינערס כוח האט נאפאלעאן געקענט פירן זיינע אלע שלאכטן. דער לובלינער זצ"ל האט געהאלטן אז מלחמת נאפאלעאן איז די מלחמת „גוג ומגוג" און איצט איז די צייט פון דער גאולה, נאר מוזן די צדיקי הדור צולייגן א פלייצע. ער האט אויך צוגעצויגן אויף זיין זייט זיינע געטרייע תלמידים: דעם רבין ר' מנדעלע פון רימאנאוו און דעם ראפשיצער זצ"ל, אבער מן השמים האט מען נישט צוגעלאזט, דער דור איז נאך נישט ווערט געווען.

## 6

אין די פארן-קריגיארן האבן מיר געגעסן אין סוכה ביי משה דוד פעניג און דארט האט אויך געגעסן בעריש חיל׳ס, א היכער, אויסגעדארטער דעכעוויטשנער ייד, א דארפס-מלמד געווען און א הייסער טשעשינאווער חסיד. ער האט זייער שיין דערציילט מעשות פון גוטע יידן און איבערהויפט האט ער שטארק ליב געהאט צו דערציילן די מעשה מיט ר׳ לייב שרה׳ס און דעם קאיזער יוסף פון עסטערייך, ווו אט דער באהאלטענער לייוניק האט געהאט יעדן טאג „קפיצת הדרך״ קיין ווין און פון קאיזער יוסף, לעבעדיקערהייט שטיקער געשניטן, ווייל ער האט אין גאליציע געוואלט איינפירן, אז יידן זאלן מוזן טראגן קורצע קליידער און מוזן זייערע קינדער שיקן אין די שקאלעס. דאס האבן אים אָנגערעדט די תלמידים פונעם „פרעסער״ י״ש פון בערלין (משה מענדעלסאן). צום סוף האט דער קאיזער מודה געווען, אז ר׳ לייב שרה׳ס איז שטארקער ווי ער און האט די גזרות מבטל געמאכט.

די ערשטע נאכט סוכות האט מען געוויינטלעך פאר חצות, די סוכה נישט פארלאזט. האט אבער געטראפן א רעגן די ערשטע נאכט, איז דער ייד ארומגעגאנגען ווי אונטער דער ערד און זיך שטארק מצער געווען, אז ער קען נישט מקיים זיין די מצות סוכה. ער האט געזען אין דעם א צייכן אז דער רבש״ע איז בייז אויף זיין פאלק ישראל. אי דער ייד, אי די סוכה זענען געשטאנען ווי פארשעמט, ווי אפגעפאטשט, ווי ווען א קנעכט דערלאנגט זיין האר א כוס וויין און דער האר גיסט דעם כוס דעם קנעכט אין פנים אריין.

## 7

חול המועד איז געווען א סדרה פאר זיך, נישט קיין יו״ט און נישט קיין אינדערוואכן. אנגעטון איז מען געווען יו״ט׳דיקע מלבושים מיטן שטריימל, די געוועלבער אבער זענען געווען אפן אויף א האלבער טיר און מ׳האט געמעגט לייזן געלד. מערסטנס בעלי מלאכות האבן אין חוה״מ נישט געארבעט און זיך געדרייט אין מארק, אויסגעפוצט, מיט די שטעקאלעך אין די הענט. יונגלעך, געזעלן וועלכע האבן געארבעט אין דער גרויסער שטאט, און אהיימגעקומען אויף יו״ט, זענען שוין געגאנגען „דייטש״ אנגעטון, זיך געדרייט אין מארק און דערציילט וואנדער פון דער גרויסער שטאט. חוה״מ איז אויך געווען די צייט ווען די „חברות״ האבן דורכגעפירט זייערע „קלפית״ און אויסגעוויילט זייערע נייע גבאים.

ערב הושענא רבה ביינאכט איז מען זיך צוזאמענגעקומען אין די בתי מדרשים און אין די קלויזן, געזאגט „משנה תורה״ און נאכן אפזאגן, נאך חצות, גאנץ תהילים, איז מען אוועק טרינקען אין איינער פון אנשי-שלומנו׳ס סוכה, דערציילט מעשות פון די אמאליקע גרויסע צדיקים און אויף געווען א גאנצע נאכט. געטרונקען האט מען הושענא רבה ביינאכט א משקה, אזיסע פון האניק, „מעט״, א סגולה צו באקומען את גוט „קוויטל״.

די בעלפערס פון די דרדקי חדרים, האבן א טאג פאר הושענא רבה, ארומגעטראגן „הושענות״ צו פארקויפן און יעדער האט געקויפט א הושענה פאר יעדן פון זיין הויזגעזונט

באזונדער. יעדע הושענה איז באשטאנען פון 5 כשר׳ע ריטלעך, ד.ה. עס האט פון זיי קיין בלעטל נישט געפעלט, אפגעשניטן ביים סאן.

הושענה רבה איז געווען א קליינער יום כפור, מ׳האט מאריך געווען ביים דאווענען און באזונדערס ביי די הושענות. נאכן דאווענען האט מען זיך אנגעווונטשן ,,א גוט קוויטל״, אויך ביי דער סעודה אין סוכה האט מען מאריך געווען. הושענא רבה האט מען געקאכט די טראדיציאנעלע קרעפלעך, געקאכט פלייש איינגעוויקלט אין קליינע שטיקלעך טייג, צוויי שפיצען פארדרייט אויף הינטען. הושענא רבה ביי טאג איז געווען די לעצטע סעודה אין סוכה. שמיני עצרת נאכן דאווענען, בייטאג, האט מען קדוש געמאכט אין סוכה און זיך געזעגנט מיט איר אויף א גאנץ יאר.

8

שמיני עצרת ביינאכט נאך מעריב און שמיני עצרת בייטאג נאך שחרית, האט מען אויך געזאגט דעם באקאנטן ,,אתה הראית לדעת״ וכו׳ און געמאכט די 7 הקפות, אבער אלעס איז געווען אן ברען, אן געזאנג און אן התלהבות.

די עיקר ,,הקפות״, די אמת׳דיקע פון שמחת תורה, האבן זיך אנגעהויבן שמיני עצרת נאכמיטאג. באלד נאך דער סעודה, זענען זיך די חסידים, יעדע גרופע ביי איינעם פון זייערע אנשי שלומנו, צוזאמענגעקומען, אויך סתם בעלי בתים און בעלי מלאכות ביי איינעם פון זייער מיטדאווענער, און מ׳האט זיך פריילעך געמאכט. די גבאים פון ,,תקון ספרים״ האבן געטיילט צעטלען אין א ,,שענק״ פאר די בית המדרש בחורים, וואס האבן מיטגעהאלפן, אין משך פון חדש אלול און תשרי ביז ערב יום כפור, צו זאמלען געלד פאר די ,,קערות״ אויף משקה, אויף א גלעזל אדער אויף א ,,האלבע״ ביר, לויט ווי יעדער האט זיך פארדינט. די צעטלעך האבן געהאט א באשטימטן נוסח : אבקש לתת למוכ״ז א גלעזל שכר, אדער פאר די מער חשוב׳ע בחורים, א האלבע ביר. די גבאים אליין מיט די וויצע גבאים זענען זיך צוזאמענגעקומען אין א אונטערשט שטיבל אין א צווייטן שענק און יעדער האט באקומען א פערטל געבראטן גענדזל און א האלבע ביר. אזוי האבן די חסידים געטרונקען און געזונגען, געזונגען און געטרונקען ביז אין דער נאכט אריין.

אויך ביים רב דמתא און ביי די גבאים פון יעדער ,,מקום קדוש״ זענען זיך צוזאמענ-געקומען זייערע אנשי שלומנו. צו נאכט צו איז יעדע גרופע מיט געזאנג געגאנגען אין איר מקום קדוש מאכן די הקפות. שכורים האט מען, טראץ דעם פיל טרינקען, נישט געזען, נאר דער ,,עולם״ איז געווען אויפגעלעבט, פריילעך און לוסטיק.

די הקפות אין סאנדזער קלויז שמחת תורה ביינאכט, האט מען אנגעהויבן שפעט, בערך 10 א זייגער ביינאכט, נאכדעם ווי אין אלע בתי מדרשים, איז מען שוין געווען פארטיק מיט זיי און א גרויסער עולם פון אלע מנינים זענען געקומען אין קלויז זען די הקפות, ווייל אין קלויז זענען די הקפות געווען די פריילעכסטע, מיט ברען, מיט התלהבות, דער ייד האט דעמלט אלעס פארגעסן אלע זארגן פון א גאנץ יאר, אלע ביטערע פרנסה דאגות, און זיך געפרייט מיט דער תורה, מיט בטחון צו השי״ת אז אלע דאגות וועלן פארשווונדן אין זכות פון שמחת תורה. א גאנץ קיילעכדיק יאר איז דער ייד געווען

פארפלאגט, פארשווארצט, פאר׳דאגה׳ט, אבער אין שמחת תורה איז ער ממש ארויס פון זיך. קיין שום טאג אין יאר, האט זיך דער ייד אזוי אמת׳דיק ניט געפרייט, ווי שמחת תורה ביי נאכט, ביי די הקפות.

די הקפות אין קלויז זענען אפגערעכט געווארן לויטן ראפשיצער ,,נוסח״. נאך ,,אתה הראית״ וכו׳, וואס איז געזאגט געווארן מיט א פריילעך, געהויבענע מעלאדיע, האט זיך אנגעהויבן א זאגעכטס און א זינגעכטס, נאך פאר דער ערשטער הקפה, ערשט דאן האט זיך אנגעהויבן די ערשטע הקפה מיט געזאנג. דער רב מיט זיין קליינער, אייגענער ספר תורה אין דער האנט, האט געטאנצט סאלא, ארום דעם באלעמער, איבערהויפט אין אלע 4 ווינקאלעך, קיינער איז נישט נאכגעגאנגען נאך אים. ערשט דאן, ווען דער רב האט געענדיקט זיין טאנץ, זענען די בעלי-בתים, מיט די ספרי תורה אין די הענט, ארומגעגאנגען דעם באלעמער מיט געזאנג. נאך דעם האבן זיך די מתפללים אנגענומען אין א ראד ארומעם באלעמער און געטאנצט מיט געזאנג און התלהבות עד כלות הנפש. דער זעלבער סדר איז געווען ביי אלע זיבן הקפות. די הקפות האט דער גבאי פון קלויז פארטיילט, אבער נישט דער שמש האט דאס אויסגערופן, נאר שלמה׳לה אייערפאקער (לערנער), וואס האט געהאט א חזקה אויף דעם, האט אויסגערופן בזה הנוסח: מורנו ר׳ פלוני בן פלוני מכבד מיט כבוד התורה. ווען דער אויסגערופענער איז געווען א כהן אדער א לוי, האט ער דאס באזונדערס באטאנט: פלוני הכהן אדער פלוני הלוי.

ווער עס האט די הקפות, שמחת תורה ביי נאכט אין סאנדזער קלויז נישט געזען, דער האט אמת׳ע יידישע פרייד נישט געזען! אזא עקסטאז פונעם פארהארעוועטן ייד אין גלות, איז שווער זיך פארצושטעלן! דאס האט מען געמוזט זען! געענדיקט האבן זיך די הקפות בערך איינס, האלב צוויי נאך חצות.

די טראדיציאנעלע מאכלים נאך די הקפות זענען געווען: א הייסער בארשטש מיט א פעטן מארכביין, געבראטן גענדזנס און ,,האליפטשעס״ (געקאכט רינדפלייש געוויקלט אין קרויטבלעטלעך געקאכט מיט ראזשינקעס).

שמחת תורה ביי טאג, האבן די הקפות אויך גענוג געדויערט, מיט געזאנג און טענץ, אבער צו די הקפות פון ביי נאכט, איז עס נישט געקומען. נישט געווען מער דער ברען און די התלהבות פון ביי נאכט.

שמחת תורה נאכן עסן, האט זיך פישל מענדעל נעבעכס, פישל מארשאליק, אנגעטון א ווייסן, זיידענעם קאמבאס, ווי א טערק, א רויטן טארבוש מיט א שווארצן טראלץ, ארום זיך פארזאמלט די חדר יינגלעך, זיך געשטעלט אינמיטן מארק, ביי דער אפענער ברונע און מיטן הושענא נגון געזונגען: ,,הושענא צאן קדשים״ און די קינדער האבן געענפערט: מעע, מעע,. אזוי האט ער געדרייט זיך מיט די קינדער ביז אין דער נאכט אריין.

נאך סוכות האט זיך דער ווינטער אנגעהויבן מיט די שווארצע חמארעס, מיט א דינטשיק רעגנדל, וואס איז געקראכן אין די ביינער מיט די דאגות פרנסה און פון ווייטער שלעפן דעם עול.

**שמעון פרידלנדר**

# די יידישע נשמה פונעם שטעטל

אונטער דער טרוקענער, הארטער כראַסטקע, פון טאג-טעגלעכע דאגות און זאָרגן, פונעם ייד אין שטעטל, האט שטענדיק געטליעט א הייסע יידישע נשמה. די שטראַלן פון אַט א דער ריינער נשמה, האבן וועלטן ארומגענומען און אַנגעשלאגן אזש ביז דעם זיבעטן הימל, ווו די נשמות פון אלע, אין משך פון דורות אומגעקומענע קדושים, באָדן זיך אין טייכן פון ריינעם שמעקנדיקן אפרסמון בוימל און זעטיקן זיך מיט די געטלעכקייט-שטראַלן, וואס לויכטן איבער זיי. דאס זענען געווען די הייסע כוואליעס ליכט-שטראַלן, וואס האבן ארויסגעשיינט פונעם פשוטן ייד, פונעם נישט-לערנער, פונעם שווער-פארהאָרעוועטן בעל מלאכה, פול מיט בטחון און אמונה, וואס האבן אין די פינצטערע גלות נעכט, אינם אלטען ביהמ״ד אדער אין „שילעכל״ אָפגערעכט „חצות״ ווארעמענדיק זיך ביים ערשט איינגעהייצטן אויוון.

נאר איין נאפט-לאמפ, ביים אויוון-טיש, האט מוידל שמש אָנגעצונדן, איידער ער איז אוועק „שומרים-קלאפן״, בערך 2—2½ ביינאכט, נאכן איינהייצן. אן עדה יידן, נישט קיין לומדים; בעלי מלאכות וואס האבן זיך געאיילט אויפצושטיין פונעם ווארעמען „געלייגער״, נאכן שומרים קלאפן — האבן אַט ביי דעם טיש מיטן איינעם לאמפ, אָפגערעכט „חצות״, קלאגנדיק אויפן חרבן בית המקדש און אויפן לאנגן ביטערן גלות.

א חוץ ביים אויוון-טישל, איז טונקל געווען אין ביהמ״ד, ארום און ארום. די שווארצע שאָטנס ארום די ווענט, האבן מיטגעטאנצט מיטן שפרינגענדיקן פלעמעכל פונעם „נר התמיד״ אויפן „עמוד״ ביים ארון-הקודש, און דער שטענדיק רינענדיקער „כיור״ אויף יענער זייט אויוון, האט מיטגעקלאפט מיט טאקט מיט די מיטשפרינגענדיקע שאָטנס, טיף טאף, טיף טאף.

כאָטש די „זאגערס״ האבן נישט פארשטאנען דעם פרוש המלים פון דעם געזאָגטן, האבן זיי אבער גוט געוווסט דעם באדייט פונעם „תקון חצות״. דאס מאנאטאנע טרויריקע „זאָגעכטס״ איז געווען א הייסע בקשה צום רבש״ע, הלמאי כביכול האט אזוי לאנג פארגעסן זיין אויסדערוויילט פאלק ישראל און לאזט זיי צוביסלעך אויסגיין אין גלות, גלייך ווי עס גייט אים חלילה גאָר נישט אָן. ווען דער חצות-אָפרעכטער פלעגט קומען ביים „תקון רחל״ צום פסוק פונעם נביא ירמיהו „קול ברמה נשמע, רחל מבכה על בניה״, פלעגט ער זיך דערמאנען אין די קינדישע חדר-יאָרן, ווי דער „רבי״ אין חדר האט „ארויסגעזאָגט״ ביים ערשטן „ואני״, „ואני בבואי מפדן מתה עלי רחל״ וכו׳ פון פרשת „ויחי״, און א הייסע טרער האט זיך דעמאלט אראפגעקייקלט פון זיינע מידע אויגן, פון אונטער די ברילן, וואס זענען געלייגן אויף דער שפיץ נאָז און זיך געהאלטן אויף די אויערן, ביי א סאך, מיט צוויי שווארצע פעדים. נאך א טרער אינעם יידישן טרערן-בעכער, יואס ווערט קיינמאל נישט פול!

אַט א די חצות-אַפּרעכטער, האבן צוזאמענגעוועבט זייער תמימות'דיקע אמונה, דעם צער און ווייַ פון דער שכינה, וואס וואַרקעט יעדן טאג ווי א טויב, אופן חרבן בית המקדש און אויפן גלות פון אירע זין, — מיט זייער אייגן ביטער לעבן, און פון די נישט זעענדיקע פעדעם, אויסגעפלאָכטן, די ריינע שטילע נשמה פונעם יידישן שטעטל.

צוויי אזעלכע „חצות-אַפּרעכטער", זענען מיר געבליבן אין זכרון, חיים הערשאלע איינבינדער (גאָטעסדינער) און שלמה'לה טעפּען, שלמה'לה גיטל גאלדעס (באלבירער).

ווו נעמט מען די ווערטער צו באשרייבן די אמונה, דאס התלהבות, דאס דבקות פונעם פשוטן ייד, פונעם בעל מלאכה, פונעם בעל עגלה, פונעם פערד-סוחר — ביים תהילים-זאגן אין א זומערדיקן שבת נאכמיטאג, אין דער גרויסער שול! אדער ווו נעמט מען ווערטער אויסצודריקן די תמימות'דיקייט פונעם אָרימען „דאַרפס-גייער", וואס האט א גאנצע וואך זיך געפלאָגט אין די דערפער, צווישן גויים, און פרייטיק פארנאכט זיך קוים דערשלעפּט אהיים, כדי צו פראוועון דעם שבת צוזאמען מיט זיין משפחה — ביי אַט דעם תהילים זאגן! די תהילימלעך, וואס האבן אויפן ערשטן בלעטל געהאט א לענגלעכן זיגל: שייך לבית הכנסת הגדול פה ק"ק (קהילה קדושה) ליסקו יצ"ו, זענען נישט איינמאל דורכגענעצט געווארן מיט הייסע יידישע טרערן. אי דער פירזאגער, אי די זאגערס זענען נישט געווען קיין לומדים און נישט פארשטאנען קיין פרוש המלים, אבער וויפיל געפיל, וויפיל בטחון און אמונה צו השי"ת איז געלייגן אין דעם תהילים זאגן, מיטן מסורת'דיקן ניגון! נאר דער, וואס איז געבענטשט געווען מיט א שטארקער פאנטאזיע, דער האט געקענט הערן און פילן די הימלעשע סימפאָניע, די געטלעכע שירה, פון אַ ט אַ דעם תהילים זאגן, וואס האבן זיך ארויפגעצויגן גלייך אין די אויבערשטע הימלען, ווי דער גלייכער רויך פונעם קטורת, ווען דאס בית המקדש איז נאך געשטאנען, — און זיך דארט פארשפרייט איבער אלע וועלטן, — נאר דער האט אויך געקענט הערן דאס פליגל-פלאטערן פון דער יידישער נשמה, וואס האט טאג און נאכט געהיטן דעם ייד אין דעם לאנגן, מיט בלוט באפלעקטן גלות. מיטן תהילים זאגן האט זיך דער ייד פונעם שטעטל, באהאָפטן צו השי"ת, פנים אל פנים, אן טענות און געקינצלטקייט.

3 אזעלכע תהילים-פאָרזאגער זענען געבליבן שטארק אין מיין זכרון, מיט זייער שטארקן און ריינעם חיתוך-הדיבור: ר' געצל וואסערטרעגער (האגלער), אויף וועמען מהאט זיך אין שטעטל גע'סוד'ט, אז ער איז איינער פון די ל"ו'ניקעס, צדוק שווארץ, א קצב און אייזיק מרדכיס (בערטענטייל), א בעל עגלה.

ווו נעמט מען די פארבן אויסצומאלן, דאס לייכטנדיקע, פון דאגות שווער דורכ-געאקערטע פנים פונעם פשוטן ייד, ווען ער איז געזעסן אויף א „זכר", פרייטיק צו נאכטס, און קייענדיק אויסגעזאטענע, שטארק געפעפערטע ארבעס, זיך צוגעהערט צו די מעשיות וואס מ'האט דערציילט ביים טיש, פון די אמאליקע גרויסע צדיקים, פון זייער גרויסקייט און זייער נסים-באווייזן, וואס האבן זיך געפיעשטשעט ביים רבש"ע ווי איינציקע זין ביי זייערע עלטערן און נישט איינמאל מבטל געמאכט גזרות אויף יידן, וואס זענען „אויבן" שוין לאנג געווען באשלאסן. וויפיל הכנעה, און אינזעלבער צייט גאוה, וויפיל

דאנקבארקייט צו השי״ת, האבן זיינע שטראַלנדיקע אויגן, אויסגעדריקט, וואס ער האט זוכה געווען, צו זיין א זון פון אזא פאלק. די מלאכי השרת אין די הימלען פלעגן אַט די בלישטשענדיקע ליכט-כוואַליעס אויפכאפן, פון זיי לויב-קרענץ אויספלעכטן און לייגן זיי צופיסנס פונעם כיסא הכבוד.

אט א די אלע שטראַלן, אט א די אלע פייער-פונקען, האבן זיך צוזאמענגעגאסן אין איין הארמאנישע נשמה, אין דער נשמה פונעם יידישן שטעטל.

ווער ווייסט! קען זיין, אז אט א די הייליקע באַטריבטע נשמה, שוועבט נאך ביזן היינטיקן טאג, איבער מיין אומגעקומענעם שטעטאלע, ווו קיין ייד איז שוין לאנג נישט דא, שוועבט מיט אירע פלאטערדיקע, אָפגעזענגטע, צעבראָכענע פליגל, איבער די פארברענטע יידישע געסלעך, איבער די פאר׳שרפ׳טע בתי מדרשים און קלויזן, איבער דעם אויפגעאַקערטן „בית החיים״, קלויבט צוזאמען די אותיות פון די פארברענטע ספרי תורות, זוכט צוזאמען די פליענדיקע שטערן-פונקן פונעם חצות-און-תהילים-ייד, זאמלט די בלאָנקענדיקע נשמות פון די אויפגעקאָפּעטע ביינער, וואס וואלגערן זיך אויפן „פעלד״, שלעפט צונויף די נשמות פון די אלע גע׳הרג׳עטע און פארברענטע אין זאסלאווא און אין בעלזיץ — כדי פון דעם אלעם א שווארצע טרויער-קראַנץ אויסצופלעכטן, אים דעם כביכול צו-פיסנס צו לייגן און צו פרעגן די אייביקע נישט פארענפערטע קשיא „למה״? פארוואס? פארוואס האסט דו כביכול דאס געטון? זענען מיר דען באמת ערגער פון אלע אנדערע אומות? למה? למה?

**שמעון פרידלנדר**

## שמחות אין שטעטל

אין יעדן גאליצישן שטעטל, האָבן צווישן יידן מערווייניקער אנגעהאלטן די זעלבע מנהגים, די זעלבע צערעמאַניעס, ביים פראווען שמחות. אזויווי אָבער אונדזער שטעטל איז געווען א סך צוריקגעשטאנען, באזונדערס אין די יאָרן ביז דער ערשטער וועלט-מלחמה, קייגן די ארומיקע שטעטלעך, זענען ביי אונדז די מנהגים מער אָפּגעהיטן געווארן, מיט אלע פישטשעווקעס, איידער ערגעץ אנדערש. אָט למשל דער מנהג פון „שומרים קלאפן״, וואָס אויף וויפל איך ווייס, איז שוין אין א סך שטעטלעך געווען אונטערגעגאנגען, נאָך פארן ערשטן וועלטקריג, האָט אין לינסק נאָך אָנגעהאלטן ביז פוילן איז אויפגעשטאנען נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה. אין דער צייט פון פוילן איז געבליבן נאָר דאָס סליחות קלאפן און דאס קלאפן ערב ראש חדש אלול צו „יום כפור קטן״. אָדער דער מנהג פון רופן „אין שיל אריין״, יעדן שבת אין דער פרי, ווען ישראל קאָפּ איז דורכגעגאנגען אין אלע גאסן און אונטערגעסלעך, און גערופן, מיט א שטארק, פעסט קול און מיט א ציענדיקן ניגון **„אין שיל א-ראַן״**, אזוי זענען אויך געווען מנהגים אויף חתונות און ברית׳ן (ברית

מילה), וואָס זענען אין אונדזער שטעטל פאַרבליבן, בשעת אין אַנדערע שטעטלעך זענען זיי שוין מער נישט געווען. דורכדעם האַלט איך, איז כדאי די מנהגים צו פאַרשרייבן.

ווען אַ בחור אָדער אַ מיידל האָט געהאַלטן ביי חתונה האָבן, האָט מען אַ שבת פריער געפּראַוועט אַ „פאַרשפּיל". אַ בחור האָט מען דעם שבת פונעם „פאַרשפּיל", געפירט אין דער גרויסער שיל אַריין, נישט וויכטיק אין וועלכן מקום קדוש ער האָט אַלע יאָרן געדאַווענט, צום „אויפרופן". דער חתן ווערט באַגלייט פון אַ סך בעלי בתים, משפחה און גוטע פריינט, וועמען דער שמש האָט שבת פאַרן דאַווענען, איינגעלאַדן, לויט אַ רשימה וואָס דער מחותן האָט צוזאַמענגעשטעלט.

צום אויפרופן טראָגט שוין דער חתן אַ שטריימל, ווי יעדער חתונה׳געהאַטער ייד. ביים אויפרופן צו קריאת התורה „יעמוד הבחור החתן... מפטיר", האָבן די מחותנ׳סטעס, דורך די פּאַרגראַטעוועטע, קליינע וויבערישע-שיל פענצטערלעך, געוואָרפן אין דער מענערישער שיל, האָזלנע ניס מיט ראָזשינקעס. דאָס איז געווען אַ סימן אַז דער חתן איז נאָך אַ בחור, נישט קיין אַלמן אָדער גרוש. נאָכן דאַווענען האָט דער שמש, דורך אַ קלאַפּ אויף אַ ספּעציעל קישאַלע, וואָס איז געלייגן אויפן „שולחן", אויסגערופן, אַז דער מחותן בעט דעם עולם אויף קידוש, און דער גאַנצער עולם איז אַוועק צום חתנ׳ס עלטערן אויף קידוש.

דער כיבוד איז באַשטאַנען פון בראָנפן (י״ש), אַ שטיקל האָניג-לעקעך און אַ שטיקל צוקער-לעקעך. ביי געהויבענע חסידים האָט מען אויך מכבד געווען מיט קיגלען און ווינטער אויך מיט דרעלע. (ז׳ילע פון רינדערנע אָדער גענזענע פיס) געווען איז אויך איינגעפירט, ווען איינער האָט חתונה געמאַכט, אַרומצושיקן, דורכן שמש, חתונה-בריוולעך צו משפּחה און גוטע פריינט. געוויינטלעך האָט דער חתן אַליין געשריבן די אַדרעסן אויף חתונה-בריוולעך, אַרויסווייזנדיק זיין ווילקענעוודיקייט, שרייבנדיק „פּאַרציקט" דעם טיטל „לכבוד הנגיד המפורסם כש״ת (כבוד שמו תפארתו מה״רר וכו׳)". ביי משפחה האָט מען צוגעגעבן די ראשי תבות ש״ב (שאר בשר). יעדע משפחה ווידער אָדער גוטע פריינט, וואָס האָט באַקומען אַ חתונה-בריוול, האָט געשיקט אויף שבת צום אויפרופן, אַ לעקעך, אַ רייכער — אַ צוקער-לעקעך און אַ אָרעמער — אַ האָניג-לעקעך, סיי דאָס איז געווען אַ חתן אָדער אַ כלה.

ביי אַ חתן האָט מען נאָכן קידוש און נאָכן עסן, געפּראַוועט אַ פאַרשפּיל. דער בעלפער האָט, לויט אַ רשימה, איינגעלאַדן די בחורים צום פאַרשפּיל. חתונה׳געהאַטע בעלי בתים, זענען צו אַ פאַרשפּיל נישט געקומען. דער חתן איז געזעסן אויבנאָן אָנגעטון אינעם נייעם שטריימל און אין נייע זיידענע מלבושים און די בחורים אַרומעם טיש, אויבנאָן די גרעסערע און אונטן די קלענערע. דער כיבוד איז באַשטאַנען פון אויס-געזאָטענע, שטאַרק געפעפערטע אַרבעס, האָזלנע אָדער טערקישע ניס און ביער. געוויינט-לעך האָט מען אויפגעקלאַפּט אָן אָנטאַלע ביער און געצאַפּט פון אַ גרויסן מעשענעם צאַפּן.

ביי א מיידל ווידער, האט די קעכן איינגעלאַדן די מיידלעך צום פֿאַרשפּיל. די כלה איז געזעסן אויבענאָן פֿונעם טיש, אויסגעפּוצט, ווי מ׳פֿלעגט צו זאָגן „אין עסיק און אין האָניג״. געוויינטלעך אין א ניי העלגעבלעטערט זיידנקלייד, באַצירט מיט שמוק וואָס זי האָט נאָר פֿאַרמאָגט, לרוב א לאַנגע גאָלדענע קייט, אָנגעטון אופֿן האַלדז מיט א גאָלדענעם שיבער, אין עק מיט א גאָלדן קליין זייגערל, איינגעשטעקט אין גירטל אין דער היפּט, א מתנה פֿונעם חתנ׳ס מוטער; פּערל אויפֿן האַלדז, א מתנה פֿון דער אייגענער מוטער אָדער באָבע, גאָלדענע אויערינגלעך אין די אויערן און גאָלדענע פֿינגער-לעך אויף די פֿינגער פֿון ביידע הענט. די מיידלעך זענען געזעסן אַרומעם טיש, אויסגעווידערט, עסנדיק דעם כיבוד מיט א צוזאַמענגעשרומפּן מויל, ווי עס איז דעמאָלט די מאָדע געווען, רויט אויפֿן פּנים, ווייל די מידערס זענען געווען פֿעסט צוזאַמענגעצויגן, אַז זיי האָבן קוים געקענט אָטעמען. דער כיבוד איז באַשטאַנען פֿון אויסגעזאָטענע אַרבעס, האָזלנע אָדער טערקישע ניס, לעקעך, מאַנדעלברייטאַלעך, צוויבאַק און סאָדע-וואַסער מיט מאַלינע סאָרעפּ.

נאָך הבדלה זענען די גבאים פֿון „תלמוד תורה״ און סתם בעלי בתים, וואָס האָבן ליב געהאַט א כיבוד, מיט טוביה׳לה שמש מיטן פּאַקל בראש, געקומען „אָפּשפּילן״. טוביה׳לה האָט יעדן מחותן אָדער מחותנת׳טע באַזונדערס אויפֿגערופֿן מיט א באַשטימטן נוסח, „דאָס איז געווען א ווויל שטיקאַלע לכבוד הרבני הנגיד המפורסם... דער כלה׳ס פֿאָטער ולכבוד האשה הצנועה, החשובה מרת... די כלה׳ס מאַמע, זי זאָל דערלעבן איה״ש ביי אַלע קינדער און קינדס קינדער, א ווויל שטיקאַלע, א.א.וו.״. געזונגען האָט מען „במוצאי יום מנוחה״ און אַנדערע זמירות פֿון מוצאי שבת, פֿאַר יעדן אַן אַנדערן מזמור און טוביה׳לה האָט צוגעפּאַקלט מיטן פּאַקל. (דאָס פּאַקל איז געווען אין דער פֿאָרם פֿון א גרויסער רעשעטע, פֿון איין זייט באַדעקט מיט פּאַרמעט און די צווייטע זייט אָפֿן. אינמיטן דער הילצערנער רייף אַרום, זענען געווען איינגעפּאַסט מעשענע בלאַשיקעס).

נאָכן אָפּשפּילן, האָט מען געגעבן כיבוד און דאָס געלד, וואָס די גבאים האָבן באַקומען, איז געווען פֿאַר תלמוד תורה.

פֿאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה, געדענק איך נישט, א חתונה אָן כליזמער. לינסק האָט קיין אייגענע מוזיק נישט געהאַט, נאָר מ׳האָט געבראַנגט די איסטעריקער מוזיק, מאיר כליזמער מיט די זין האָבן געשפּילט פֿידל, דאַן איז געווען א באַס-שפּילער, א פּויקער, א קלאַרנעטיסט און „מוטשקאַלע״ האָט געשפּילט אויף א פֿלייט. די כליזמער זענען געווען געדונגען אויף א פֿיקסע סומע, פֿאַרדאָס האָבן זיי געשפּילט אומזיסט דעם „כלה-טאַנץ״, א טאַנץ וואָס יעדעס מיידל האָט געטאַנצט ביים אָנקומען אויף דער חתונה, די פּאַרטנערין איז געווען איינע פֿון די „קרענצל-פֿריילינס״, געוויינטלעך די נאָענסטע חברת׳עס אָדער דער כלה׳ס שוועסטער. פֿאַר יעדן טאַנץ נאָכן כלה-טאַנץ, האָט מען געצאָלט. די מיידלעך, אויסגעפּוצט אין די שענסטע קליידער, וואָס זיי האָבן נאָר געהאַט, אמאָל פֿלעג מען זיך אויך לייען א קלייד ביי א חברת׳ע, איינגעשרומפּט און צוזאַמענגעצויגן אין ענגע מידער אָנגעפּודערט גאַנץ שטאַרק, טייל אויך די באַקן

באפארבט רויטלעך, מיטן רויטן פאפיער פון דער פראנק-ציקאָריע, (פון רויטער ליפּן-פאַרב, האָט מען נאָך אין שטעטל דעמאלט נישט געוווסט) און א פעכער, איינגעשטעקט אינעם היפּט גירטל. די מיידלעך האָבן מיט זיך מיטגעהאט געלד, כדי די טענץ צו באַצאָלן. ווען איין פּאָר האָט באצאלט, האָבן אלע פאָרן געקענט מיטטאנצן. נאטירלעך האָבן נאר געטאנצט מיידלעך מיט מיידלעך.

פארן „באדעקן" די כלה, האט מען זי „באזעצט" אין מיטן שטוב, צעפלאָכטן די לאנגע האָר, ארויסגענומען פון זיי יעדעס קעמאלע און אלע האָרנאָדלען, דער בדחן, אויפן טיש שטייענדיק, האָט באזינגען די כלה. ער האָט איר, אין גראמען, פארשטיין געגעבן, איר נייעם וועג, איר ניי לעבן, אין וועלכן זי גייט איצט אריין, אירע פליכטן וואָס ווארטן אויף איר אין איר ניי לעבן, סיי געגנאיבער איר מאן, און סיי אלס צוקונפטיקע יידישע מאמע וואס דער גורל פון אירע קינדער, וועט ליגן אין איר האנט, זיי צו דערציען אין גאט'ס וועגן. אזויווי דער חופה-טאָג איז געגלעכן צו יום כפור, ווייל יעדע חתן כלה האָבן געפאסט און געדאוונט מנחה ווי ערב יום כפור מיט אלע „על חטא'ס", זאָל זי בעטן דעם באשעפער, ער זאָל זי פירן אינעם ריכטיקן יידישן וועג, זי זאָל זיך אויסעלטערן מיט איר מאן און איר משפחה, וואָס זי גייט אויפשטעלן. דאָס אלעס אינעם זכות פון די דריי מצוות, וואס יעדע יידישע טאָכטער דארף שטרענג אָפּהיטן זיי : הפרשת חלה, הדלקת הנר און הלכות נידה.

די כלה האָט זיך, ביים באזינגען, צוגעהאלטן די אויגן מיט א טיכאלע און שטיל געוויינט און מיט איר האָבן אויך מיטגעוויינט אלע מחותנת'טעס ארום איר. ווער שמועסט נאָך ווען די כלה איז געווען א יתומה, דעמאלט האָט דער בדחן געשפילט אויף דער סטרונע פון איר יתומ'קייט און דערמאנט דעם פאָטער אדער די מוטער, וואס האָבן יינגערהייט איבערגעלאָזט דעם עולם השפל און איבערגעגאנגען אין עולם האמת. דער בדחן האָט מיט א טרויריק קול געפאָדערט פון די נפטרים, וואָס האָבן נישט זוכה געווען זייער אייגן קינד צו פירן צו דער חופה, זיי זאָלן דאָרט לויפן בעטן פאר זייער פאריתומט קינד און אויפוועקן דאָרט אלע זכויות, אז דער זווג זאל עולה יפה זיין. וואָס מער די כלה און די מחותנת'טעס האבן זיך צעוויינט, אלץ מער האָט דער בדחן פארשטאנען צו ציען די סטרונע פון עלנטקייט. דער בדחן איז געווען, פישל מלמד, אָדער ווי מ'האט אים גערופן, פישל מענדעל נעבעכס, אָדער סתם, פישל מארשאליק. לויט ווי מ'האט מיר דאָ דערציילט, האָט שפּעטער זיין זון אריה, איבערגענומען זיין שטאנד אלס בדחן, ווען ער איז שוין עלטער געווארן און נישט מער געקענט שטיין אויף טישן.

דער תוכן פונעם בדחנות, איז מערוויינקער געווען דערזעלבער אויף אלע חתונות, נאָר איבערגעטוישט אויף אנדערע ווערטער און לויט ווי דער מחותן האָט געצאָלט, אזוי האָט ער מאריך אָדער מקצר געווען.

דער חתן ווידער איז געזעסן אין א אנדערער דירה, לרוב נישט אינעם זעלבן הויז, ארומעם טיש זענען געזעסן בחורים, וועלכע דער בעלפער פון דעם דרדקי מלמד, ווו דעם מחותנ'ס קינדער האבן געלערנט, האָט איינגלאדן. דער בעלפער האָט פאר זיין מי.

באקומען „ש״ק-געלד״, וואס דער חתן און די ארומיק זיצנדיקע בחורים האָבן ארויפגעלייגט אויף א טעלער, וואס דער בעלפער האט אנידערגעשטעלט אויפן טיש, אויסרופנדיק מיט א הויכער שטימע, ציענדיק די ווערטער „ש״ק-געלד״.

ווען דער חתן איז נישט געווען פון דערזעלבער שטאָט, איז מען אים אקייגן געפארן. ווען ער איז געקומען מיט דער באן — קיין ליקאָוויצע, ווען מיט אקס, מיט געלעגנהייט — אינעם נאָנטן דאָרף און דאָרט געוואַרט אויף אים. די אקייגן-פאָרער זענען געווען, בחורים פון דער נאָענטסטער משפחה מיטן בעלפער בראש. די פערד זענען געווען באהאנגען מיט גלעקלעך און אריינגעקומען איז מען אין שטאָט מיט געזאנג און די גלעקלעך האָבן צו געגלעקלט. אויך דעם חתן האָט דער מארשאלעק באזונגען פאר דער חופה, פארן באזינגען פון דער כלה. געפירט צו דער חופה האט מען נאכן „באדעקנס״. פארן פירן דעם חתן צו דער חופה, האט ער אויסגעליידיקט אלע זיינע קעשענעס, אויסגעטון דאס זייגערל און געבליבן זענען נאָר, א טאשנטיכל און דאָס טבעת קדושין און אָנגעטון אין א קיטל, האָבן אים די אונטערפירער, געפירט צו דער חופה.

א סך משונהדיקע סגולות זענען געווען ביים פירן צו דער חופה. איך האָב געקענט א פאָר פאָלק, וואס מ׳האָט דער כלה פאר דער חופה, אריינגעלייגט אונעם בוזים 2 נישט געקאָכטע אייער, א סגולה צו פלאָדען זיך, ד. ה. האָבן א סך קינדער. טייל מאמעס האָבן אויך אָנגעזאָגט דער כלה, זי זאָל, ווי נישט ווילנדיק, בשעת מ׳וועט זי 7 מאָל ארומפירן ארומעם חתן, א טרעט טון אויפן חתנ׳ס פוס, א סגולה, זי זאָל הערשן איבער אים.

די חופה׳ס זענען לרוב געווען פאר דער גרויסער שיל, אין וועלעכער גאס די חתונה זאָל נישט געווען זיין. די חופה-צערעמאניע איז געווען ווי ביי א יעדער חופה, נאר נאכן פירליינען די כתובה, האט שמואל בעדער, וועלעכער האט געוויינטלעך געקאכט די געפילטע פיש אויף יעדער חתונה און אויך געווען א „סארווער״ ביי דער חתונה-סעודה, תיכף איבערגעגעבן די כתובה דער כלה, אויסרופנדיק „דו האסטי א קאָנטראקט אויף 120 יאר״.

נאָך דער חופה, האָבן די אונטערפירערקעס, מיטן גרויסן אונטערפירער קוילעטש אין די הענט, געטאנצט אויף צוריק, פארן פ׳ירנדיקן חתונה-געהאטן פאָרפאָלק, באגלייט פון דער נאכגייענדיקער מוזיק, ווי ווייט עס זאל נישט געווען זיין.

ס׳פלעגט טיילמאָל טרעפן, אז נאָך אלעמענס „אויסרעכענען״, אז עס איז פלוצים עפעס קאליע געוואָרן... האט מען חתן כלה יעדן באזונדער צוריקגעפירט. אזא זאך האט זיך באלד צעפויקט אינעם שטעטל און יעדער האט געוווסט, אז עס איז געווען א „טרפה׳נע״ חתונה. אזא מעשה האט געגעבן א וואָכנלאנגע טעמא פון רכילות שמועסן אין שטעטל. די מיידלעך פלעגן ביי אזעלכע שמועסן רויט ווערן און די ווייבער האבן אין זיך אריינגעלאכט. אין אזא פאל האט די צוקונפטיקע שוויגער א זויער פנים ארויסגעוויזן און די גאנצע חתונה איז שוין געווען א פארשטערטע.

די חתונה-סעודה נאָך דער חופה ווי אויך דאָס „מצוה-טענצל״, האָט אין זיך נישט געהאט קיין באזונדערע מנהגים און דורכדעם איז נישט כדאי אויף דעם זיך באזונדערס

אָפּצושטעלן. איך וויל נאָר דאָ דערמאָנען דעם ענין „דרשה-געשאַנק״. נאָכן עסן איז דער בדחן ארויף אויפן טיש, אנדיערגעלייגט א גרויסע טאַץ און הויך אויפן קול אויסגערופן: דרשה-געשאַנק כלה׳ס צד. יעדער געבער איז צו צום טיש, אנידערגעלייגט זיין מתנה און דער בדחן האט יעדן אויסגערופן ביי זיי נאָמען און אויך וואָס די מתנה איז. דאָס-זעלבע איז געווען ביים דרשה-געשאַנק חתנ׳ס צד. דעם צווייטן טאָג, אינדערפרי, האָבן די אונטערפירערקעס באַדאַרפט קאָנטראָלירן דאָס ליילעך פונעם פּאָרפאָלק.

**א "זכר"**

ווען ביי וועמען אין שטעטל איז געבוירן געוואָרן א יינגל, האָט מען פרייטיק צונאכטס געפּראַוועט א „זכר״. דער בעל שמחה האָט, דורכן שמש, נאָך קבלת שבת, געלאָזט אויסרופן, אין דעם מקום קדוש ווו ער האָט געדאַוונט, אַז ער בעט דעם עולם אויפן „זכר״. נאָכן עסן זענען זיך, ביים בעל שמחה, צוזאַמענגעקומען בעלי בתים, משפחה, סתם גוטע פריינט און סתם יידן, וועלכע מ׳האָט גערופן די „גייער״, ווייל זיי האָבן בכלל נישט פאַרפעלט צו גיין אויף יעדער שמחה. מ׳איז געזעסן ביז אין דער האַלבער נאַכט אריין, געזונגען זמירות און פאַרביסן מיט אויסגעזאָטענע אַרבעס מיט ניס און פאַרטרונקען מיט א גוטע האַלבע ביער. אויף א שמחה האָט דער ייד פאַרגעסן די דאגות פרנסה און זיך געפרייט מיטן בעל שמחה, גלייך זי וואָלט זיין אייגענע געווען. ביים זכר-טיש פלעגט מען דערציילן מעשיות פון „גוטע יידן״, באַזונדערס אין די לאַנגע ווינטער נעכט און פאַרביסן נאָך דעם מיט דרעלי און א גוטן טרונק בראַנפן.

אזוי האָט זיך דאָס שטעטל געלעבט זיין לעבן ביזן ערשטן וועלטקריג. אזוי-ווי דאָס יידישע לעבן דאָרט איז אינגאַנצן אָפּגעמעקט געוואָרן און עס איז קיין זכר פון דעם לעבן נישט געבליבן, האָב איך געפונען פאַר א חוב צו פאַרשרייבן, ווי דאָס לעבן האָט אויסגעזען.

שמעון פרידלנדר

# קוריאָזן און מעשה׳לעך פונעם שטעטל

**(וואָס מ׳האָט מיר דערציילט און וואָס איך אליין געדענק נאָך)**

דערציילט האָט מיר מיין מוטער הי״ד, אַז דערציילט האָט איר, איר זיידע ר׳ מרדכי הערש דים ע״ה, א מעשה וואָס האָט געטראָפן מיט זיין זיידן ר׳ יאָסל ניעבישטשאַנער (א דאָרף נעבן ברעזאַוו) דער פאָטער פון דער פאַרשפּרייטער, אין גאַנץ גאַליציע, פאַמיליע נאָמען, **דים**. ר׳ יאָסל איז געווען א ליפעראַנט, וואָס האָט געליפערט אָקסן צום גרויסן יריד אין אָלמיץ. (דורכדעם, ווייזט אויס, איז אין לינסק ארומגעגאַנגען דאָס שפּריכוואָרט, „אַז מ׳פירט אַן אָקס קיין אָלמיץ און מ׳ברענגט אים צוריק, בלייבט ער דערזעלבער אָקס).

מאַכט זיך איינמאָל אַז ר׳ יאָסל איז צוריקגעקומען פון אָלמיץ און מיטגעברענגט

מיט זיך צוויי נייע זאכן. ערשטנס א לאָמפּ וואס לייכט מיט נאפט און מיט א לאָמפּנגלעזל, כאָטש עס שטייטביים פלאם שפרינגט עס נישט, אבער דאס איז נישט געווען אזא גרויס וואונדער, א וואונדער איז דאָס, וואָס עפּעס א ווייס וואסער, וואָס מ׳רופט נאפט, ברענט גאַר און גיט אזא גרויס ליכט, מער אפילו ווי 5 חלב-לעכט און בעסער ווי א קנייטל איינגעטונקן אין בוימל. יידן פון גאנצן שטעטל זענען געקומען באוואונדערן דעם רבש״ע׳ס כוח, וואָס האָט באשאפן די וועלט מיט חכמה און פארשטאנד און געגעבן כוח א פשוט ביסל ווייס וואסער, אַז ס׳זאָל ברענען. ווען כמעט דאס גאנצע שטעטל איז שוין געווען פארזאמלט, האט ר׳ יאָסל געגעבן א וווּנק זיין ווייב, אז זי זאָל דערלאנגען טיי דעם עולם און זי האָט אָפּגעקאכט די טיי, אויסגעגאָסן דאָס וואסער און דערלאנגט דעם טיי אין טעלערלעך מיט לעפאלעך, כדי דער עולם זאל פארזוכן פונעם נייעם מאכל, וואָס איר מאַן האָט געברענגט פון דער גרויסער וועלט.

אינעם פארגאנגענעם יארהונדערט, נאָך איידער דודי גוטליב און סיני גינצבערג האָבן געעפנט זייערע האָטעלן, איז אין לינסק געווען, נאָר איין האָטעל, ווו א ייד האָט געקענט איבערנעכטיקן. דעמאלט האָט מען עס נאָך נישט גערופן מיטן מאָדערנעם נאמען ,,האָטעל״, נאר פשוט אן ,,אריינפאָרהויז״. דער גאנצער ,,האָטעל״ איז דעמאלט באשטאנען פון איין גרויס צימער, צוויי קליינע צימערלעך און א קיך. און נישט נאָר א האָטעל איז דאָרט געווען, נאר אויך א רעסטאָראן, ,,גור-קיך״, ווי מ׳האט עס דעמאלט גערופן, ווו יידן, וועלכע פלעגן קומען אויף די מארקטעג, פון דער ארומיקער סביבה, ווי באַליגראַד, איסטעריק און נאָך, האָבן געקענט דאָרט עסן א יאָכל.

אינעם גרויסן צימער פונעם ,,האָטעל״ איז געווען ארומגעשטעלט ארום די ווענט, בעטן מ׳ט באנק-בעטלעך און אינמיטן שטוב איז געשטאנען א טיש מיט בענקלעך. ביי נאכט האט מען אויסגעבעט געלייגערס אפילו אויף די ברעטער פון די באנק-בעטלעך. אין די זיבציקער יארן פונעם פארגאנגענעם יארהונדערט, זענען איטאליענער געקומען בויען דעם צווייטן באנגעלייז אויף דער ליניע מעזעלאבריץ-פשעמישל, זענען זיי נאַט׳רלעך דאָרט איינגעשטאנען; זענען געקומען די איסטעריקער כליזמער, מיט מאיר כליזמער בראש, שפּילן אויף א יידישער חתונה אָדער להבדיל אויף א גויאישן באל, זענען זיי דאָרט געשלאָפן; זענען געקומען לעמבערגער יידישע אקטאָרן פאַרשטעלן יידיש טעאטער, און דעמאלט זענען זיי מער געקומען ווי אין די שפּעטערע יארן — האבן זיי נישט נאָר געשלאָפן דאָרט, נאָר אויך דאָרט געשפּילט טעאטער. און נישט נאָר די אויבן אויסגע-רעכנטע, נאָר אויך די נישט יידישע אינטעליגענץ, (יידישע אינטעליגענץ איז דעמאלט אין שטעטל נישט געווען) ווען זיי האָבן געוואָלט זיך טרעפן אויסער זייערע היימען — זענען זיי זיך אויך דאָרט צוזאמענגעקומען.

ביי דער געלעגנהייט, גלויב איך, איז כדאי צו דערמאנען א כאראקטעריסטיש׳ן פאל, וועלכער באווייזט ווי שטארק דאָס אָפּהיטן דאָס געזעץ אונטערן עסטעררייכישן רעזשים אין גאליציען איז געווען, נישט נאָר לגבי יידן, נאָר אויך לגבי אירע אייגענע באאמטער. עס האָט אמאָל געטראָפן, אז דער סטאראָסטע מיט אנדערע העכערע באאמטער, האבן

געשפּילט קאַרטן און זיך פאַרשפּילט ביז איבער 12 ביי נאַכט. אזויווי 12 איז געווען די שפּערשעה, ווען א רעסטאַראַן האָט שוין באַדאַרפט זיין געשלאָסן, זענען די זשאַנדאַרמען (די „לייכטערלעך", ווי מהאָט זיי ביי יידן גערופן) געקומען און פאַרלאַנגט פונעם סטאַראָסטע און די מיטשפּילער, אַז זיי זאָלן זיך צעגיין, כאָטש דער זשאַנדאַרם איז געווען אונטערלייגן דעם סטאַראָסטע. דעם סטאַראָסטע האָט דאָס נאַטירלעך זייער אויפגעקאָכט, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין ברירה און געמוזט אוועקגיין. ער האָט נאָר דעם זשאַנדאַרם געענטפערט אויף דייטש, ווי דאָס אַמטלעכע לשון אין גאַליציע איז דעמאָלט געווען, „רעכט האָסט דו טאַקע, אָבער א חזיר ביסטו".

דעם בעל בית׳ משפּחה גופא איז אויך באַשטאַנען פון 6 נפשות: ער אַליין, זיין ווייב און 4 קינדער און אויך זיי האָבן דאָרט געוווינט. אי, וועט איר פרעגן: ווו האָט זיך דאָרט אַזויפיל מענטשן געקענט אַהינטון? דאָס איז קיין קשיה נישט. דער ייד דעמאָלט, איז נאָך נישט געווען אַזוי פאַרוויינט, ווי ער איז שפּעטער געוואָרן, אַרויסקומענדיק אין דער גרויסער וועלט. דעמאָלט האָט דער לינסקער ייד נאָר געזוכט א „געלייגער", ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן און נישט געוווסט פון באַקוועמלעכקייטן, ווי ער האָט זיך שפּעטער אַזוי שנעל צוגעוווינט צו זיי און אַלעס אַזוי שנעל פאַרגעסן, פון ווו ער קומט אַרויס און וואָס ער איז געווען.

אויך די „שטעלערס", וואָס זענען צו יענער צייט, געקומען קיין לינסק פונעם גאַנצן באַצירק, זיך שטעלן צום אַסענטירונג, זענען דאָרט איינגעשטאַנען, מיטן רב פון יעדן שטעטל בראש, וואָס איז מיטגעקומען מיט זיין עדה, כדי נישט צו דערלאָזן די אָרעמע שטעלערס צו באַ׳עוולה׳ן בשעת מ׳וועט צוזאַמענשטעלן די רשימה פון שטעלערס, וועלכע דאַרפן באַפרייט ווערן און נישט גיין דינען. ווען ס׳איז פאַרט געווען מער מענטשן, אַז אפילו אויף דער בריק איז שוין אויך מער קיין פּלאַץ נישט געווען, זענען א טייל שטעלערס אוועק אין בית המדרש שלאָפן אויף די בענק. ערשטנס זענען שטעלערס בכלל געוווינט געווען צו שלאָפן אויך בענק און צווייטנס, ווי לאַנג איז דען, אַז אויך דאָ אין לאַנד, איז מען געוווינט געווען, ווען געסט זענען געקומען, צו שלאָפן אויף דער ערד?

מאַכט זיך א מעשה, אַז א לינסקער ייד האָט געוואָלט מ׳זאָל אים געבן לא יחרץ געלד, ווען נישט, יאָ ווען נישט, וועט ער מסרן. די מעשה האָט פּונקט געטראָפן מיט די באַליגראַ־דער שטעלערס און דעם באַליגראַדער רב. געווען איז דאָס א ייד, וואָס האָט אַרומגעטראָגן ווינטער, לימענעס און מאַראַנצן צו פאַרקויפן, האָט זיך געדרייט איבעראַל און געוווסט וואָס עס טוט זיך אין האָטעל מיט די שטעלערס. איז ער איינמאַל געקומען צום בעל בית פונעם האָטעל און געזאָגט: ר׳ יוסף בער, איר זאָלט וויסן אַז איך וויל עפּעס האָבן דאַפין, איך בעט אייך, רעדט די זאַך דורך מיטן רב און זאָגט אים דאָס, ווען נישט ווייסט איר, ר׳ יוסף בער, אַז איך ווייס ווו א טיר עפנט זיך. גוט — האָט אים דער בעל בית געענטפערט — איך וועל דאָס דורכרעדן, אוודאי קומט אייך! קומט נאָך מנחה מעריב וועט איר באַקומען. דער בעל בית איז געווען זער א קאָרעקטער אָבער, זאָל ער מיר מוחל זיין, זער א בייזער און די גאַנצע מעשה האָט אים זער אויפגערעגט. וואָס הייסט?

א ייד וואגט צו זאָגן אז ער וועט מסרן? פארצייטן זענען די באגריפן פון מאָראל און אנשטענדיקייט געווען אנדערש ווי היינט. פארצייטנס איז פאר א ייד אין שטעטל געווען א חרפה, א בושה צו פארדינען געלט אויף א נישט כשר'ן אופן. איבערהויפט נאך מסרן! אויף א מוסר האָט דער ייד אין שטעטל געקוקט, ווי אויף דעם ערגסטן, ווי אויפן געמיינסטן. דער בעל בית האט די גאנצע זאך דערציילט דעם בעליגראַדער רב און מ'האָט אפגערעדט וואס צו טון. ווען דער ייד איז ביי נאכט געקומען נאָך תשובה, האָט דער רב ארייגערופן די שטעלערס און אָנווייזנדיק אויפן ייד, צו זיי געזאָגט: דאָס איז דער ייד וואָס וויל עפּעס האָבן. די שטעלערס האָבן דעם ייד קודם כל צעטרעטן דאָס גאנצע ביסל סחורה און דערנאָך אים גוט צעבראָכן די ביינער, אז דער ייד איז דערנאָך אָפּגעלייגן כמעט 3 חדשים, כדי ער זאָל פילן אויף זיינע פלייצעס, וואָס עס הייסט: וועלן גיין מסרן.

דעם קוריאָז האָט מיר מיין פרוי דערציילט, וואס איר פאָטער ר' צבי לערנער נ"ע האָט איר דערציילט. ער אליין איז געווען אן עדות פון דער גאנצער מעשה. די זאך האט פאסירט אין די אכציקער יארן פונעם פארגאנגענעם יאָרהונדערט.

אין לינסק איז געווען א בירגערמייסטער, ביעלאַק האָט ער געהייסן, וואָס האָט זיך נישט געקענט אונטערשרייבן. איך געדענק אויך א קולטוס-פרעזידענט, וואָס האָט אפילו זיין אייגענע אונטערשריפט נישט געקענט איבערליינען.

אין לינסק איז געווען א „יד חרוצים" פאריין, וואס האָט זיך אינעם יאָר 1906 פאר-מאכט. דאס איז געווען א בעלי מלאכה פאריין, ווו די חברים האָבן נישט געצאָלט קיין חברים חדש-געלד. די פאריין האָט זיך אויסגעהאלטן פונעם „מנין" און, הערט א מעשה, פונעם „לאָמפּנגעלט" פון קאָרטן שפּילן. דער פרעזידענט איז געווען הלל גרשון, א איינבינדער און דער וויצע איז געווען שמעון מערגעל, א שניידער. קיין פראָפעסיאנעלע אָדער קולטורעלע ארבעט האָט די פאריין נישט געפירט, נאָר יעדער חבר האָט דאָרט באקומען א האלבע ביער מיט א גראצער ביליקער ווי אין שענק.

שמעון פרידלנדר

## ר' שאיע בעריש (שאיבעריש)

### (דער ערשטער "רעוואָלוציאָנער" אין שטעטל)

פון יעדער גרופּע מענטשן, וואס לעבן דורות לאנג צוזאמען, שיילן זיך אויס מיט דער צייט, איינצעלנע טיפּן, אוניקומס, וואס הייבן זיך בולט ארויס פונעם כלל, פון דער גרויסער גרופּע דורכשניטס-מענטשן, טיפּן וואס לאָזן איבער אין זכרון, געוויסע איינדרוקן, וואס זענען כדאי אויפגעכאפּט צו ווערן אויפן פּאפּיר, נאכדעם ווי זיי זענען אָפּגעמעקט געווארן, צוזאמען מיטן גאנצן יידישן לעבן פונעם שטעטל.

דאס גראַע יידישע לעבן פונעם שטעטל, האט זיך דורות לאנג כמעט נישט געענדערט, א חוץ ווען אויסערגעוויינטלעכע געשעענישן האבן עס אויפגעטרייסלט און איבערגעלאזט זייער השפעה אויף די שפעטערדיקע דורות. ווי למשל דאס בויען פון דער באנליניע אין די זעכציקער יארן, אדער די גרויסע שרפה אינעם יאר 1886, וואס האט גורם געווען צו איבערשיטן פון כמעט אלע יידישע הייזלעך פונעם שטעטל. גענוג איז געווען די דירה-נויט אין שטעטל נאך דער שרפה, נאך אין מיינע צייטן, ווו גרויסע משפחות מיט א סך קינדער האבן געוווינט אין איין שטוב, אדער אין בעסטן פאל, אין א גרויסער שטוב, געטיילט אין צווייען, א שטוב מיט אן אלקער, פאר דער שרפה אבער, ווי מ׳האט מיר דערציילט, איז די ענגשאפט נאך גרעסער געווען. דאס האט דערצו געברענגט, אז דער ייד, האט די פרייע שעהן זיינע, פארברענגט אין די בתי מדרשים, ווו ער האט זיך אויך געטראפן מיט א מענטש און ווו ער האט זיך ווינטער אויך געקענט אָנוואַרעמען. דאַס לעבן האַט זיך געפירט מאַנאַטאַניש, איינפערמיק, דער היינט ווי דער נעכטן און דער מארגן ווי דער היינט. פאר דעם טאקע האבן זיך די באזונדערע טיפן נאך בולטער אַפגעשטאַכן. די טיפן קומען נישט דערציילן נאַר פון זיך, נאַר שפיגלען, אין א געוויסע מאס, אַפ די תקופה, אין וועלכע זיי האבן געלעבט.

ווי ווייט מיין זכרון גרייכט, געדענק איך ר׳ שיע בערישן („דאַפלט”) שוין אלס אלטן ייד, מיט א גרייז-גראַע באַרט, געגענאיבער דעם מויל, שווארצלעך אביסל, פונעם רינענ-דיקן סאַק ביים מישטשיקל פונעם לאנגן פייקע-ציבעך. א הויכער, אביסל שוין איינגע-בויגענער, שטארק געבויטער ייד, מיט א אלטן, שטארק אויסגעקראַכענעם סאמעטענעם קאפעליטש, אראַפּגערוקט ביז טיף אינעם שטערן אריין. דער אונטערשטער טייל קאַפּ איז געווען באדעקט מיט דער, פון אונטערן קאפעליטש ארויסשטארטשענדיקער יארמעלקע, וואס איז שווער געווען צו זאגן, ווען זי איז אמאל ניי געווען. ווינטער האט ער געטראגן, אנשטאט דעם קאפעליטש, א קליין פאלש באראנקאַווע היטל. די שווארצע באנוולנע בעקעשע מיט די לענגלעכע קעשענעס, ווו פון איין קעשענע האט ארויסגעשטארט א קאַלירט נאַז-טיכל פון נישט קאַנטראַלירבארע פארבן און פון דער צווייטער קעשענע — א שטיקל דראַט פונעם טיטיג-קאפטשיקל, — וואס איז שוין שטארק גרין געווען פון אלטקייט און רעגן, — איז אלעמאל געווען פארמעליקט פון צעריבענער רעטשקע, וואס ער האט געמאלן אויף זיין רעטשקע-מאשין, צונויפגעקלאפט פון ברעטער, און דער הילצענער ראד האט זיך געדרייט דורכן טרעטן מיט א פוס. דאס איז טאקע געווען זיין פרנסה, פון דעם האט ער זיין חיונה געצויגן. מיט דער מאשין האט ער אויך געהאקט רעטשענע-גרויפן. אי דאס רעטשן-מעל אי די רעטשענע-גרויפן, האט ער פארקויפט צווישן די געוועלבלעך פונעם שטעטל און צווישן גאיעס פון דארף.

ער איז געווען אן אלטער באַיאנער חסיד, אבער א נשמה, א טעמפעראמענט, האט ער געהאט, פון א רעוואָלוציאָנער, לויט די דאמאלסדיקע באגריפן פונעם שטעטל. ער האט געהאלטן אין איין טענהן, אז יידן דארפן זיין שטארק, לעבן פון יגיעת כפים ווי ער, כדי אז זיי זאלן נישט דארפן, מיט שווערער ארבעט, אַנקומען צו גויים. ער איז געווען

דער ערשטער פון די (זע די מעשה פון דער גרויסער שרפה) וואס האבן אליין געמאָלן זייער שמירה ווייץ אויף דער זשאַרנע אין דער ווייבערישער סאדאגערער קלויז, צוזאמען מיט זיי חבר, אויך א באַיאנער חסיד, ר׳ זיינוועלע שאולס ז״ל.

די פאָלגנדיקע מעשה האט מיר דערציילט מיין רבי ר׳ זיינוואלע ז״ל. איינמאל אין א שטארקן, שווערן ווינטער, אין א זאוויערוכע, ווען אין דער סאדאגערער קלויז האט זיך אויסגעלאזט דאס געהאקטע האָלץ און קיין גויישע האָלצהעקער אינעם שטעטל זענען נישט געקומען, זענען נישט געווען בנמצא, — האט ר׳ שאיע בעריש זיך אליין גענומען צו דער ארבעט, צו צעהאקן דאָס האָלץ. ער מיט זיין חבר ר׳ זיינוואלע, האבן אויסגעטון די בעקעשעס, און אין די וועסטלשפענצערס גענומען זיך צום צעהאקן די שאַנגע האָלץ, וואס איז געלייגן אינעם פאָליש פון דער קלויז. אמת ס׳האט לענגער געדויערט ווי ביי גויישע האָלצהעקער, ווייל זיי זענען דאך נישט געווען צוגעוווינט צו אזא שווערער ארבעט, און יעדער פון זיי האט בשעת דער ארבעט, אויסגעטרונקען מער ווי א ליטער אקאוויט, כדי זיך צו דערוואַרעמען, אבער ר׳ שאיע בעריש האט דאביי געוויזן אז דער ייד טאר נישט זיין אנגעוויזן נאר אויפן גוי. ווען נישט ער, וואלט נישט איין ייד דעמאלט, נישט געווען געקענט קומען צום דאווענען מיט מנין דורך די קעלט און מען וואלט אויך נישט, אין די לאנגע ווינטער נעכט, געקענט לערנען דאָרט.

ער איז געווען א ייד אן עקשן, און ווען ער האט זיך עפעס גענומען אין קאָפּ אריין, האט ער עס געמוזט אויספירן. מאכט זיך אזא מעשה: ער האט אמאָל געחלומט, אז זיין קוזינע, וואס האט ערגעץ געוווינט אין זיבענבירגן, אין אונגארן, האט געהאט א טאכטער, וואס זאָל האבן געוווינט אין מצרים, איז דארט געשטארבן קינדערלאָז, נישט איבער-לאזנדיק דארט קיין יורשים און איבערגעלאָזט א גרויס פארמעגן. אזוי ווי די קוזינע איז אליין געווען אן אלמנה און מער ווי די איינציקע טאכטער נישט געהאט, געהערט איר, הייסט עס, די גאנצע ירושה. וויאזוי די קוזינעס טאכטער האט געהייסן, ווו זי האט געוווינט, פון וואס אייגענטלעך די ירושה באשטייט, אפילו נישט גענוי, ווו די קוזינע האט געוווינט, האט ער נישט געוווסט. אבער אזא ייד, ווי ר׳ שאיע בעריש, לאזט נישט סתם אָפּ אזא זאך. ער איז געווען זיכער אז דער חלום איז אן אמת׳דיקער און נאך לאנגע זוכענישן האט ער ערגעץ, אויף אן אלט ספר, געפונען די אדרעס פון דער קוזינע אין אונגארן און נישט נאר ער האט הייליג געגלייבט אינעם חלום, נאר אויך דאס גאנצע שטעטל מיט אים. אבער ווו נעמט מען אויף הוצאות הדרך פאר אזא לאנגער נסיעה, פון לינסק ביז זיבענבירגן, צוויי מעת לעת צו פאָרן מיט דער באן? די מעשה איז געוויער געווארן א גויאישער אדוואקאט און ער האט געמאכט שותפות מיט ר׳ שאיע בערישן אז ער, דער אדוואקאט הייסט עס, וועט פינאנסירן די גאנצע זאך און ער וועט באקומען 50% פון דער ירושה. די מעשה, אז א גויאישער אדוואקאט האט זיך גענומען צום ענין, האט ממש אויפגעקאָכט דאס גאנצע שטעטל. ס׳טייטש! ווען אן אדוואקאט, און דערצו נאך א גוי, האט זיך גענומען צו דער זאך, מוז זיכער עפעס שטעקן דארין און יידן האבן אָנגעהויבן מקנא צו זיין ר׳ שאיע בערישן, אז דער רבש״ע האט אים אויף דער עלטער

צוגעשיקט אזא ירושה. וואס האט זיך אבער ארויסגעוויזן? נאך 2 טעג טליקען זיך מיט דער באן, זענען טאקע, ר׳ שאיע בעריש מיט אן אנגעשטעלטן פונעם אדוואקאט, אנגעקומען אינעם שטעטל אין זיבענבירגן, אבער די קוזינע זיינע האט שוין מער נישט געלעבט. לויט ווי די יידן דאָרט האבן דערציילט, האָט טאקע די קוזינע געהאט א טאָכטער, וואָס האָט געווינט אין מצרים און זי זאָל טאקע האָבן דאָרט געווען זייער רייך, אבער ווי די טאכטער האט געהייסן אין וועלכער שטאט אין מצרים זי האט געווינט, האט מען נישט געקענט געוויער ווערען.

שמעון פרידלנדר

## פארשטערטע ימים טובים

### זכרונות פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

סוף יאר תרפ״ד (סעפטעמבער 1914). דאס עסטעררייכישע מיליטער איז צוריקגעלאפן, צעשלאגן, צעהרגעט, הפקר לאזנדיק גאנץ אסט און מיטל-גאליציען. די ווילדע רוסישע הארדעס האבן זיך צעשפרייט איבער די גאליצישע שטעטלעך, איבער די יידישע ישובים, ברענגענדיק מיט זיך רויב און מארד. מיט פארבלוטיקטע הערצער און מיט א גרויסער אימה, האבן די יידן אין די קליינע שטעטלעך צוגעזען ווי ,,אונדזערע״, ד.ה. קיר״הס׳ זעלנער, האלטן אין איין לויפן אויף צוריק, דערציילנדיק גרוילדיקע מעשים פון די רוסישע שווארצמאה׳ניקעס, ביחוד אין די קליינע שטעטלעך פון וואנען קיינער קען נישט געוויער ווערען זייערע ,,מעשים טובים״.

דער ראש השנה איז געווען א פארשטערטער. דער מארק-פלאץ איז געווען באלייגט מיטן אפציענדיקן מיליטער, אפגעמוטשעטע, פארהונגערטע, אפרוענדיק זיך איבעראל כדי ווייטער צו לויפן. פון אלע זייטן זענען זיי געקומען: מיטן קייזער-וועג, מיט די סטעשקעס, פון אויבן אין דער גאס, פון בראס און מיטן יאנקעוויצער וועג, צווישן זיי פארוואונדעטע און קראנקע. דער רב האט געלאזט אויסרופן אין אלע בתי מדרשים, אז אלע יידן זאלן זיך שטעלן באקן ברויט, אין סאמע יו״ט, פארן מיליטער און די הונגעריקע זעלנער האבן ממש פונעם אויוון, געכאפט דאס הייסע ברויט. אזא הונגער האט געהערשט צווישן זיי.

דאס צוריקלויפנדיקע מיליטער האט מיט זיך מיטגעברענגט די ,,כאלערע״. מענטשן זענען ממש געפאלן אין די גאסן. קיין דאקטוירים זענען אין שטעטל מער נישט געווען. ס״ה האט דאס שטעטל אין נארמאלע צייטן פארמאגט 2 דאקטוירים, א יידישן, ד״ר טורטעלטויב און א גויאישן ד״ר פאראיעוועסקי און אויך א באצירקס-פיזיק. ד״ר טורטעלטויב איז גלייך אנפאנג קריג אוועק צום מיליטער און די רעסטלעכע 2 זענען שוין געהאט

אנטלאפן. די כאלערע האט זיך פאר דאס פראנק און פריי געקענט פארשפרייטן. דער מלאך המות האט געפראוועט פריי זיינע ארגיעס. גאנצע יידישע משפחות זענען אויס־געשטארבן, מאמעס, טאטעס און קינדער, מער ווי 100 יידישע נפשות פונעם שטעטל זענען דעמאלט אומגעקומען.

3 טעג נאך ראש השנה זענען אריין אין שטעטל די ווילדע רוסישע הארדעס, גערויבט, געפלינדערט, פארגעוואלטיקט, פארברענט יידיש האב און גוטס, ווי דער סדר עולם איז אין א קריג. די ערשטע טעג זענען די יידן כמעט נישט ארויסגעקומען פון די הייזער. צוביסלעך האבן זיי זיך אנגעהויבן ארויסצווויזן, כאפנדיק פון צייט צו צייט קלעפ מיט די נאגייקעס פון די קאזאקן. יום כפור איז געווען א פארשטערטער און אויך סוכות האט קיין טעם נישט געהאט, ווייל מ׳האט מורא געהאט צו שטעלן סוכות. אפילו די סוכות אויף די ביידעמס, האבן אויך נישט געהאט קיין סכך, ווייל אויך דער דארפס־גוי האט מורא געהאט צו קומען אין שטאט אריין.

פלוצים, א טאג פאר הושענא רבה, האבן זיך די רוסן צוריקגעצויגן און „אונדזערע״ זענען צוריק אריין אינעם שטעטל. דאס גאנצע שטעטל איז דעם טאג „געלייגן״ אויף דער גאס. יידן האבן ממש געטאנצט אין די גאסן פאר שמחה. ס׳איז געווען א לוסטיקער הושענא רבה, מ׳האט געהייצט דאס באד געווארעמט די מקוה און געמאכט א גוטן שוויצ־באד לכבוד שמיני עצרת.

הושענא רבה פארנאכט, האט אנגעהויבן צו פראשען דער ערשטער שניי. אין משך פון דער נאכט, זענען אלע דעכער געווארן אפגעקאלעכט און דאס גאנצע שטעטל האט זיך איינגעהילט, לכבוד יום טוב, אין א ווייס פאכיק קלייד. די יידן אין שטעטל האבן זיך געגרייט צו פראווען א לוסטיקן שמחת תורה. פישל מענדל נעבעכס האט שנעל הושענא רבה, אויסגעוואשן זיין ווייסן זיידענעם כאלאט, וואס ער פלעגט טראגן יעדן שמחת תורה.

שמיני עצרת גאנץ פרי, זענען יידן, ווי דער סדר עולם איז, געלאפן, אין דער נאך פון נעכטן, גאנץ ווארעמע מקוה, גארנישט וויסנדיק וואס עס איז ביי נאכט אין שטעטל פארגעקומען. פלוצים האט חיים גענענדעלס, אדער ווי מ׳האט אים אין שטעטל גערופן, חיים פון דער בודע (זויערבערג) דערזען דורכן באד־פענסטער 2 רוסישע זעלנער מיט ביקסן, דרייען זיך אין דרויסן, און אזויווי ער איז געווען א גרויסער עסטערררייכישער פאטריאט, ווי אלע יידן אינעם שטעטל, האט ער צוזאמענגענומען אלע יינגעלייט, וועלכע האבן זיך געפונען אין באד און באשלאסן ארויסצוגיין און נעמען די 2 רוסישע זעלנער — געפאנגען און זיי איבערגעבן צו די „אונדזעריקע״. ווען נישט לייבאלע דים ע״ה, א מיושב׳־דיקער בעל בית, וואלט די היצקעפ נישט געווען צוריקגעהאלטן פון אזא נארישן שריט, ווער ווייסט וואס פאר א שחיטה די רוסן וואלטן דעמאלט צווישן די יידן געווען געמאכט. וואס האט זיך דערנאך ארויסגעוויזן ? די עסטערררייכער האבן ביינאכט דאס שטעטל ווידער פארלאזט און אוועק צוריק איבערן סאן און די רוסן זענען ווידער געווען די בעלי בתים. דער שמחת תורה איז שוין במילא געווען א פארשטערטער.

**נחום ווײנבערגער**

# פרנסות אין לינסק


תמונת המחבר

דער באגריף פון פרנסה ביי לינסקער יידן איז געווען א אייגענארטיקער. אז א ייד האט באוויזן דאנערשטיק צו ברענגען דעם ווייב געלד, אויף איינצוקויפן מעל אויף ברויט פאר דער קומענדיקער וואך, ווייל אין לינסק האט מען דאס ברויט אליין געבאקן, האט שוין דאס געהייסן פרנסה, טראָץ דעם וואס פיל מאל איז דאס געלד געווען געבארגט. ווער עס האט פארדינט אויך אויף פלייש און פיש, דער האט זיך שוין גערעכנט פאר א גביר.

דערזעלבער באגריף איז געווען אויך וועגן וווינען. דער רוב יידן האט געוווינט אין איין צימער, וועלעכס האט אויך געדינט פאר א קיך. עס זענען אויך אזעלכע געווען וואס זייער פרנסה איז געשאפן געווארן אין דעם איינעם צימער, ווי שוסטער, שניידער און מלמדים, אָן אונטערשיד וויפיל קינדער עס זענען געווען ביי אזא משפחה. קינדער דאס זענען געווען די איינציקה ברכה וואס איז געווען בשפע. די מערהייט פון דער יידישער באפעלקערונג האט זיך באשעפטיקט מיט קליין-האנדל, א טייל האבן געהאט געשעפטס-לאקאלען, א טייל האבן געהאט בודקעס און א טייל האבן געהאט „סטראגאנעס", דאס איז געווען א טיש מיט א ביסל סחורה, מיט וועלכען דער סוחר פלעג זיך ארויסשטעלן אויפן מארק איין מאל אין דער וואך, אין א מארקטאג. אינעם מארקטאג פלעגן קומען פיל פורן פון די דערפער און ברענגען זייערע פראדוקטן צו פארקויפן און איינקויפן וואס זיי האבן באדארפט. דאס איז געווען דער טאג, וואס האט דעצידירט וועגן דער פרנסה פון דער גאנצער וואך. עס איז כדאי צו באמערקן, אז דער גאנצער האנדל איז איינגעשטאנען אין יידישע הענט מיט אן אויסנאם פון 4—3 גוישע געשעפטן, אזוי אז עס איז אויסגעפאלן א יידישער יו"ט דינסטיק, האבן די באהערדן אפגערופן דעם מארק-טאג אויף מיטוואך.

עס איז אויך געווען א שיכט פון בעלי מלאכה'ס און אנדערע ארט פרנסות ווי, פעדלער, שדכנים מלמדים און פארשידענע כלי קודש. עס זענען געווען פאכן, וואס זענען געווען אויסשליסלעך אדער כמט אויסשליסלעך אין יידישע הענט ווי, שניידער, שוסטער, בעקער און סטאלער. עס זענען אויך געווען ריין גוישע פאכן, ווי קאוואלעס, שלעסער און מוירער. פייאקערס איז געווען א ריין יידישע פרנסה. זיי פלעגן פירן מיט פערד און וואגן די פאסאזשירן צו דער באן-סטאציע, וועלכע איז געווען 5 קילאמעטער ווייט פון דער שטאָט, ווי אויך אין די נאָענטע שטעטלעך ווי זאגוזש, סאניק, באליגראד. איך דערמאן

זיך די נעמען פון א טייל פון זיי ווי שמואל בוידעם, מענדעל קאזע, לייבאלע קילע און נאך.

עס איז אויך געווען א קליינער שיכט פון יידישע פויערן, דאס הייסט, קיין פעלדער האבן זיי נישט געהאט. זיי האבן פארמאגט 4—3 קי און א פאר ציגן. די פאשע פאר די בהמות פלעגט מען קויפן ביים גראף און די תוצרת האט מען פארקויפט דער יידישער באפעלקערונג. דאס איז געווען א שווערע ארבעט אין די דארטיקע באדינגונגען און א שוואכע פרנסה.

די אלע פרנסות ווי אויך אלע אנדערע געביטן פון לעבן האבן געהאט זייער טרא-דיציע פון פיל דורות, אין וועלעכע, ביז נאך דער ערשטער וועלט-מלחמה איז קיין ענדערונג נישט פארגעקומען. די גרויסע ענדערונגען און רעוואלוציעס, וואס האבן נאך דער מלחמה ארומגענומען די וועלט, האבן אויך א שטארקן טרייסל געגעבן דעם אלטן בנין פון דער יידעשער קאנסערוואציע. די יוגנט מיט דער ציוניסטישער לאזונג און דער רוף צו פראדוקטיוויזאציע, האט מאסנווייז אנגעפאנגן צו לערנען פאכן און פרנסות, און לינסק האט באקומען א ניי פנים.

חנה טיי־ווייטמאן
נוי־יארק



תמונת המחברת

# א בליק צוריק אויף מיין טייער לינסק

**(געגראמטע פראזע)**

**ווען איך קלער צו מיין קינדערצייט, דערמאן איך זיך**

**1**

שכנים האבן געגריסט איינער דעם צווייטן
יעדער האט דערקענט דעם אנדערן פון ווייטן
מען האט געוווסט אויב איינער האט קנאפ פרנסה
און אויב איינעמס קינד איז נישט געזונט אדער זיין זוגתו.

**2**

האט ביי איינעם געפעלט חיונה
האט מען אויסגעבארגט; מיין מימע
אזוי אויך אנדערע האבן באזארגט שוואכע
און קראנקע, ביי נעכט געזעסן און געוואכט.

**3**

די חדרים זענען געווען מיט יינגלעך איבערפולט
מען האט געלערנט חומש און גמרא

יונגעלייט מיט בעקעשלעך אין בית המדרש
זענען געוואקסן גאונים.

4

פלוצים האט די השכלה אין פענצטער געקלאפט
א דראנג צו פרייהייט האט די יוגנט ארומגעכאפט
עס איז געקומען צו א שפאלטונג צווישן אלט און יונג
אבער געזיגט האט יוגנט אין דעם קעמפנדיקן רינג.

5

צוערשט אין געהיים, מען האט זיך ארגאניזירט,
צוזאמען געלערנט, טעאטער אויפגעפירט
עברית גערעדט, געלערנט א מלאכה
מען האט געגלויבט עס וועט זיין א ברכה.

6

ארץ ישראל ווערט דאס הייליקע ציל
מען ווערט א חלוץ מיט א געהויבן געפיל
א שטארק צוזאמענגעהערן האט עס געגעבן
די יוגנט איז באגליקט מיט א אידעאל, מיט א ניי לעבן.

**צבי דים, שיקאגא**

# זכרונות פון לינסק

## "איינרייסן"

עס איז געווען שבת אין דער פרי, אין דער סאנדזער קלויז, מ'האט געהאלטן ביי די ,,שבת ברכות". מיט גרויס התלהבות, ווי דער סדר איז ביי בעלדזער חסידים, האט דער עולם געשמאק געדאווענט. פארן עמוד איז געשטאנען ר' מיכאל גראפעל און אויסגעלאזט מיטן באקאנטן שבתדיקן נוסח ,,ת-מו-תת ר-שע ר-ע ו-שונ-אי צ-דיק י-א-ש-מו, פו-דה ד' נ-פש ע-ב-דיו ולא י-אש-מו כל ה-חו-סים בו" און פלוצים האט זיך געהערט א געוויין און א געשריי. דריי ווייבלעך, די קעפ באדעקט מיט טיכלעך, אז מ'האט נישט געקענט דערקענען ווער זיי זענען, האבן זיך באוויזן אין דער אויפגעפראלעטער טיר און גלייך צו צום ארון הקודש מיט א יעמערלעך געוויין ,,יידן בעט רחמים".

דער גאנצער עולם מתפללים זענען שטיל געבליבן, אויך דער בעל תפילה האט אפגעהאקט אין דער מיט, יואל שמש האט געעפענט דעם ארון קודש און די ווייבער האבן ארייגעוויינט אויפן הויכן קול און געשריגן: ,,הייליקע אבות, לויפט בעטן רחמים, לאה בת בלימה יענטע זאל האבן א רפואה שלמה". ,,האב רחמנות רבש"ע" — האבן די ווייבער געיאמערט — ,,אויף א מאמע פון קליינע קינדער". ס'האט אפילו א סאך בעלי בתים מיטגעריסן צום וויינען, אזוי יעמערלעך האבן די ווייבער געוויינט.

ר' יענקלה ר' שיאלעס האט די אויגן געעפנט און געפרעגט ברוך טילעס, פאר וועמען מ'רייסט איין און ברוך טילעס האט אים געזאגט, פאר לייבאלע יאשעס טאכטער, זי איז א מקשה לילד. ר' יענקאלע האט צוריק פארמאכט די אויגן, זיך פארטיפט אין מחשבות און פלוצים א זאג געטון ,,דער רבש"ע וועט איר העלפן". ווי נאר דאס געזאגטע איז ארויס פון זיין מויל, האט איינער דעם צווייטן באלד ווייטער איבערגעבן, וואס ר' יענקאלע האט געזאגט און ווען די ווייבער זענען צוריקגעגאנגען פון קלויז האט מען זיי אויך דאס דערציילט וואס ר' יענקאלע האט געזאגט, אז דער רבש"ע וועט איר העלפן.

איידער נאך די ווייבער האבן די שוועל צוריק אהיים איבערטרעטן, האט מען שוין אין דרויסן געהערט דאס געוויין פון א ניי געבוירן קינד.

**דער אונטן געדרוקטער „אויפרוף“, וואס מיר פאר־עפנטלעכן אין דער אריגינאלער ארטאגראפיע, איז אויס־געקלעבט געווארן אין לינסק אינעם יאר 1937, און מער ווי עפעס אנדערש, ווייזט ער ווי דאס לעבן אין שטעטל האט נאך דעמאלט אויסגעזען.**

בעז״השית.

## יודען געוואלד ! יודען ראטעוועט !

ווי לאנג עס איז נאך צייט ! עס ברענט איין פייער וואס עס פארברענט יודישע נשמות מיט די גופים עס איז אפילו א חרפה צו רעדין וועגין אזעלכע זאכען עס איז א שאנדע פאר דעם כלל ישראל אבער וואס זאל מען טהוען מען טאהר מער נישט שווייגן מען מוז שרייען געוואלד ווען עס איז שוין געקומען צו דעם בעוה״ר אז טייל פרויען פון אונזער שטאדט וועלכע האט תמיד גיגאלטן פאר א יודישע שטאדט, הייבן אן צו פערלאזון די מצות טבילה און היטן נישט די דיני נידה מיט וועלכען זיי ברענגין אויף זיך און אויף דעם מאן דעם עונש כרת רח״ל זיי שטארבן פאר דער צייט ל״ע און אפילו ווען יעמאנד האט איין אנדערן גרויסן זכות אז ער בליבט לעבין, אבער די נשמה בלייבט אבגעשניטן אויף אייביג פון דעם לעבנס-קוואל צו השי״ת אויך בלייבט זייער זינד אויף אייביג פערקלעבט אויף זייערע קינדער וועלכע ווערען און ערצויגן אין טומאה וואס קענין זיך קיינמאל פין דעם נישט אבוואשן עס בלייבט אויף אייביג איין בן הנידה וועלכעס איז דער גרעסטער פגם משפחה וועלכער ערליכער יוד וועט זיך וועלען משדך זיין מיט א זאלכן וועלכע איבערטראגן זייער טומאה צו ווייטערע דורות צו פעראומרייניגן ח״ו דעם כלל ישראל, יעדער יוד ווינשט זיך דאך צו האבען גוטע קינדער אבער דאס קינד וואס ווערד געבוירען פון איין אומריין פאמיליען לעבען בעקומט א אומריינע נשמה וואס ציהט אים זיין גאנץ לעבען צו רשעות צו שלעכטס — חוץ דעם שטייט אין זוהר הקדוש אז דער עוון פון נידה איז גורם אז השי״ת נעמט ארוב די השגחה פון דער וועלט און ענפערט נישט די וואס בעטען און שרייען צו איהם יודען ! בעדענכט ווי מיר האלטן אין וועלט וואס פאר צרות עס שיטען זיך אויף די קעפ פון כלל ישראל ! חוץ דעם פעקל צרות וואס יעדער יוד האט פיר זיך און מיר בעטען און שרייען צום רבש״ע און ווערען נישט געענפערט. ליבע יודען ! לאמער א טראכט געבען אויב דאס איס נישט צוליב די זינד וועלכע האבען געברענגט דאצו אז השי״ב זאל זיך דערוואטערן פון אונז און דאדורך ליידען זעהר פיל אומשולדיגע מענשען ווייל יעדער יוד איז ערב פאר דעם צווייטען א ציטערניש נעמט ארום יעדען יוד הערענדיג אז די הארבסטע דינים פון דער תורה ווערען געבראכען, די עברה איז נאך הארבער ווי פון נבלה וטרפה ווי חזיר עסין איז גורם אין ווייל עברה גוררת עברה טייל מענשען זענען עובר בשאט נפש אויף דעם לאו פון נבלה וטרפה לא יאכל וואס די תורה זאגט צו דעם „לטמאה בה“ ווייל מאכלות אסורות זענען מטמטם את הלב זיי זענען מטמא די נשמה מיט דעם גוף און דאס ברענגט נאך צו הארבערע עברות רח״ל און דאס ברענגט דאס גרעסטע אומגליק אויף דעם כלל ישראל דער ענין

טהרת משפחה איז פון די 3 מצות וועלכע די פרויען האבען און ווען זיי היטען נישט די מצוה זענען זיי ביי איין געבורט פון קינד מסוכן חח״ל ווי זא קענען זיי בעטען דעם השי״ ער זאל זיי העלפען בשעת סכנה רח״ל ווען זיי היטען נישט אב די וויכטיגסטע מצוה זאלען די פרויען נישט מיינען אז מען ווייסט נישט, איהר זאלט וויסן אז דאס ביתדין פירט א גענויע קאנטראלע ווען איין פרוי זאגט ליגנט אז זי פאהרט אין א צווייטער שטאדט איז שוין אין ארדנונג נייו! זי איז נאך גורם אז אנדערע זאלען אויך קענען ליגענט זאגען אבער סוף כל סוף ערפארען מיר דעם אמת געוואלד! וויי איז צו אונז ווי מיר האלטען אז פאר דער תאוה פון איין מינוט ווערט מען א א רשע א מומר לאותו דבר מיט וועלכען מען דארף זיך שעמען ובפרט אויף יענער וועלט, ליבע ידען נעמט אייך אין זינען דעם כבוד פון השי״ת פון דער תורה און לאמער תשובה טהוען און בלייבען לעבען. מיר זענען מחויב צו זאגען דאס ווי עס שטייט אין דער תורה און דאמיט אבראטעווען די ברענענדיקע נשמות רח״ל און ממילא דעם כלל ישראל.

מיר זענען מזהיר באזהרה חמורה און מתרה אז פאלס די פרויען וועלכע האבען ביז היינט פערנעסיגט דעם ענין פון טהרת משפחה וועלען נישט תשובה טהוען אויף להבא וועלען מיר געצווינגען זיין מפרסם צו זיין זייערער נעמין ברבים פון וועלכען זיי וועלען גרויס שאנדע האבען, זייערע מענער וועלען נישט צוגעלאזט ווערען צו קיין שום דבר שבקדושה אויך וועלען מיר געצווינגען זיין די מענשען אבצוטיילען מיט אלע יודישע ענינים הן בעניני מל זיין איין קינד ביי שדוכים הן ביי אבזינדערן איין טייל בית החיים פון אלע אנדערע יודישע ידען ווי עס איז על פי הדין. דאס ערשטע דארף מען מבטל זיין די שלעכטע מאדע פון שטעלןצוזאמען די בעטין מען איז גורם צו קימען צו איין איסור כרת רח״ל ווארום דאס איז דער גרעסטער סרסור עברה רח״ל און אפילו מען איז א גובר על יצרו בסוף העברה איז מען אבער עובר אויף דעם לאו ובחוקותיהם לא תלכו און אויף דעם וואס חכמינו ז״ל האבען געאסרט אז די בעטין טארען זיך נישט אנרירען.

אויך זנענען מיר מזהיר באזהרה חמורה, ווי מיר זעהען ווי גרויס עס איז די פירצה פון חילול ש״ק בפרהסיא אהן חרפה אין אהן בושה אז יעדער פאטער און מוטטער זאלען זעהן וואס זייערע קינדער טהוען יעדען שבת וויפיל מאהל זיי זענען מחלל שבת בפרהסיא מיט פערשידענע איסורים דער פאטער מאכט קידוש באהבה וביראה אבער ער פערגעסט אז דער יין לקידוש איז יין נסך דורך זיינע קינדער וועלכע זענען מחלל שבת בפרהסיא וואס האבען דעם דין פון א מומר ויינו יין נסך.

אויך זענען מיר מעורר וועגען דעם פירצה וואס עס איז געווארען אז מען גייט אין די אייגענע האר אפען זאל מען וויסען אז די אשה וואס גייט אפען אין די האר הייסט עוברת על דת און מ׳טאר נישט זאגען קיין יודיש ווארט געגענאיבער אייגענע האר דאס הייסט א ערוה און עס שטייט אין זו״הק אז דאס ברענגט ארימקייט און מיר זעהען דאס בחוש אז זייט דער חטא איז נעבעך אזוי נפרץ געווארען ווערט נעבעך נתרבה דאס עניות דאדורך בארעכענט אייך אז עס איז א באשעפער אויף דער וועלט און מיר מוזען

טוהען זיין רצון און אז מיר וועלען טוהען זיין רצון וועט ער אונז העלפען מיט די גאולה שלמה במהרה. אויך הערן מיר אז אין א טייל יודישע הייזער האט מען שוין איבער-גיגעבען דאס קאכען די גוישע דינסטען וועלכע האבן זיכער נישט גילערנט די דינים פון מליחה נישט פאן בשר בחלב. וועלכער יוד ווייסט דען נישט אז בשולי עכו״ם זענען טרפה נאר מען איז גרינג מען רעכענט זיך גאר נישט מיט דער תורה. נאך איין קלות איזט וואס מען שיקט איין שפחה שעכטן איין עוף פרעגט מען נישט אפילו אויף קיין צעטל פון שוחט כדי צו וויסען אב די שפחה אליין האט נישט געקוילעט אדער אפשר איז דאס עוף נתנבל בשחיטה געווארען, דאס בית דין האט שוין פיל מאל דארויף מזהיר געווען אבער עס העלפט גאר נישט.

יודען האט רחמנות אויף אייך אליין און אויף דעם כלל ישראל און נאר בזכות וואס מיר וועלען מקיים זיין די גאנצע תורה וועלען מיר געהאָלפן ווערען מיט א גאולה שלמה בק״ב.

**ועד להחזקת התורה והדת דפה״ק לעסקא יצ״ו**

**שמעון פרידלנדר**

## א נאכוואָרט

דער צוועק פון די אלע געשריבענע זכרונות איז, צו שטעלן א דענקמאל מיין שטעטל לינסק, ווו דער גרעסטער טייל איינוווינער זענען געווען יידן, וואס האבן אין משך פון דורות געוועבט זייער לעבן צווישן א ים פון גויים, געהיטן דאס יידישע פייערל זאל נישט אויסגיין, געשפינען די בענקענדיקע גאולה־פעדעם, געחלומט "משיח־צייטן"־חלומות און פאר'ירש'נט אירע בענקענדיקע חלומות צו די ווייטערדיקע דורות. פלוצים איז דאס אומגליק געקומען און צעריסן די דורות-קייט און אין א טאג פון פיין און צארן, זענען די יידן דארט פארשניטן געווארן, פירנדיק מיט זיך די גאולה בענקענישן ביז צו די גאז-קאמערן און דארט זייערע ריינע נשמות אויסגעהויכט מיטן באקאנטן „אני מאמין" אויף זייערע, פון הונגער און דורשט, געשפאלטענע און פאר'שרפה'טע ליפן.

דורות לאנג האבן די יידן דארט געלעבט און געשאפן, לויט זייערע באגריפן, א יידיש לעבן, פארפונדעוועט אויף רעליגיעזע און נאציאנאלע יסודות, וואס זענען געווען זייער לעבנס-אינהאלט און פלוצים איז דאס שטעטל אויסגעלערט געווארן פון אירע יידן, געפירט געווארן ווי שאף צו דער שחיטה און פארברענט און דערשאסן געווארן פון חיות אין מענטשן געשטאלט. און נישט נאר דאס! נישט ווייניקע פון זייערע גויים-שכנים, האבן צוגעהאלפן צו זייער פארטיליקונג, ווען נישט דירעקט, איז עס געווען דורך מסר'ן, רויבן און פרייען זיך צו זייער אומגליק.

אמת! מיין שטעטל האט זיך נישט ספעציעל אויסגעצייכנט מיטן שאפן גייסטיקע אוצרות, וואס זאלן אנהאלטן דורות און נישט ארויסגעגעבן פון זיך גרויסע פערזענלעכ-קייטן, אבער דאס שטעטל איז געווען איינס, פון די הונדערטער גאליצישע שטעטלעך, וואס האבן פארשטאנען, אין משך פון דורות, צו היטן דאס ליכט פונעם יידנטום, אז עס זאל נישט אויסגיין און געדינט אלס קערן פון די חלומ'ער און קעמפער פאר אונדזער זעלבסשטענדיקייט, וואס איז אויפגעשטאנען אויף די קברים פון זייער רויכערדיקן אש.

„איר האט אנגעהויבן, איר האט געוואלט אן אייגענע מדינה", שרייבט איינער פון די קעמפער פון אונדזער באפרייאונגס-קריג, אן אייניקל פון אונדזער שטעטל, צו זיינע עלטערן, „און איצט ליגט דער חוב אויף אונדז, דאס צו פארענדיקן".

די יידן פונעם שטעטל האבן געוווסט פון די יסורים וואס וועלן קומען פאר דער גאולה, אבער זיי האבן נישט געקלערט און זיך נישט פארגעשטעלט, אז טאקע זיי אליין, וועלן זיין דער אביעקט פון אט די אלע צרות און אז די גאולה וועט זיין אויף די רואינען פון זייערע היימען.

א גרויסער חלק אינעם היטן דאס יידישקייט אינעם שטעטל האט געהאט די יידישע מאמע. שווער און פול מיט ליידן איז געווען איר לעבן. זי האט ס'רוב באדארפט צוהעלפן צו דער פרנסה, אויפהאדעווען אירע א סאך קינדער, איבערנייען, פארלאטען און באקליידן

זיי, אויפציען זיי, אז זיי זאלן זיך באגעניגן לאזן מיט וואס ווייניקער, אזוי ווי זי, און אויך לערנען זיי די ערשטע יידישע מצוות און מנהגים. אויף איר איז געלייגן דער חוב אכטונג צו געבן, אז דאס קינד זאל נישט עסן אן „המוציא”, זאל זאגן „קרישמע” (קריאת שמע) און זאל גיין אין „חדר”. די יידישע מאמע איז עס געווען, וואס האט דעם שבת און יום טוב, געגעבן א טעם פון הייליקייט און דערהויבנקייט. א גאנצע וואך האט זי געוווסט, ווי דורכצושטופן די טעג אין דחקות, כדי אפצושפארן פארן שבת און יום טוב און שאפן אינעם שבת א אינטימע, יום׳טוב׳דיקע אטמאספער. כאטש זי האט פונעם ליכט פונעם יידנטום נישט קיין סאך געוווסט, האט זי אבער פארשטאנען, אריינצוגעבן אינעם תוכן פונעם שבת, גייסט און געפיל, ווארעמקייט און זעלבסטצופרידנקייט. אט א די אלע איינדרוקן האבן זיך אָפּגעשפּיגלט אינעם קינדס נשמה, צוזאמען מיטן ליד „ראזשינקאלעך מיט מאנדלען”, וואס דאס קינד האט איינגעזאפט צוזאמען מיט זיין מוטערס מילך.

דער שרייבער פון די שורות האט נישט קיין פרעטענציעס, צו שאפן עפעס וואס זאל האבן א ליטעראריש ווערט, עפעס, וואס זאל בלייבן אויף שפעטער. זיין איינציקע כוונה איז נאר צו שילדערן אזוי דאס לעבן פונעם שטעטל, ווי עס האט זיך איינגעפרעסט אין זיין נשמה אין די יארן, ווען ער האט דארט געלעבט. דאס האלט ער פאר זיין רעכט און פאר זיין חוב. ער רעדט זיך אויך נישט איין, אז דאס גאנצע לעבן פונעם שטעטל האט נאר געהאט ליכט-זייטן און נישט קיין שאטנס. עס זענען אויך געווען שאטן-זייטן, ווי עס איז איבעראל אינעם לעבן, אבער פון דער פערספעקטיוו, פון דער ווייטנס, וויל ער נאר די גוטע זייטן געדענקען, ווייל דאס לעבן דארט איז אוועק און קומט מער נישט צוריק. ער האט אויך נישט קיין אמביציע צו רעכענען, אז ער האט מיט זיינע פאר שילדערונגען, דאס גאנצע לעבן פונעם שטעטל ארומגענומען. ניין לגמרי נישט! א לעבן פון דורות קען מען נישט מיט א פאר שטריכן ארומנעמען. ער האט נאר געוואלט, כאטש א טייל פונעם פארגאנגענעם לעבן, ארויסרייסן פון דער פארגעסנקייט.

צום סוף וויל איך דאנקן אלע שטעטישע, וואס האבן מיך מזרז געווען די אלע זכרונות אויפצושרייבן און באזונדערס מיין לעבנס-באגלייטערן סימה און מיין חבר מנחם אלדובי ז״ל, וואס האבן מיר אין א געוויסער מאס צוגעהאלפן ביים אויפצייכענען די זכרונות.

**שמעון פרידלנדר**

# א איבערבליק איבער די לאגע פון די יידן אין לינסק אין דער צייט פון דער רוסישער אקופאציע, אין די יארן סוף 1939 — ביזן אויסברוך פונעם דייטש-רוסישן קריג.

שווער, זייער שווער, איז צו געבן א איבערבליק איבער א לאגע, א מצב, ווו מ'האט אליין נישט געלעבט און מ'איז אנגעוויזן אויפן דערציילן פון אנדערע. קיין מענטש קען נישט ארויס פון זיין אייגענעם „איך". איעדער דארט האט געזען די לאגע, אזוי ווי ער האט זי געפילט אויף זיין אייגענער פלייצע, לויט ווי זיין מאטעריעלע לאגע איז דעמאלט געווען. די דעמאגראפישע לאגע פון די יידן אין שטעטל, ד. ה. די סאציאלע שיכטונג פון די יידן דארט איז געווען אזעלעכע, אז ס'רוב יידן האבן געלעבט פונעם האנדל, ווען נישט דירעקט פון געוועלבן, איז עס געווען פון אויפקויפעריי א.ד.ג.. א חוץ דעם זענען געווען אזעלעכע וואס האבן געלעבט פון דער קהילה, ווי למשל „כלי קודש". מיטן אריינקומען פון די רוסן האט זיך דער גאנצער האנדל אפגעשטעלט, אלע געוועלבן האבן זיך פארמאכט און אויך דאס קהילה-לעבן האט אויפגעהערט. דורכדעם זענען ס'רוב יידן געבליבן אן פרנסה, נישט האבנדיק פון וואנען צו ציען זייער חיונה. א חוץ א פאר עשירים, האט דער רוב נישט געהאט ליגן קיין מזומן און מיטן צונעמען זיין געוועלבל, איז ער געבליבן בעירום ובחוסר כל. פון דער צווייטער זייט איז געווען דער גאר ארעמער שיכט פון בעלי מלאכות, צווישן וועלעכע עס האט געהערשט א שטארקע ארבעטסלאזיקייט, איבערהויפט צווישן דער צוואקסנדיקער יוגנט, — זיי די יוגנטלעכע, זענען פון די רוסן זייער צופרידן געווען. דער שיכט יידן האבן אין די רוסן געזען דעם דערלייזער פון זייער שווערן ווירטשאפטלעכן מצב, ווייל די רוסן האבן זיי געגעבן ארבעט. פון דער צווייטער זייט האט אט די קנאה, וואס האט לאנגע יארן געטליעט, ביי דער שיכט מענטשן, געגענאיבער די סוחרים, וואס, ווען זיי האבן זיי אפילו דירעקט נישט אויסגענוצט, האבן זיי דאך די אלע יארן בעסער געלעבט ווי זיי — זיך איצט פארוואנדלט אין א נקמה אויף אט א די סוחרימלעך, א סאך מאל אפילו — אין א סאדיסטישער נקמה. נאר פון אזא שטאנדפונקט איז עס צו פארשטיין, אז פון איין זייט דערציילן א סאך שטעטישע, וואס זענען נאכן קריג אהערגעקומען פון רוסלאנד, ווי גוט ס'איז דעמאלט אין לינסק מיט די רוסן געווען, פון דער צווייטער זייט דערציילן ווידער אנדערע פונקט פארקערט, ווי שלעכט און ביטער ס'איז מיט די רוסן געווען. קען זיין אז ביידע זאגן אמת, ווייל יעדער האט נאר געזען, ווי געזאגט, זיין אייגענעם מצב און נישט דעם צווייטנס.

איך וויל פארדאס פרווון געבן א בילד פון דער לאגע, ווי זי האט אויסגעזען אין דער אמת'ן באזירנדיק אויף די דערציילונגען פון ביידע זייטן.

דער מצב פונעם יידישן מיטלשטאנד איז באמת געווען א קאטאסטראפאלער, ווייל מ'האט אים אפגעשניטן זיין חיונה און אלעס ביי אים צוגענומען. אמת ער האט געקענט

גיין ארבעטן, אבער ערשטנס זענען די מענטשן געווען עלטערע, גרעסטנטיילס, און צווייטנס, און דאס איז געווען דער עיקר, מ׳האט געמוזט ארבעטן שבת. ביי דער נישט פרומער יוגנט, האט דאס נישט אויסגעמאכט, ווייל נאך פארן קריג, זענען שוין געווען אין לינסק יוגנטלעכע, אמת א גאנץ קליינער טייל, וואס האבן גערייכערט שבת און געגעסן טרפות אין גויאישע רעסטאראנען, אבער פארן פשוטן ייד, אפילו פאר א סאך בעלי מלאכות, איז נישט אזוי גרינג געווען מחלל שבת צו זיין. א סאך יידן האבן געשלונגען דאס שפייעכטס, ממש געהונגערט און נישט געקענט ביי זיך פועלן צו גיין ארבעטן שבת. פון דער צווייטער זייט, האט מען דאך פאר דער קילא ברויט, וואס מ׳האט באקומען נאכן שטיין א פאר שעה אין תור, געמוזט באצאלן, און פון וואנען? משה ענטנער האט מיר דערציילט א טראגישן פאל פון א בעל משפחה מיט א שטוב קינדער, וואס האט נישט געקענט צוקוקן דעם צער פון די קינדער און געגאנגען ארבעטן שבת, אז יעדן שבת, איידער ער איז געגאנגען צו דער ארבעט, האט ער זיך גוט אפגעוויינט און דערנאך געגאנגען צו דער ארבעט. אמת די רוסן האבן נישט געצווינגען צו ארבעטן, אבער דער וואס איז יא געגאנגען ארבעטן, האט אויך שבת ניט געקענט רוען.

געווען אין לינסק, נאך פון פאר דער מלחמה, א קליין הייפל יידישע קאמוניסטן, וואס זענען באמת שטארק גערודפט געווארן פון דער פוילישער רעגירונג, אבער וואס זענען די יידישע סוחרים פונעם שטעטל שולדיק געווען? מיטן אריינקומען פון די רוסן האבן זיי געמיינט, אז זייער משיח איז שוין געקומען און זיי האבן גערודפט ווי און ווען זיי האבן נאר געקענט. מ׳האט דערציילט, אז ווען די רוסן האבן צוגענומען אהרן פרייליכ׳ס געוועלב, זענען די קאמוניסטלעך, די יידישע, ארויף אין דער דירה און אראפגעווארפן דאס גאנצע מעבל און עס צעבראכן אויף שטיקער. עס וואלט נאך געווען צו פארשטיין, ווען זיי וואלטן דאס מעבל צוגענומען צו זיך אהיים, אבער סתם צעברעכן, האט נאר געקענט דאצו גורם זיין א זאאלאגישע שנאה. אמת אהרן פרייליך איז געווען א ייד אן עושר, ער האט געהאט א שפעצעריי הארט געשעפט, אבער נישט געהאט קיין אנגע-שטעלטע.

אדער נאך א פאקט: געווען אין שטעטל א ייד, מיין פאטער ר׳ שלום פרידלנדר, ע״ה, א ייד פון 80 יאר, וואס אלע זיינע יארן איז ער געווען אן אנגעשטעלטער ביי א גויאישן אדוואקאט און אין זיין לעבן קיינעם נישט אויסגענוצט. ער איז געווען א גרויסער בעל צדקה און אלס מעטריקע-פירער, ביי ארימע לייט כמעט קיינמאל נישט גענומען געצאלטס. ער האט נישט געהאט זיין אייגענע דירה נאר געוווינט ביי יענעם, אין א געדונגענער דירה. אמת, ער האט שיין געוווינט, לויט די באגריפן פונעם שטעטל, אבער די וווינונג האט ער נאך געהאלטן פון זייט אלע קינדער זענען געווען אין דער היים. מ׳וואלט נאך געקענט פארשטיין, ווען מ׳וואלט אים צוגענומען 2 שטיבער און געלאזט נאר 1 שטוב, מ׳האט אים אבער ארויסגעווארפן פון אלע 3 שטיבער און ער האט זיך געקענט מיטנעמען נאר די 2 בעטן פאר זיך און זיין ווייב און דאס בעטגעוואנט. ער האט נאך געהאט מזל אז שיעלע נטע וואלפ׳ס, שיעלע לערנער, האט אים ווי עס איז

אריינגענומען צו זיך אין זיין דירה, זאנסט וואלט אים אויסגעקומען ווינטער צו בלייבן אין דרויסן. קיין אנדערע דירה האט מען אים נישט געגעבן.

אין שטעטל זענען נישט געווען קיין סאך יידישע קאמוניסטן, אפשר א צענדלינג, און נישט אלע האבן זיך שלעכט אויפגעפירט געגענאיבער דער יידישער באפעלקערונג, אבער ביי אזא מצב געפינען זיך אלעמאל אפארטוניסטישע נאכשלעפער און א סאך מאל איז א נאכשלעפער ערגער ווי אן עכטער. איבערהויפט האבן זיך אויסגעצייכנט 2 מיידלעך מיט די רדיפות. איך וועל קיין נעמען נישט אנרופן, (איינע פון זיי איז אין אמעריקע) ס׳הייסט אז אויך דא אין לאנד געפינען זיך אייניקע פון יענע, וואס האבן זיך דארט נישט אזוי גוט אויפגעפירט. אזויווי אבער מ׳קען ביי אזא זאך נישט זיכער זיין 100 %, דארף מען קיין נעמען נישט דערמאנען. ס׳קען זיין אז די דערציילער אליין, מיינען נישט מער ווי זיך אליין צו שאפן אן אליבי און דורכדעם ווארפן זיי שמוץ אויפן צווייטן. לויט ווי משה ענטנער האט מיר דערציילט, זענען צווישן די קאמוניסטן געווען זייער פיינע, וואס זענען גאנץ ווייט געווען פון רודפן א ייד אדער זוכן נקמה. אזעלכע זענען געווען דוד טינק, מאטי פראפער און אנדערע. אויך זיי האבן געגלייבט אז זייער גאולה איז געקומען, דאס האט זיי אבער נישט געשטערט, זיך פיין אויפצופירן. איינער פון די 2 טאקי האט פאר זיין אנשטענדיקייט, באצאלט מיטן לעבן. די מעשה איז אזוי געווען: דער אפראָוויזאציע פארוואלטער איז געווען א רוס און ער איז געווען דער פארטיילער פון די פראדוקטן פאר דער ציוויל באפעלקערונג. אמאל, אנקומענדיק צוקער, פאר דער באפעלקערונג, האט דוד טינק, געזען אז מ׳פארטיילט נישט דעם צוקער, האט ער געפרעגט דעם רוס, דעם אפראוויזאציע-פארוואלטער, ווו דער צוקער איז אהינגעקומען. אזא זאך האט נאטירלעך דער רוס נישט געוואלט ליידן און דוד טינק איז ביי נאכט ארעסטירט געווארן אלס טראצקיסט, מ׳האט אים פון לינסק אוועקגעפירט און מ׳האט מער נישט געוווסט ווו זיין געביין איז אהינגעקומען.

געווען אין לינסק א סאך שטעטישע וואס האבן חתונה געהאט אין די דערבייאיקע שטעטלעך ווי: באליגראד, סאנוק, רימאנאוו א.ג.. אזויווי די שטעטלעך האבן געהערט צו די נאציס, זענען א סאך שטעטישע אנטלאפן קיין לינסק, אין זייער געבורטסשטאט. די אלע האבן, לויט א רוסישער פאראָרדנונג, געדארפט ארויסנעמען רוסישע פאספארטן. אזויווי אבער די אלע יידן האבן געהאפט, נאך דער מלחמה צו קענען צוריקקערן אהיים, ווו זיי האבן פריער געוווינט, — קיינער האט דאך נישט געקענט קלערן וועגן גאזקאמערן, — האבן זיי זיך אין שטעטל אויסבאהאלטן און נישט געוואלט נעמען קיין רוסישע פעסער, ווייל זיי האבן געוווסט אז פון רוסישן „גן עדן" קען מען קיינמאל נישט ארויס. אבער די יידישע קאמוניסטלעך האבן זיי אלע אויסגעפונען אויף די ביידעמס, זיי האבן געוווסט ווו צו זוכן, און אויסגעגעבן די רוסן, וואס האבן זיי ארעסטירט און אוועקגעשיקט קיין סיביר. אמת די מענטשן האבן זיך דורכדעם זייער לעבן געראטעוועט, אבער זיכער, אז ניט דאס איז געווען די מוסרים׳ס כוונה.

מדרש און צו דער שול. עס פארשטייט זיך, אז א חוץ די בתי מדרשים האָט אין איסטריק ניט געפעלט נאָך א וויכטיקער צענטער: דאָס מרחץ. דאָרט האָבן זיך געבאָדן איין מאָל אין וואָך די נשים און ערב שבת פלעגן יידן דאָרט גיין אויף דער שוויץ. ביים אריינקומען אין מרחץ האָט יעדער ייד באקומען פון חיים הערש בעדער א בעזימל און אן עמרל וואסער.

חיים הערש בעדער איז געווען א געפאקט פעסט יידל, פלעגט שפאנען מיט שטאָלצע טריט און דאָס איז זכות פון זיין יידענע, עטל, וועלכע איז געווען אן אויסגעקוועטשטע און שלאפע יידענע, מיט א בלייך אומעטיק פנים, מיט א שטיל קול וואָס מען האָט קוים געהערט אָבער דערפאר פון א מיוחסדיקער משפחה, וואָס איז געווען דער שטאָלץ פון חיים הערש. אזוי ווייט איז ער געווען פארקאָכט אין איר יחוס, אז ווי נאָר ער האָט מיט אימיצן געריידט האָט ער באלד דערמאָנט איר ברודער, זיין שוואָגער, דער שניט-קרעמער...

פון רינג-פלאץ איז מיר באזונדער פארבליבן אין זכרון דער ברונעם, וואו דאָס שטעטל האָט גענומען וואסער. דער ברונעם איז פארבונדן מיט אן ערשטער פאסירונג, וואָס איז ניט געווען פון טאָג-טעגלעכן לעבן און איז דעריבער פעסט געבליבן איינגע-קריצט אין מיין קינדישער מענטאליטעט און ניט אָפּגעווישט געוואָרן ביזן היינטיקן טאָג.

עס איז געווען אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט-מלחמה און עס איז דעמאָלט אריינגעקומען א רוסישער פאטראָל מיטן צוועק ארומצוקוקן זיך צי דאָס שטעטל איז פריי פון עסטרייכישע סאָלדאטן. געווען איז עס פונקט אין טאָג פון ראש השנה. דער פאטראָל איז באשטאנען פון א גרופּע רייטער אויף פערד מיט לאנגע פיקעס אין זייערע הענט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויפן רינג-פלאץ לעבן אָט דעם ברונעם. ווען די יידן זיינען ארויס פון די בתי מדרשים, זיינען זיי איינציקווייז אָפּגעשטעלט געוואָרן פון די סאָלדאטן, וועלכע האָבן ביי יעדן איינעם געפרעגט „ווי שפּעט עס איז"? יעדער ייד, וואָס האָט ארויסגענומען זיין זייגער צו זען די שעה האָט טאקע געזען די שעה צום לעצטן מאָל שוין צוזאמען מיטן זייגער, מיט וועלכן ער האָט זיך, נעבעך געדארפט צעשיידן אויף אייביק. נאָכן צונעמען, די זייגערס ביי די יידן, האָבן זיך די רוסישע סאָלדאטן א לאָז געטאן אויפן שטעטל זוכן טאבאק און פאפיראָסן און אזוי ווי עס איז ניט געווען בנמצא, האבן זיי זיך א ביסל א שפּיל געטאָן מיט זייערע ביקסן און האָבן באשאָסן דאָס הויפּט-געשעפט פון טאבאק פון יואל ענגעלמאן, וואָס מען האָט גערופן „טראפיק". דאָס באשיסן דעם „טראפיק" האָט באלד אנגעוואָרפן א מוראדיקע אימה אויף די שטעטלדיקע יידן, וועלכן האָבן זיך ארויסגעלאָזט באהאלטן אויסערן שטאָט און אין די דערפער. אָבער אויך אין די דערפער זיינען יידן ניט פארבליבן רואיק און האָבן ניט געהאט קיין צופיל צוטרוי צו די דאָרטיקע פויערים, וועלכע זיינען געווען שטענדיקע בעלי-חוב צו די יידישע קרעמער. זיינען טאקע די יידן אויפן צווייטן טאָג צוריקגעקומען אין שטעטל אריין.

באלד נאָך דעם איז אנגעקומען דאָס רוסישע מיליטער, וואָס האָט ניט געהאט קיין

אריכת ימים, ווייל באלד האָבן זיך די רוסן צוריקגעצויגן און דאָס עסטרייכישע מיליטער האָט באזעצט דאָס שטעטל.

עד כאן מיין ערשטע קינדערישע איבערלעבונג, וואָס איז געווען פארבונדן מיטן ברונעם אויפן רינג-פלאץ. דאָס בייטן זיך פון מיליטער האָט שוין ניט געהאט די ווירקונג ווי די ערשטע באגעגעניש מיט רייטער אויף פערד מיט לאנגע פיקעס און זייער שיסן פון די ביקסן.

ניט לאנג האָט געדויערט דאָס פרייען זיך מיטן עסטרייכישן מיליטער, ווייל באלד איז באקאנט געוואָרן פון דער שטאָט-אדמיניסטראציע, אז איסטריק דארף איבערגיין צו די רוסן און ווער עס וויל פארלאָזן דאָס שטעטל וועט די עסטרייכישע רעגירונג צושטעלן אומזיסטיקע באנען. א גרויסער טייל יידן האָבן טאקע פארלאָזט דאָס שטעטל מיט זייער האָב-און-גוטס און באזעצט זיך און דייטשישן בעהמען, ווער קיין אונגארן און אנדערע פלעצער. מיין משפחה איז אוועק קיין קארלסבאד.

געפאָרן איז מען אין משא-וואגאָנען. דאָס געדרענג איז געווען מוראדיק. אָבער ביי די סטאנציעס פלעגט מען בעטן ביים מאשיניסט ווארעמע וואסער אויף טיי און מען האָט נאך באקומען פארשיידענע פראָדוקטן ווי: וואורשטלעך, ברויט, קאָנדענסירטע מילך א״א. דאָס געדרענג ביים באקומען פראדוקטן אויפן וועג איז טאקע געווען גרויס, אזוי ווייט, אז משפחות פלעגן זיך פארלירן, אָבער ווען מען פארגלייכט עס מיט די טויטן-צוגן וואָס האָבן געפירט יידן אין די קאָנצענטראציע-לאגערן איז יענע געווען דער גן עדן התחתון. עס איז געווען א נסיעה מיט פארשידענע איבערלעבענישן אָבער דער עיקר, יידן זיינען אָנגעקומען אויף זייערע פלעצער און אויך מיר זיינען אָנגעקומען קיין קארלסבאד.

די נייע, צייטווייליקע היים, דאָס שיינע קור-אָרט קארלסבאד, איז פאר די פליטים ניט געווען דאָס זעלבע ווי פאר די, וואָס פלעגן קומען אויף דאטשע. דאָס געשמאקע וואסער פון זויערברון, דער שיינער האָטעל „פופ״ און דער וואונדערלעכער שפאציר-גאָרטן, וואו עס האָט יעדן טאָג געשפילט א מיליטערישער אָרקעסטער האָבן ניט געקענט ארויסרופן ביי די פליטים דאָס געפיל פון צופרידנקייט, מחמת די פרנסות ביי זיי אלעמען איז געווען איינע און די זעלביקע: „פליכט לינג-שטיצע״, וואס די עסטרייכישע רעגירונג פלעגט ארויסגעבן פאר יעדן פליט. אויסגעטיילט די שטיצע האָט יעדן חודש איינער א ייד, קאָהן. וועגן דעם קאָהן האָט מען דערציילט א וויץ. יידן פלעגן זיך מיט אים וויצלען און אים געזאָגט איינמאָל, ערב פסח, ער זאָל פארקויפן דאס חמץ. האט ער געפרעגט וואָס מיינט מען דערמיט. האָט מען אים געגעבן צו פארשטיין, אז מען פארקויפט דאָס חמץ א גוי כלומרשט. אויף דעם האָט ער געענטפערט מעשה גרויסער חכם, אז אזעלכע „דומהייטן״ מאכט ער נישט, ווייל וואָס טוט ער, אז דער פויער גיט אים ניט צוריק דאָס „כאמעץ״?...

יעדער יידישער פליט פלעגט שטעלן די זעלביקע קשיה: ווי לאנג וועט מען נאָך דארפן שטיין אין אָטשערעד צו באקומען א ברויט-קארטע? ביז סוף כל סוף האָבן זיך באוויזן פלאקאטן, אז פשעמישל איז ווידער אין עסטרייכישע הענט און ווער עס וויל זיך צוריקקערן קען עס טאָן. מיר האָבן עס גלייך געטאָן.

דאָס שטעטל, ביי אונדזער צוריקקער, איז געווען ניט צום דערקענען. די רוסן האָבן ניט איבערגעלאָזט קיין איין גאַנץ הויז, אפנים מען זאָל געדענקען א שטיק צייט, אז זיי האָבן דאָ געשאַלטעוועט און דעם חורבן האָבן זיי איבערגעלאָזט ווי א מתנה פאר די וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט אהיים.

**השואה**

צו וואָס צו נעמען זיך איז ניט געווען האָט מען זיך געלאָזט אויפן וועג פון „לייכטן ווידערשטאַנד" — שמוגל. מען האָט, נעמלעך, געפירט סחורה פון פשעמישל קיין איסטריק. דאָס „שווארצן" די סחורה איז פאַקטיש ניט געווען אזוי שווער, דאָס הייסט מען האָט עס רואיק געקענט ברענגען ביז דער סטאַנציע איסטריק. דאָס אפשטייגן פון באַן מיט דער סחורה איז שוין געווען א שווערערער ענין, מחמת אויף דער סטאַנציע האָבן געלויערט אויף די שמוגלערס די צוויי זשאַנדאַרן באַנק און קאָוואַלסקי. אזוי האָט מען זיי ניט געזען אָבער ווי נאָר עס איז אָנגעקומען א פאַרטיע סחורה און דער בעל דבר פון דער סחורה האָט געוואָלט אראָפּשטייגן זיינען זיי תיכף אויסגעוואַקסן ווי פון אונטער דער ערד און האָבן די סחורה קאָנפיסקירט. טיילמאל האָבן זיי זיך געלאָזט נותנען עפּעס אין יד און דורכגעלאָזט דעם שמוגל אבער מיינסטייל האָבן זיי אפילו ניט געלאָזט ריידן צו זיך און גלייך אָפּגעפירט די געשמוגלטע סחורה אין לאָקאַל פון דער געמיינדע, פון מאַגיסטראַט הייסט עס, וואָס האָט זיך געפונען בשכנות מיט דער באַן-סטאַנציע. די סחורה איז שוין געבליבן אין דער געמיינדע אונטער דער אויפזוכט פון דעמאָלטדיקן בירגערמייסטער, משה פרענקעל, א זעלטענער עקזעמפּליאַר פון א אריסטאָקראַטישן ייד, אָן אינטעליגענט, וואָס פלעגט גיין אין שול אריין און פלעגט יום כפור אָפּשטיין א גאַנצן טאָג זאָגנדיק די תפילות בלחש, אָן רעש און מיט אינערלעכן ציטער. דער דאָזיקער ייד, פרענקעל, וועלכער איז אויסגעוויילט געוואָרן פאר שטאָט-אינטענדענט האָט געהאַט א שם פאר זיין ערלעכקייט, ברייטהאַרציקייט און דינסט-גרייטקייט. פארשטייט זיך, אז די יידן, וואָס מען האָט ביי זיי צוגענומען די סחורה האָבן זיך באַלד געיאָוועט צו אים מיט תחנונים, ער זאָל זיי צוריקגעבן די סחורה וואָס איז דער איינציקער קוואַל פון זייער חיונה פאר די בני בית.

פרענקעל, וועלכער האָט פון איין זייט געוואָלט א טובה טאָן יידן און פון דער צווייטער זייט איז ער געווען ערלעך צו זיין אמט פלעגט כלומרשט שטרענג ענטפערן, אז די סחורה וואָס איז קאָנפיסקירט קען מען ניט צוריקגעבן, דאָס ווערט מלוכה-אייגנטום. דערביי פלעגט ער אָבער אָנווייזן מיט א רמז, אז די סחורה ליגט אין דעם און דעם צימער און פון דאָרט קען עס קיינער ניט רירן.

דער ייד, וואָס איז געקומען מיט דער בקשה צו בירגערמייסטער פרענקעל, האָט ניט געדאַרפט מען זאָל אים אריינגעבן א פינגער אין מויל אריין און אים צעקייען. כהרף עין איז די סחורה פון יענעם און יענעם צימער ארויסגענומען געוואָרן און יאָשע שטייגער, דער בעל עגלה וואָס פלעגט פירן די סחורה פון און צום באַן פלעגט שוין וואַרטן אין דרויסן כדי באַלד אוועקצופירן דעם צוריקגעפונענעם פקדון.

ניט איינמאָל האָט געטראָפן, אז די צוויי זשאנדארן באַנק און קאָוואלסקי האבן געוואלט וויסן א דין וחשבון און פלעגן א פרעג טאָן, וואו איז אהינגעקומען די אָדער יענע פארט־יע קאָנפיסקירטע סחורה? דעמאָלט פלעגט פרענקעל א ביסל א שפיל טאָן טעאטער, אנגעשטעלט אן אומשולדיקע מינע, וואָס אים איז עס ניט שווער אָנגעקומען צו מאכן מיט זיין ערנסטן פנים אָפענע קלאָרע אויגן, פון וואנען עס האָט ארויסגעקוקט אן אומבאַשטרייטלעכע ערלעכקייט.

— וואָס — פלעגט ער ענטפערן מיט א פראגע אויף א פראגע, זייער יידישלעך — עס זיינען ניטאָ די פאקעטן? . . .

די צוויי אנטיסעמיטישע זשאנדארן, באַנק און קאָוואלסקי, פלעגן אויף אזא קאָנטרא־שאלה ניט וואגן מער דיסקוטירן. זיי האָבן זיך אָפגעווישט די ליפּן און אוועקגעגאנגען, גלויבנדיק, אז מען האָט זיכער די סחורה ארויסגעגנבעט אָן דעם בירגערמייסטערס וויסן.

די משפחה פרענקל אין איסטריק איז געווען פון יענע משפחות אין די קליינע שטעטלעך, וואָס האָבן געעפנט א „פענסטערל צו דער מערב־קולטור”, ווי עס וואָלטן זיך אויסגעדריקט די בעלי השכלה. אלע זיינע קינדער האָבן שטודירט און איינער פון זיינע זין, יאָסקע פרענקל, וואָס איז געווען אין מיינע יאָרן האָט זיך באזונדער אויסגע־צייכנט קודם מיט זיין אָראטאָרישן טאלאנט און מיט זיין באזונדערער אינטעליגענץ. ער האָט שטודירט אדוואָקאטור אין ווין און איז געווען א פייערדיקער רעוויזיאָניסט. מיט אים האָט דער שרייבער פון די שורות געהאט אמאָל אזא מין אינצידענטל:

אין א שבת נאָך מיטאָג בין איך ארייַנגעקומען אין ציוניסטישן לאָקאל „קדימה”, וואו איך האָב עפעס געדארפט דערליידיקן אן ענין פון קרן קימת, וואָס אין זיין פארוואלטונג בין איך געווען א מיטגליד. איך האָב דאָרט פונקט זיך אָנגעטראָפן אויף א לעקציע, וואָס יאָסקע פרענקל האָט געהאלטן מיט זיין כאראקטעריסטישן אָראטאָרישן פאטאס וועגן דער נויטווענדיקייט ארייַנצוברענגען דעם רעוויזיאָניזם אין דער ציוניסטישער באוועגונג. זייענדיק א מיטגליד פון התאחדות האָט מיך די לעקציע ניט אינטערעסירט און איך האָב געוואָלט פארלאָזן דעם לאָקאל. דער רעדנער, פרענקל, שוין טריי דעמאלט דער תורה „באש ובחרב” און אפשר וועלנדיק נאָכטאָן גרויסע לעקטאָרן, האָט זיך באפעלעריש געווענדט צו מיר, אז איך זאָל פארמאכן די טיר. איך האָב אים רואיק געענטפערט, אז איך האָב די טיר געטראָפן אָפן. ער האט, ווייזט אויס זיך שוין געגרייט צו זיין א פירער (אויב איך האָב ניט קיין טעות איז היינט טאקע דער דאָזיקער ד״ר פרענקל אן אָנגעזעענער רעוויזיאָניסטישער טוער) און האָט עקשנותדיק, מיר שטרענג באפוילן צו פארמאכן די טיר.

איך ווייס ניט, צי ער האָט געוואָלט מאכן אן איינדרוק אויף דער קליינשטעטלדיקער אוידיטאָריע מיט זיין שטרענגקייט, צי ער האָט געוואָלט אויספּרובירן זיין כוח פון באפעלן, בכל אופן האָט ער פון מיר דעמאָלט געליטן אן עוולה, ווייל איך האָב אים געזאָגט, אז וואָס שטרענגער ער וועט רעדן אלץ ווייניקער איינדרוק מאכט עס אויף מיר און איך האָב, פארשטייט זיך, די טיר געלאָזט אָפן. אפנים שוין דעמאָלט האָט זיך ניט געקלעפּט

צו מיר קיין באפעלן און איך בין ניט אריבער אין קיין פארטיי וואָס גיט און נעמט אויף באפעלן, נאָר אין א פרידלעכער פארטיי, וואָס איז געבויט אויף ארבעט און פרייע מיינונגען.

איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם עפּיזאָד, כדי צו ברענגען א פּאָר שטריכן פון ד״ר יוסף פרענקל, אונדזער לאנדסמאן, ווי איך געדענק אים. היינט זעט מיר אויס די גאנצע מעשה יינגליש און קליינשטעטלדיק, אָבער עס איז געבליבן אין מיין געדעכעניש.

⁂

און אָט איז געקומען דער סוף פון דער ערשטער וועלט-מלחמה. ביי אונדז און אין גאנץ גאליציע האָט זיך צעפלאקערט דער קאמף צווישן די אוקראינער און די אריינ-דרינגענדיקע פוילישע לעגיאָנערן. פארשטייט זיך, אז די יידן זיינען ווידער געוואָרן דאָס כפרה-הינדל. די אוקראינישע קעמפער האָבן לאנג ניט אויסגעהאלטן און זיינען געפאלן באזיגטע, מחמת דער שעף פון דער באן-סטאנציע, א פּאָליאק, האָט אריינגעלאָזט פריי גאנצע צוגן מיט פוילישע לעגיאָנערן, וועלכע האָבן זיך באלד גענומען צו די יידן. די באפרייאונג-מלחמה פון פוילן האָט זיך גאָרנישט געהאט מיט וואָס צו פארשעמען פאר דער שפּעטערדיקער אויסראָטונג-מלחמה פון נאציזם. די פּאָרגייערס פון היטלעריזם האָבן שוין דעמאָלט געקענט די תורה פון פייניקן און קודם כל בעטן גרויסע קאָנטריבו-ציעס, וואָס איז געווען איבער די כוחות פון אזא שטעטל ווי איסטריק. די דאָזיקע סומעס האָבן באלד געדארפט געשאפן ווערן. פאר א משכון האָבן זיי פארנומען דעם שטאָט-רב און זיינען ארומגעלאָפן זוכן אנדערע וויכטיקע יידישע תושבים. ביי אונדז אין שטעטל האָט דעמאָלט געוואוינט ד״ר שטיוול. זיין וואוינונג איז ארויסגעגאנגען אויפן סאמע רינג-פּלאץ. איך דערצייל עס, ווייל זיין נאמען איז פארבונדן מיטן אן עפּיזאָד, וואָס האָט באוויזן אז שטענדיק האָבן זיך געפונען יידן, אפילו אין אזא קליין שטעטל ווי איסטריק, וואָס האָבן שטאָלץ געטראָגן זייער יידישקייט.

אין איינעם פון אזעלכע לעגיאָניסטישע געלאפן צו זוכן יידן איז ד״ר שטיוול ארויס אויפן באלקאָן פון זיין וואוינונג און האָט שטאָלץ אויסגעשריגן צו די סאָלדאטן: „יא יעסטעם זשידעם״ (איך בין א ייד!). דער דאָזיקער געוואגטער ארויסטריט האָט דעמאָלט געמאכט א גרויסן איינדרוק ניט נאָר אויף די יידן, נאָר אויך אויף די פּוילישע איינוואוינער פון איסטריק. צי מען האָט דעם ד״ר שטיוול דעמאָלט פארנומען געדענק איך, ליידער, ניט, אבער איך געדענק אז דאָס שטעטל האָט לאנג גערעדט וועגן דעם.

יידן האָבן ניט געטאָרט זיך באווייזן אין גאס, פונקט ווי שפּעטער ביי די נאציס, ווייל אז ניט האָט מען זיי געכאפּט צו צוואנג-ארבעט. הייסט עס אז בייטאָג האָבן די יידן אליין זיך ניט געוואָלט באווייזן אין גאס אָבער נאָך 8 אזייגער איז זיי ניט דערלויבט געווען ארויסצוגיין און מען האָט געמוזט האָבן א „פּזשעפּוסטקע״ (דורכלאָז-שיין) כדי צו קענען זיך פריי באוועגן. דער מצב האָט געדויערט א שטיק צייט ביז, ביסלעכווייז, האָט זיך דאָס לעבן נאָרמאליזירט און אומגעקערט צו זיין נאָרמאלן גאנג.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אנטוויקלען א געזעלשאפטלעך און, דער עיקר, ציוניסטיש לעבן. אין אן אַנדער פּלאַץ (,,פּנקס גאַליציע״) האָב איך אין אן ארטיקל דערמאָנט די פאַרשײדענע אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען, וואָס זיינען אויפגעקומען אין איסטריק. איך וויל זיך דאָ באַזונדער אָפּשטעלן אויף דער גרינדונג פון דער ,,התאחדות״. מיר א גרופּע איסטריקער, צווישן זיי גרשון האַכטאָף, יהודה קופּליק, טוביה שעכטער, מלכה גאָלדוועגדער און דער שרייבער פון די שורות, זיינען געווען די גרינדער פון דער התאחדות און באַלד נאָך דער גרינדונג האָבן מיר אראָפּגעבראַכט דעם איצט באַקאַנטן מפא״י-טוער אין ישׂראל, פישל ווערבא, וועלכער איז געוואָרן אן אָפּטער גאַסט ביי אונדז און מיט זיינע אויפטריטן, ווי א גאָר גוטער רעדנער, האָט ער צוגעצויגן א סך אָנהענגער, אזוי ווייט אז התאחדות איז געוואָרן אן אָנגעזעענע און באַדייטנדיקע פּאַרטיי אין איסטריק. צוגלייך מיט דער התאחדות, א ביסל שפּעטער אפשר, האָט זיך געשאַפן דער פאַראיין ,,י. ל. פרץ״, וואו עס האָבן זיך גרופּירט די לינקע עלעמענטן. א שוואַכער, זייער שוואַכער כוח האָט אָבער דער פאַראיין גערעדט אין נאָמען פון די מאַסן און זיך אויסגעשטעלט צו חוזק. מען קען ניט זאָגן, אז דער פאַראיין האָט געהאַט אן איבערפלוס פון אינטעליגענץ. פּאַרקערט, דער גרעסטער טייל איז בכלל געווען צעקריגט מיט דעם וואָס מיר רופן אָן קולטור. כאָטש זיי האָבן אויסגעקליבן דעם נאָמען פון י. ל. פרץ האָט דער גרעסטער טייל אפילו קיין צייטונג ניט געקענט לייענען. איך דערמאָן עס נישט לגנאי, חלילה, דאָרט האָבן זיך טאַקע געפונען מיינסטנס בעלי מלאכה און זיי זיינען ניט שולדיק געווען אין דעם, וואָס זיי האָבן ניט געלערנט. אָבער אַרויסרופעריש זיינען זיי געווען שוין אין יענער צייט. די באַרימטע שלאַג-ווערטער ,,שאָוויניזם״, ,,פינסטערלינגען״ א״א טערמינען האָבן זיך אַלע פון זיי אויסגעלערנט. אזוי ווייט, אז א פרוי, וואָס איז געווען נאַציאָנאַל געשטימט האָט געבוירן א יינגל פלעגן זיי זאָגן, אז א ניי שאָוויניסטל איז געבוירן געוואָרן. בקיצור דער זעלביקער פּזמון ווי אין היינטיקע צייטן.

עס דערמאָנט זיך מיר אייניקע עפּיזאָדן, וואָס שפּיגלען אָפּ די מענטאַליטעט פון די מיטגלידער פון דעם דערמאָנטן פאַראיין. מיר, ד״ה די התאחדות, פלעגן פון צייט צו צייט, ווי שוין דערמאָנט, אראָפּברענגען דעם ה׳ פישל ווערבא פון לעמבערג. ער פלעגט זיינע רעפעראַטן געבן אין בית המדרש און אים איז געלונגען אין זיינע אַרויסטריטן אָפּצושוואַכן די רעליגיעזע יידן, וועלכע זיינען געווען שאַרפע קעגנער פון ציוניזם. דעם פאַראיין ,,י. ל. פרץ״ האָט ער קיינמאָל ניט דערמאָנט, מחמת מען האָט זיך מיט אים ניט גערעכנט ווי מיט וועלכן עס איז כוח. איינמאָל שטעלט זיך אריין צו אונדז א בחור פון דעם פאַראיין, מיט א בוך אונטערן אָרעם, דער קאַשקעט פאַרוקט אין א זייט און ער זאָגט, אז ער וויל האָבן א שמועס מיטן פרעלעגנענט פון לעמבערג. מיר האָבן אים געפרעגט וועמען ער מיינט און ווי ער הייסט אָבער ער האָט אויף דעם געענטפערט, אז זיין ערשטן נאָמען ווייסט ער נישט אָבער זיין פאַמיליע-נאָמען איז ,,פרעלעגנענט״. האָבן אים די חברה געענטפערט, אז עס איז טאַקע דאָ א גאַסט פון לעמבערג אָבער ער הייסט פישל ווערבא און ניט פרעלעגענט. אויף דערויף האָט זיך דער בחור אָנגעבייזערט אויף זיינע חברים,

הלמאי זיי האָבן אים אפגענארט און געשיקט רעדן מיט איינעם א פרעלעגענט. ער האָט זי־ך אנטשולדיקט און איז אוועקגעגאנגען...

א צווייטער עפיזאָד וועגן דער אינטעליגענץ פון דעם פאראיין איז אָט דער:

די ציוניסטישע אָרגאניזאציע ביי אונדז אין שטעטל האָט געהאט א דראמאטישן קרייז און פון צייט צו צייט פלעגט מען אויפפירן פארשיידענע פיעסעס. דער פאראיין האָט אויך געוואָלט מאכן טעאטער-פאָרשטעלונגען, אָבער זייענדיק צו קליין און צו שוואך אין כוחות האָט ער אראָפגעבראכט דעם אמאטאָרן-קרייז פון סאנאָק, וועלכער האָט אויפ-געפ־רט דעם „דובוס" פון אלתר קאציזנע. זיי זיינען געווען אין זיבעטן הימל, ווייל דער אמאטאָרן-קרייז איז געווען פון דער זעלביקער אידיי. פון דעמאָלט אָן, ווען די ציוני־סטישע אמאטאָרן-גרופע האָט עפעס אויפגעפירט האָבן זיי געדרייט מיט די קעפ און געהאט פאר דעם איין-איינציקע תרופה:

— ווען דאָס שטיק — פלעגן זיי טענהן — וואָלט אויפגעפירט דער דוכוס פון סאנאק וואָלט עס געווען גוט, ווייל די ציוניסטן האָבן גאָרניט אזא רעזש־סאָר ווי דוכוס איז...

דער פאראיין איז אָבער שפּעטער געוואָרן שטארקער. דאָס איז געשען, ווייל צוויי מיטגלידער פון „השומר הצעיר" זיינען אריבער צו זיי. זייערע נעמען וויל איך, צוליב פארשיידענע טעמים נישט אָנגעבן. די צוויי שומרים האָבן אָנגעהויבן אריינברענגען אביסל קולטור אין פאראיין אזוי ווייט אז שפּעטער צו די שטאטראט-וואלן, אָדער ווי מען האָט עס גערופן ביי אונדז צו די וואלן פון דער „קולטוס-געמיינדע" האָט שוין דער י. ל. פרץ-פאראיין ארויסגעשטעלט א קאנדידאט. ניט וויכטיק ווי עס האָט אויסגעזען זיין מערכה, אָבער זיין כוח האָט זיך געשטארקט.

אָט אזוי ווארפן זיך דורך אין מיין געדאנק ברעקלעך פון א לעבן פון אונדזער קליין שטעטל איסטריק, וואָס איז געווען ניט אנדערש ווי דאָס לעבן פון א סך צענדליקער און הונדערטער פוילישע און גאליצישע שטעטלעך, וואו עס האָט געזאָטעמט און געברויזט אן אינטים און אפילו קעמפעריש יידיש לעבן, וואָס ניט געקוקט אויף אלע ענוים קשים וואָס די פוילישע מאכט האָט גורם געווען איז דאָס לעבן געגאנגען זיין וועג און האָט ארויסגעפירט די יוגנט פון די ד' אמות צו דער ברייטער וועלט און דער עיקר צו אן אידעאל, וואס א דאנק אים האָבן מיר היינט דעם קנין פארן גאנצן יידישן פאָלק — די יידישע מדינה. פון יענע קליינשטעטלדיקע קאמפן און דיסקוסיעס, פארזאמלונגען און פארשיידענע טואונגען, וואָס זיינען אריינגעוועבט געוואָרן אין דעם גרויסן נאציאָנאלן געדאנק איז אויפגעקומען דער כוח וואָס, ניט געקוקט אויף דעם אונטערגאנג פון מיליאָנען יידן, האָט דערגרייכט צו די היינטיקע טעג.

עס איז באזונדער פריידיק, וואָס דווקא אין ישראל וועט דערשיינען דער „ספר הזכרון", וואָס וועט ארומנעמען שפּליטערן און זכרונות פון א שיין און אינטענסיוו יידיש לעבן און וואו מיין שטעטל איסטריק וועט ניט פעלן. זאָלן מיינע שורות זיין א קליינער בייטראָג צו דעם בינטל זכרונות.

## מר אברהם צפניק מאיסטריק מספר:

הגרמנים נכנסו לאיסטריק ביום א׳ 10.9.39, כ״ז אלול, א׳ דסליחות תרצ״ט. בשני הימים הראשונים היה שקט יחסי. חיילות הגרמנים רק עברו את העירה והתקדמו לעבר לינסק-סאניק. אך ביום ג׳ באו ה- OSA ואספו את היהודים, ורק יהודים, לצורך או שלא לצורך, והעסיקו אותם כל היום ברחיצת ושטיפת מכוניות שלהם, בנקוי משרדים ובעבודות כביש. אסור היה ליהודי ללכת על המדרכה. את כל העבודות האלה סדרו רק לשם נגישות. ארגנו את האוקראינים, ה,,סיצאווצים״, שישגיחו על עבודות היהודים, שיעשו את העבודה כראוי. האוקראינים המאורגנים האלה נשאו על זרועם סרט צהוב עם צלב קרס כחול.

כך זה היה נמשך יום יום, מבוקר עד הערב. כל יהודי היה מחויב יום יום להתיצב לעבודה.

יהודי איסטריק חזרו בערב הביתה בשלום, לא כן יהודי חוץ, פליטים, לא מיושבי העירה. את אלה לקחו אחרי העבודה ל,,דום שוויאטובי״ ולא ראו אותם יותר, נעלמו!

משנטשו הגרמנים את איסטריק, ביום ב׳ דחול המועד סוכות, אחרי ההסכם עם הסובייטים, התגלה, שענו את היהודים הפליטים האלה והרגום, 46 איש, וקברום בחורשה מאחורי הכפר בערעהי, זה נודע לנו אחר כך מפי גוי תושב בערעהי. משה הורוביץ ומרדכי יאמנער הי״ד, הוציאו את הגופות מהחורשה והביאום לקבר ישראל בבית העלמין של איסטריק. שמותיהם לא ידעו, כי הגרמנים השמידו את נירותיהם ושדדו את כספיהם. אני נזכר שביניהם היו שני אחים וגיס מסאניק.

בראש השנה וביום כפור לא התפללו בבתי התפילה רק במנינים פרטיים, אבל גם שם מצאו אותם הגרמנים, חטפו אותם והכריחו מאות יהודים לעבוד עבודה קשה ומפרכת, לשאת חלקי אוירונים להר ז׳יקוף.

באותה התקופה הקצרה של הפלישה הנאצית, לקחו, בין יתר היהודים את ר׳ מנדל פוטישר, יהודי יקר וחביב על כל אנשי הקהילה ומכובד גם בין האוכלוסיה הנוצרית. לא ידענו למה ר׳ מנדל לא חזר, ידענו רק שהוא אסור בידי הגסטפו. עם נסיגת הגסטפו, באו אנשים למשרדיהם ומצאו את ר׳ מנדל שוכב כל עוד נפשו בו, מוכה וחבול ושותת דם מכל יצורי גוו הרטוש, והוא גונח. קשה היה להכירו, תלשו את זקנו ואת פאותיו וכל פרצופו היה זרוע צלקות וחבורות דם.

הביאו אותו הביתה, הבהילו את מיטב הרופאים לרפאותו, אך בלי תוחלת להציל את חייו. הוא הספיק לספר לנו: כשלקחוהו הגסטפו הקיפוהו בשאלות ובחקירות דברי הבל בדבר ,,זקני ציון״, שהיהודים חבלו את כל העולם והם הם שגרמו למלחמת עולם זו ולבסוף נתנו לו פרוטוקול לחתימה שתכנו היה: ,,היהדות האינטרנאציונלית רצתה את המלחמה״. ר׳ מנדל סרב לחתום על הפרוטוקול הזה. הם אמרו לו שהוא מוכרח לחתום ואם לא יחתום ברצון, יכריחוהו בכוח. קשרו את זקנו ואת פאותיו בחבל והחניקוהו על גבעה מול מורד — עד שהזקן והפאות נתלשו והוא נידרדר במורד.

לקחו אותו משם במצב של עלפון וכל יום ויום חזרו על אותה הדרישה ואמרו — נראה מי ינצח, אתה או אנחנו, לבסוף הרי סוף סוף תחתום, למה לך לדחות! החזירוהו לחיים כדי לענותו ולגרום לו סבלות ויסורי גיהינום, הזילו עליו מים, נתנו לו מכות ומהלומות, אך ר׳ מנדל בשלו, הוא לא חתם.

כשעמדו הגרמנים לעזוב, אמר אחד, חבל, יש לירות ביהודי המנוול הזה, שלא רצה לחתום. ענה לו חברו, חס וחלילה, הוא בין כך לא יחיה עוד, שיגוע ביסוריו ויתענגו עליו היהודים המזוהמים, בני קהילתו וידעו שאת הגרמנים אי אפשר לנצח, הם אינם מנוצחים, ויגש ודרס עליו.

כשבוע ימים התפתל ביסוריו, לא יכול היה לא לאכול ולא לשתות ולא עשה גם את צרכיו. מר צפניק, שהיה ראש העסקנים בימי כניסת הרוסים השתדל מאד שישלחו את רופא הגדוד לבדוק את הפצוע, אחרי שספר להם מה שקרה. אחרי שדול רב נאות הרופא הסובייטי לבוא ולהגיש עזרה רפואית לר׳ מנדל. בדרך שוחחו ביניהם, מר צפניק והרופא — אוקראינית, אבל כשרק נכנס הרופא על מפתן הבית וראה את החולה, הזדעק ביידיש: ,,רבונו של עולם״! נגש בחרדה למעונה, בדק אותו בקפידה ואמר לו ביידיש, — ר׳ מנדל, חבר פוטושר, איר וועט זיין געזונט, שרעקט אייך נישט, איר וועט נאך לעבן לאנגע יארן...״ (אתה תבריא, אל תפחד, אתה עוד תחיה הרבה שנים).

כשיצא מחדרו, קרא לבני ביתו של ר׳ מנדל ולידידיו ואמר ביידיש, ,,לאזט אפ אלע רפואות, מ׳האט אים אפגעשלאגען די לונגען, די געדערעם און דאס גאנצע לעבנס-אפאראט, קיין דאקטער אין דער וועלט וועט שוין נישט העלפן, לאָזט אים רואיק שטארבן, מוטשעט אים נישט מיט מעדיקאמענטן, לאזט אים שטארבן״. (תנו לו למות, במכות שלהם קרעו את ראותיו, את מעיו ובכלל את כל חייו, שום רופא בעולם לא יכול כבר לעזור, תנו לו למות במנוחה ואל תענו אותו ברפואות, תנו לו למות).

בני הבית והידידים לא שמעו לאזהרתו ולבקשתו של הרופא היהודי והמשיכו לטפל בו. לפני מותו קרא לי ולעוד ידידים ואמר: ,,תמסרו לילדי בארץ ישראל, שאני לא אשם, אם בני נשארו יתומים, לא נכנעתי לתלינים בהכרתי הברורה שבזה אני מקדש את השם״ ומת על קדוש השם.

**נרשם ע״י מנחם אלדובי ז״ל. סדר והביא לדפוס ש. פרידלנדר.**

# מר אברהם צ׳אפניק פון איסטעריק דערציילט

די דייטשן זענען אריין קיין איסטעריק זונטיק, דעם 19.9.1939, כ״ז אלול תרצ״ט, דעם ערשטן טאג „סליחות״. די ערשטע צוויי טעג איז געווען פארהעלטניסמעסיק רואיק. דינסטיק אבער זענען געקומען די USA צוזאמענגענומען אלע יידן, און נאר יידן, סיי מ׳האט זיי באדארפט, סיי נישט, און זיי א גאנצן טאג באשעפטיקט ביים וואשן די אוטאס זייערע, רייניקן די ביוראס און ביי שאסע-ארבעט. די אלע ארבעטן זענען נאר געווען כדי די יידן צו סעקירן. א ייד האט נישט געטארט גיין אויפן טראטואר. זיי האבן ארגאניזירט די אוקראינער אזויגערופענע „סיצאוצעס״ און זיי געשטעלט אלס משגיחים איבער די יידן, אז זיי זאלן גוט ארבעטן. די אוקראאינער האבן געטראגן אויף זייערע אַרעמס, געלע בענדער מיט א בלויעם האקנקרייץ. אזוי האבן די יידן געארבעט יעדן טאג, פון אין דער פרי ביז ביינאכט. יעדער ייד האט זיך אליין געמוזט צושטעלן צו דער ארבעט.

די שטעטישע איסטעריקער יידן זענען יעדן פארנאכט אהיימגעקומען, דאקעגן די דרויסנדיקע יידן, די פליטים, האבן די דייטשן נאך דער ארבעט גענומען אין „דאָם שוויאטאווי״ און מער האט מען זיי נישט געזען. ווען די דייטשן האבן פארלאזט איסטעריק, דעם צווייטן טאג חול המועד סוכות, נאכן הסכם מיט די סאוויעטן, האט זיך ארויסגעוויזן, אז זיי האבן די אלע פליטים, 46 יידן, שטארק געפייניקט, שפעטער זיי דערשאסן און באגראבן אינעם וועלדל אונטער דעם דארף בערעהי. דאס האט אונדז דערציילט א בערעהיער גוי. משה הארוויץ און מרדכי יאמנער הי״ד האבן די געהרגעטע יידן ארויס-גענומען פונעם וועלדל און זיי געברענגט צו קבר ישראל אויפן איסטעריקער בית עולם. די נעמען פון זיי האבן מיר נישט געוווסט, ווייל די באנדיטן האבן קודם פארברענט זייערע פאפירן און צוגערויבט זייער געלט. אויף וויפיל איך קען זיך דערמאנען, זענען צווישן זיי געווען 2 ברידער און א שוואגער פון סאניק.

ראש השנה און יום כפור האט מען אין די בתי מדרשים נישט געדאווענט, נאר אין פריוואט מנינים, אבער אויך דארט האבן זיי די דייטשן געפונען און הונדערטער יידן האבן אין די הייליקע טעג געארבעט קאטארגע, טראגנדיק לופטשיף--באשטאנדטיילן ארויף אויפן זשיקאף בארג.

אין דער קורצער צייט פון דער דייטשער אינוואזיע, האבן זיי צווישן אנדערע יידן, אויך גענומען ר׳ מענדל פוטישער, א טייערער ייד, באליבט אין דער גאנצער קהילה און אויך אנגעזען צווישן דער קריסטלעכער באפעלקערונג. מיר האבן נישט געוווסט פארוואס ער איז נישט צוריקגעקומען, מיר האבן נאר געוווסט אז די געסטאפא האלט אים אלס ארעסטירטן. ערשט, ווען די געסטאפא איז אוועק פון איסטעריק, האבן יידן אים געטראפן אין געסטאפא ביורא ליגן צעבלוטיקט, צעשלאגן, צעהרגעט און אלע אברים זיינע זענען געווען צעדריקט, ער האט נאך קוים געזשיפעט. ער האט זייער געקרעכצט און ס׳איז אים

שווער געווען צו דערקענען. די באָרד און פאות זענען געווען אויסגעריסן און זיין גאַנצער פּנים איז געווען פאַרבלוטיקט און פול מיט בײלן.

מ׳האָט אים אהיים געבראַכט און געבראַכט די בעסטע דאָקטוירים, אָבער היילן האָט מען אים נישט מער געקענט און נישט געקענט מער זיין לעבן ראַטעווען. ער האָט נאָך געשפּעיעט צו דערציילן: ווען די געסטאַפּאָ האָט אים אַרעסטירט, האָבן זיי אים געשטעלט נאַרישע פראַגן וועגן די „עלטסטע פון ציון" (זקני ציון), אַז די יידן ווילן די גאַנצע וועלט חרוב מאַכן און אַז נאָר זיי האָבן גורם געווען צו דעם איצטיקן וועלט-קריג. צום סוף האָבן זיי אים דערלאַנגט אַ פּראָטאָקאָל צום אונטערשרייבן. דער תוכן איז געווען: „דאָס אינטערנאַציאָנאַלע יידנטום האָט דעם קריג געוואָלט". זיי האָבן אים געזאָגט, אַז ער מוז דאָס אונטערשרייבן, ווען נישט מיט גוטן, וועלן זיי אים צווינגען מיט כוח. זיי האָבן זיין באָרד מיט די פאות צוגעבונדען מיט אַ שטריק, אים אַוועקגעשטעלט אויף אַ בערגל, באַרגאַראָפּ און אים דאָרט אַזוי לאַנג געהאַלטן, ביז די באָרד און פאות האָבן זיך אויסגעריסן און ער האָט זיך אַראָפּגעקייקלט באַרג אַראָפּ.

אַ פאַרחלשטן האָט מען אים פון דאָרט אַוועקגעטראָגן און יעדן טאָג האָט ער פון זיי געהערט דיזעלבע דרשה. זיי האָבן אים געזאָגט: „שרייב אונטער, מיר וועלן זען וועגן עס ווי זיגן, דו אָדער מיר, סיי ווי סיי וועסט דו אונטערשרייבן". יעדן טאָג האָט מען אים געפּייניקט, אָנגעטון גיהינום יסורים, ביז ער איז פאַרחלשט געוואָרן, געגאָסן וואַסער אויף אים, כדי אים ווידער צו פּייניקן, אָבער ר׳ מענדל איז געבליבן ביי זיינעם. ער האָט נישט אונטערגעשריבן.

ווען די דייטשן האָבן געהאַלטן ביים פאַרלאָזן איסטעריק, האָט איין געסטאַפּאָ-מאַן געזאָגט „אַ שאָד, מ׳דאַרף דעם מנוול שיסן, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אונטערשרייבן", אָבער דער צווייטער האָט נישט געוואָלט און געזאָגט „חס וחלילה! ער וועט סיי ווי סיי מער נישט לעבן, לאָז ער בעסער זיך מוטשען און לאָזן די שמוציקע יידן פון זיין קהילה וויסן, אַז די דייטשן קען מען נישט באַזיגן, זיי זענען אומבאַזיגבאַר". ער איז צו צו ר׳ מענדלען און געטרעטן אויף אים. אַ וואָך האָט ער זיך געוואָרפן אין יסורים, ער האָט נישט געקענט, נישט עסן, נישט טרינקען און דער מאָגן האָט בכלל נישט געאַרבעט.

הער צאַפּניק, וואָס איז געווען דער הויפּט עסקן ביים אָנהייב פון דער רוסישער אָקופּאַציע, האָט זיך שטאַרק באַמיט, אַז די רוסן זאָלן שיקן זייער רעגימענטס-דאָקטער, כדי ער זאָל אים געבן מעדיצינישע הילף, נאָכדעם ווי ער האָט זיי אַלעס דערציילט. סו״ס האָט דער דאָקטער מסכים געווען צו גיין זען דעם קראַנקן. אויפן וועג גייענדיק האָבן ביידע צווישן זיך גערעדט אוקראַאיניש, אָבער ווען דער דאָקטער האָט נאָר די שוועל איבערגעטרעטן און דערזען דעם קראַנקן האָט ער אויסגעשריגן אויף יידיש „רבונו של עולם!". ער איז צו צום קראַנקן, אים גוט אונטערזוכט און געזאָגט אויף יידיש„ ר׳ מענדל, חבר פּוטושער, איר וועט געזונט זיין, שרעקט אייך נישט, איר וועט נאָך לאַנגע יאָרן לעבן..." ווען ער איז אַרויס פונעם קראַנקן, האָט ער גערופן דאָס בני בית און די גוטע

פריינד און געזאגט אין יידיש ,,לאזט אפ אלע רפואות, מ׳האט אים אפגעהאקט די לונגן, די געדערעם און דעם גאנצן לעבנס-אפעראט. קיין דאקטער אין דער וועלט וועט שוין נישט העלפן! לאזט אים רואיג שטארבן, מוטשעט אים נישט מיט רפואות. לאזט אים שטארבן״.

דאס בני בית האבן דעם דאקטער נישט געפאלגט און זיך ווייטער מיט אים מטפל געווען. פארן טויט האט ער צוגערופן דעם הער צאפניק און נאך גוטע פריינד און זיי געזאגט ,,איר זאלט מיינע קינדער אין ארץ ישראל איבערגעבן, אז איך בין גאר נישט שולדיק, ווען מיינע קינדער בלייבן יתומים. איך האב מיך די תלינים נישט אונטערגעגעבן מיטן פולן באוווסטזיין, אז מיט דעם, בין איך מקדש השם און שטארב אויף קדוש השם״.

אויפגעצייכנט אין עברית מנחם אלדובי ז״ל

איבערזעצט און מסדר געווען צום דרוק שמעון פרידלנדר.

**דוד קסלר**

# עירתי בליגרוד


תמונת המחבר

העירה בליגרוד עם 250 המשפחות היהודיות, היתה מנותקת מהעולם הגדול בגלל חוסר רכבת ותושביה היו מוכרחים לנסוע כ-20 ק"מ עד התחנה הראשונה, לסקו-לוקביצה. ואעפ"י שהקשר עם העולם החיצוני היה רופף, נמצאו בה הרבה אנשים משכילים הן בין החוגים החסידיים והן בין החילוניים.

בעירה היו 3 בתי כנסת. בית הכנסת הכללי שנחשב לאחד מבתי הכנסת הכי יפים בגליציה בציורים שצויירו ע"י הצייר המפורסם מר מסר מסאנוק. בית הכנסת הנ"ל נבנה ע"י הנדבן הידוע ר' לוי צבי גרוזינגר. עד מלחמת העולם הראשונה היה גם קלויז של חסידי סדאגורי, שנשרף ע"י הרוסים. היו בה יהודים נכבדים, תלמידי חכמים ויראי שמים כמו: ר' הרצל ואחיו ר' חיים ויטמן, ר' שלום מייזלס, ר' יוסף צפת, שו"ב, ר' יצחק לפלשטיל ובנו ר' אלעזר, שנהל את פנקסי הלידה בעירה, ר' ישראל רפפורט, שזכה לחיות בישראל, ר' ראובן אלסטר ובנו ר' שמעון ואחרון אחרון חביב המרא דאתרא ר' אשר טיטלבוים זצ"ל. בקשר לקלויז הנ"ל נזכר אני באפיסודה אחת המאפיינת את מידת הכנסת האורחים של אנשי באליגרוד, שהיו ואינם, הי"ד. קרה זה בראש השנה 1914. קבלנו פקודה מהמפקד הצבאי האוסטרי לפתוח את החנויות בראש השנה. גמרנו את התפילה ב-10 בבוקר והלכנו הביתה לסעוד סעודת החג. כאשר הסבנו לשולחן, הודיעו לנו שלעירה הגיעה פלוגה הונגרית עם הרבה יהודים ושהם נכנסו לקלויז להתפלל. כל יהודי העירה התאספו ברחבת הקלויז, כי להכנס פנימה לא היה מקום עקב היות המקום צר מהכיל. בין החיילים היה גם חזן-שוחט. הם התפללו בהתלהבות עצומה ואת ה„אתה נגלית" לא אשכח לעולם. אחרי התפילה ערכו את השולחנות וכל מי שהיה לו בבית ממאכלי החג הביא לקלויז, ככה שאף אחד לא יצא ח"ו רעב. השוחט-החזן, בתור הוקרה לעירה, נדב שכשיחזור הביתה בשלום, יבנה את הקלויז מחדש כראוי אבל לצערנו לא שמענו עליו יותר. היה גם בית מדרש של חסידי בוקובסק-בלזוב (יאבורניק) עם יהודים יקרים ויראי שמים כמו ר' נטע דיין, ר' יהודה צבי מיטמן, ר' שמעון מיטמן ובניו, ר' יצחק דיין ושמואל, משפחת גרפונקל, ר' ליפא מייזלס הי"ד, אנשי מעשה ובעלי צדקה. נזכרתי במעשה שספרו בעירה על ר' ליפא מייזל הי"ד שעמד פעם בתחנת הרכבת בפשמישל והגיע זמן תפילת מנחה וכאשר עמד להתפלל „שמונה עשרה" שמע רחש על יהודי שאבדה לו חבילת דולרים. ר' ליפא ז"ל הפסיק

באמצע. אמר שהוא מצא אותה והמשיך להתפלל. אחרי התפילה החזיר את הכסף לבעליו. שאלו אותו מה פתאום מצא לנחוץ להפסיק באמצע השמונה עשרה, והוא ענה „פחדתי שלא יסיתני יצר הרע ואתחרט״.

אחרי מלחמת העולם הראשונה נוסדו מועדונים ציוניים כמו, ציונים כלליים, מזרחי וגם מועדון של הליגה למען ארץ ישראל העובדת. בהזדמנות זו אני רוצה להזכיר את העסקן הציוני המסור יוסף הרינג הי״ד שמסר את כל חייו למען ארץ ישראל ולא זכה לראות את פרי עבודתו. בראש המזרחי וצעירי מזרחי עמדו ה״ה מרדכי גימפל ושמשון מייזלס הי״ד. בכלל היו בעירה צעירים משכילים בכל המובנים שהיו תענוג לשוחח אתם. גם בין פשוטי העם היו יהודים יקרים. מי שלא ראה שמחת ליל שמחת תורה, עת החברה קדישה בחרה בגבאים לחברה, לא ראה שמחה מימיו. לבסוף אני רוצה להדגיש את הלב החם של האיש הפשוט ושמו יונה שואב מים שהיה גר ב„הקדש״. בערב פסח נשא כל היום מים לבעלי הבתים וכאשר הגיע אחרי התפילה הביתה, עיף ויגע ונוכח שאשתו, שלא היתה מה„בריות״ הגדולות, לא התחילה עוד אפילו להכין ל„סדר״, נרדם וישן עד הבוקר וכשהתעורר התחיל לערוך את הסדר באור הבוקר. השכנים השגיחו בזה וכל אנשי העירה, אנשים, נשים וטף התאספו ע״י החלון ועזרו לו בעריכת הסדר.




המצבה על הר ציון

**מנחם ברייער**

# מיינע איבערלעבונגען



תמונת המחבר

9 מאי 1945.איך געפין זיך אין די רייען פון דער רויטער ארמיי אין ערשטן בילארוסישן פראנט. איך געפין זיך אין דער פארשטאט פון בערלין. אויף דעם בראנדענבורגער טויער הענגט די רויטע פאן. בערלין איז געפאלן, די מלחמה האט זיך פארענדיקט. א טאג פון נצחון. די שמחה ביים מיליטער איז גרויס. פון דער גרויסער שמחה ווערט ממש א בהלה, דאס מיליטער ווייסט נישט וואס צו טון פאר פרייד! מען נעמט זיך קושן, שרייען, זינגען, סאלוטירן פון געווער, טאנצן. מען כאפט שנעל שרייבן בריוו אין די היימען בכדי מודיע צו זיין, אז מען איז געבליבן לעבן, אז אין א קורצער צייט וועט מען זיך זען. מען האט באזיגט דעם דייטשן מערדער, מען איז פריי און עס הייבט זיך אן א נייע גליקלעך לעבן, ס'האט זיך פארענדיקט דאס בלוט-פארגיסן.

איך שטעל זיך אוועק טראכטן וואס איך האב צו טון; שרייבן אז איך בין געבליבן לעבן האב איך נישט צו וועמען, ווייל וויפיל בריוו איך האב נישט געשריבן אהיים און צו באקאנטע, אפילו צו גויים, די גאנצע צייט זייט מיין געגנט איז באפרייט געווארן, האב איך קיין ענפער נישט דערהאלטן. איך ווייס נישט גארנישט וועגן דעם גורל פון מיינע עלטערן. איך שלאג זיך מיט די געדאנקען וואס שטעלן מיר פאר דאס בילד פון די באפרייטע ערטער וואס איך האב געזען און זיך אנגעהערט פון דערציילן, נאר איך גלויב נישט און לאז נישט צו די געדאנקען, אז דער זעלבער גורל זאל האבן געטראפן מיינע עלטערן און די גאנצע משפחה און די ליטעוויסקער יידן. דאן נעם איך טראכטן וואזשע זאל איך טון? און עס ווערט מיר א שאד אז די מלחמה האט זיך פארענדיקט. איך וואלט גערן געגאנגען אין א אטאקע אויפן דייטש און אים געשיקט א פאר קוילן און גראנאטן, דאס וואלט געווען א גרעסערע שמחה. א, ווי דאס הארץ פלעגט זיך פרייען ווען מען פלעגט שיסן אין דייטש אריין! יעדער אויסגעשאסענע קויל אין זיי האט געבראכט אזא גרויס פארגעניגן! ווען איך פלעג טרעטן איבער די קערפער פון די געהרגעטע דייטשן האט זיך געוואלט נאך און נאך מער נקמה נעמען פאר דעם פארגאסענעם בלוט, פאר די אומגעבראכטע מענטשן, פאר די אנגעטוענע צרות, פאר דער דערנידערונג, פאר דעם פייניגן בכלל און פאר אונדז יידן בפרט. אט א די אוממענטשן, ערגער ווי חיות, האבן זיך בשום אופן נישט געקאנט באגנוגען מיטן אומברענגען אומשולדיקע מענטשן און

קינדער! זיי האבן זיי נאך קודם אויסגעשפעט און באליידיקט. וויפיל מען שיסט זיי, איז נאך אלץ ווייניק! איך בין זיכער, אז זיי האבן נאך נישט באצאלט מיט זייער בלוט פאר דעם פארגאסענעם, אומשולדיקן יידיש בלוט, דער חשבון, בלוט פאר בלוט, האט זיך נאך לאנג נישט אויסגעגלייכט!

וואס הייב איך אן היינט צו טון? אנשטאט אפמערקן די גרויסע שמחה, פאל איך אריין אין א דעפרעסיע און בכדי נישט צו שטערן מיינע חברים און בכדי זיי זאלן נישט באמערקן מיין צושטאנד, נעם איך זיך גיין ווו די אויגן האבן מיך געפירט מיט מיינע ביטערע מחשבות. אזוי גייענדיק דערזע איך פאר זיך אז א רוסישער זעלנער גייט מיט אן אראפגעלאזטן קאפ אין מיין ריכטונג. איך האב שוין געוואלט זיך אויסדרייען און גיין צוריק נאר איך האב באטראכט אז בעסער איז דאס נישט צו טון, ווייל אפשר איז דאס אן „אסאבי טדעלניק״ קען ער מיר נאך צושרייבן ווער ווייסט וואס און אזוי וועל איך אפשר זיך אויסקויפן מיטן אמת, דערציילן פארוואס איך געפין זיך אליין, געגנוג ווייט פון מיין מיליטער אפטיילונג. ווען איך האב זיך באגעגנט מיט דער פערזאן האב איך מיינע אויגן נישט געוואלט גלייבן, מיט וועמען איך האב זיך באגעגנט! מיר זענען שטיין געבליבן און באטראכט איינער דעם צווייטן און קיין ווארט האבן מיר נישט געקענט ארויסרעדן. מיר האבן זיך ארומגעכאפט קושן, ער האט ממש געשריגן און גערופן פונעם טיפן הארץ „מענדל! מענדל״! און איך האב אים אנגערופן „גאטליב! גאטליב!״. מיר האבן זיך אזוי דערפרייט איינער מיטן צווייטן ווי גלייך מיר וואלטן געוועזן איינציקע אויף דער גאנצער וועלט. ווען אונדזער באשוידערונג איז אביסל אדורך, האב איך אים געפרעגט וועגן אונדזער חבר ניימאן וואס איז געוועזן מיט אים ביי דער וויסל אונטער ווארשע, ווען מיר האבן זיך צעשייד, יעדער אין א אנדערע מיליטער-אפטיילונג. פון דעמאלט האבן מיר גארנישט געוווסט איינער פונעם אנדערן. יעצט שטייט ער מיט א אראפגעלאזטן קאפ אין איך באמערק טרערן אין זיינע אויגן. איך פיל, אז מיט ניימאנען האט עפעס פאסירט, אבער גאטליב שטעלט מיר פארשידענע פראגעס און וויל מיר נישט דערציילן וואס ס׳האט מיט ניימאנען געטראפן. נאר שפעטער האט ער מיר מיט גרויס מי דערציילט, אז נוימאן איז געפאלן אין דער שלאכט ביים נעמען בערלין, אוןביידע האבן מיר, פארשטייט זיך, געלאזט טרערן. ווען מיר זענען אביסל צו זיך געקומען האב איך אים געפרעגט, צי זיינע איברים זענען גאנץ און ווו אהין ער גייט. זיין ענפער מיט שמייכל איז געווען; וואס נוגע די איברים זענען זיי אביסל דורכגעשאסן און גיין גייט ער דארטן ווו איך. מיר האבן זיך אוועקגעזעצט אויף דער ערד און גענומען טרינקען. דאס ערשטע האבן מיר אויסגעטרונקען פאר דער נשמה פון אונדזער חבר ניימאן און פאר אלע אומגעקומענע יידן. דעם צווייטן כוס פאר אונדזער באגעגעניש און דעם דריטן כוס, פאר אונדזער צעשיידן זיך. מיר האבן זיך געזעגנט און צעקושט און זענען זיך צעגאנגען יעדער אין זיין ריכטונג. גייענדיק צוריק האב איך געהאט א הנאה פון דער באגעגניש, אז ס׳איז נאך דא מיט וועמען צו טרעפן זיך, איך בין נישט אינגאנצן עלנט.

חודש אפריל 1947, בין איך דעמאביליזירט געווארן פון דער רוסישער ארמיי און

פארלאזט דאס לאנד פונעם מערדער. אנשטאט צו זען, אין משך פון די 2 יאר, ווי די מערדער באצאלן פאר זייערע מעשים, האב איך ליידער געזען ווי זיי הייבן אן בויען א נייַ לעבן. דאס האט זיך באמערקט פון טאג צו טאג.

לויט די רוסישע דעמאביליזאציע-געזעצן, איז יעדער דעמאביליזירטער זעלנער מחויב געווען אנצוגעבן פרטים, ווי אהין ער וויל אהיימפארן און לויט די אנגעגעבענע פרטים זענען אויסגעשטעלט געווארן די פאפירן, ווו ער האט זיך צו מעלדן אין דעם אנגעגעבענעם ארט און דארט זיך איינצוארדנען. אין א צווייט ארטשאפט האָט ער זיך נישט געקענט איינמעלדן. א סך פון די דעמאביליזירטע זעלנער האבן געשטאמט פון דערפער אדער פון קאלכאזן און זיי האבן זיך נישט געוואלט צוריקקערן אין זייערע לעכער און געוואלט בעסער וווינען אין א שטאט. די רוסישע ארמיי האט אבער געהאט א „אסאבי אטדיעל״, ער האט קאנטראלירט אלע פאפירן און געוווסט פון וואנען יעדער שטאמט און יעדן צוריקגשיקט אין זיין היים. איך אבער האב געהאט א סך אדרעסן, א סך וווינערטער, ווי איר וועט שפעטער זען און ס׳איז מיר שווער געווען צו באשליסן, וואהין צו גיין.

איך בין געבוירן און געוווינט ביזן יאר 1935 אין ליטאוויסק. פון 1935 ביזן יאר 1939 האב איך געוווינט אין דזוויניאטש און אין טערנעווי (טארנאווא). טאקע אין טערנעווי האב איך געוווינט ווען ס׳איז דארט געשאפן געווארן די גרעניץ אינעם יאר 1939 צווישן די דייטשן און די רוסן (דאס וואסער „סאן״). צו אונדזער אומגליק האבן מיר זיך געפונען אויף דער דייטשער זייט. נאך א צייט, ווען מיר האבן שוין גוט געפילט די דייטשן אויף אונדזערע ביינער, ווען זיי האבן ביסלעכווייז צערהבעוועט כמעט אלעס און זיך אנגעהויבן צו נעמען צו אונדז, זענען מיר אין א נאכט אנטלאפן צו די רוסן. שטעלט אייך פאר צו שווארצן א גרעניץ, און דאס נאך איבער א וואסער, אין שפעט חשוון צייט מיט 2 קליינע קינדער אונטער א סכנה צו ווערן געפאנגען אדער אפילו דערשאסן. מיין פארמעגן איז באשטאנען פון 2 קליינע קישאלעך, די שבת לייכטער, דער טלית און תפילין, דעם טאטנס קיטל, זיין שטראמל מיט דער זיידענער בעקעשע, מיין איבערציער און דער מאמעס שייטל. נאר דער רבש״ע האט אונדז בשלום אריבערגעפירט די גרעניץ איבערן וואסער און מיר זענען גלייך געפאנגען געווארן דורך די רוסן, אונדז איבערגעפירט אין די קאמענדאטור און אין דער פרי אונדז באפרייט. לאנג זענען מיר דארט נישט פארבליבן. אין פרילינג 1940 האבן די רוסן די גאנצע באפעלקערונג פון די דערפער ביי דער גרענעץ, איבערגעפירט קיין רוסלאנד און מיר זענען אנגעקומען אינעם דארף מאלינסק, ראוונער אבלאסט, ווו די עלטרן זענען פארבליבן, נאכדעם בין איך אנטלאפן קיין מיטל אזיען, ביים אויסברוך פונעם דייטש-רוסישן קריג פון וואנען איך בין מאביליזירט געווארן צום רוסישן מיליטער.

איצט אז מ׳האט באדארפט צוריקקערן „אהיים״ איז געווען די פראגע „וואהין ?״ קיין ליטאוויסק, קיין דזוויניאזש, קיין טערנעווי, קיין מאלינסק, אדער גאר קיין מיטל אזיען ?

נישט טראכטנדיק קיין סך האב איך אנגעגעבן ליטאוויסק אלס מיין היים. איך קלויב זיך צו פארן אהיים קיין ליטאוויסק נאך אזוי פיל יארן ביטערער מלחמה, איך בין א באזיגער, צו וועמען וועל איך קומען? צו וואס וועל איך קומען? ווער ווארט מיך אפ און וואס ווארט אויף מיר? איך קוק זיך צו צו מיינע חברים וועלעכע דעמאביליזירן זיך; ווי פריילעך זיי זענען, ווי און וואס פאר א באגעגעניש עס ווארט אויף זיי! וואס פארא פלענער זיי האבן וועגן דעם קומענדיקן נייעם לעבן! אבער איך האב גענומען דעם נאמען פון מיין יידיש שטעטל ליטאוויסק ווייל מיט דעם שטעטל און מיט מאלינסק איז פארבונדן דאס טייערסטע פון מיין לעבן און יעצט קער איך זיך צוריק צום נייעם „לעבן".

נאך א יעדן אנרופן אדער דערמאנען דעם נאמען ליטאוויסק שטעלט זיך ביי מיר אפ דאס הארץ; איך וואלט גערן געוואלט אויסלאדן מיין הארצווייטיק מיט א ביסל טרערן, נאר ווו נעמט מען זיי! אז דאס הארץ איז אויסגעטרוקנט געווארן פון טרערן וואס געפינען זיך נישט מער אין מיין גוף. מיט א צייט שפעטער בין איך געקומען קיין איסטעריק, אויפן וועג קיין ליטאוויסק. איסטעריק איז דאס פאוויאטאווע שטעטל און איך מוז זיך דא איינמעלדן אין „וואיענקא מאט". איך שטעל זיך אפ אין איסטעריק מיט דעם וועשטש מעשאק און הייב אן צו קוקן אויף יעדן דורכגייענדיקן. איך האב דאך געהאט באקאנטע יידן, אפשר וועל איך עמעצן פון זיי דערזען? אפשר וועל איך דערזען א ייד אפילו פון דערוווייטענס וועל איך אים שוין פאקן און געוויער ווערן וועגן ליטאוויסק? מילא, א ייד, אונדזערן א ייד מיט אן איבערציער אדער לפי דעם אנטועכץ בכלל וועל איך דאך דערקענען, אדער לפי דעם פנים. נאר ס'איז א שאד געוועזן מיין שטיין און ווארטן. דאן האב איך איידל גענומען פרעגן ביי די דורכגייענדיקע צי וווינט און ווו וווינט דא א ייד? א סך האבן געענפערט אז זיי וויסן נישט נאר איינער האט זיך געפונען און האט טאקע געגעבן געוווסט, אז ס'וווינט דא א שניידער, סופר איז זיין נאמען, אבער ער ווייסט נישט ווו ער וווינט. נאר די צונג, זאגט מען, פירט ביז קיעוו און מיר איז געלונגען צו געפינען דעם שניידער סופר. ער האט מיך שיין אויפגענומען, אין דער צייט איז אריינגעקומען א יידישע פרוי, בער, וועלכע איז געווויער געווארן, אז ביי סופרן געפינט זיך א היגער יידישער דעמאביליזירטער זעלנער, איז זי גלייך געקומען. אט ווי אזוי אונדזער באקאנטשאפט איז פארגעקומען. זי האט זיך מיר פארגעשטעלט; נינא בער. איך האב אנגערופן מיין נאמען מענדל ברייער. דאן פרעגט זי: צי זענט איר נישט פון די טענעוויער ברייערס און די ליטאוויסקער וויזנערס? נעם איך זי גוט באטראכטן און שטרעב צו דערמאנען זיך, אפשר האב איך געקענט די פרוי אדער געזען זי ווייל לויט איר אויסדרוקן מיין אפשטאם קומט אויס, אז זי קאן מיך, נאר איך האב זיך נישט דערמאנט אז איך זאל געוועזן זען אדער הערן פון דער פרוי און איר נאמען. איך האב איר געענפערט אז זי ווייסט מיין אפשטאם און דערביי געזאגט: „איך קען זיך עפעס נישט דערמאנען אז איך זאל אייך אמאל האבן געזען, איז מיר זער אינטערעסאנט צו וויסן פון וואנען איר קענט מיך". האט זי געענפערט מיט א שמייכל: „איך קען אייך נישט,

נאר אייער נאמען פארטייטשט אז איר זענט טאקע דער, וואס איר זענט ווייל איר הייסט מענדל ברייער. דער נאמען מענדל זאגט אז איר זענט פון די מענדישעס און די מענדישעס דאס זענען די וויזנערס און זיי זענען מחותנים מיט די טענעוויע ברייערס. און אזויווי די ברייערס זענען געווען אין טענעוויע א העלפט פון די יידישע באוווינערס פון דארף און דאס דארף איז געווען גוט באקאנט אין דער געגנט ווייל דארטן איז געוועזן א פאסט אבטיילונג און א פאליציי קאמאנדאטור, וועלכע האבן באדינדט דעם גאנצן ארום און ס'האט דארטן געהאט געוווינט א שיין ביסל יידן, איז דאס דארף מיט די יידן דארט געווען באקאנט. פון אייער צווייטער זייט, דאס הייסט פון אייער מאמעס צד, איז דאך געוועזן כמעט א גאנצע גאס מיט די וויזנערס (מענדישעס)". מיך האט איר דערקלערונג זער דערפרייט ווייל ביז יעצט האב איך נישט געטראפן קיין מענטש, וואס זאל מיך אפילו קאנען פארשטיין, נישט נאר ער זאל געוועזן וויסן אז מיין משפחה האט באוווינט א ¼ שטאט און א האלב דארף. וואס נאך ערגער, מען פלעגט מיר צייטנווייז פארווארפן אז ס'איז נישט קלאר אז איך בין פון דעם „פלאנעט" ווייל ווי אזוי קאן מען אנדערש פארשטיין אז איך דערהאלט נישט קיין בריוו פון קיינעם און שרייב נישט צו קיינעם. אויב די עלטערן זענען נישט געבליבן לעבן, איז דאך דא נאך א משפחה, אדער שכנים, אדער באקאנטע, עמעצער האט דאך געמוזט בלייבן. מיט וואס האב איך זיך געקאנט פארטיידיקן קייגן אזא „פילאסאפיע"? מיין אומגליק האבן זיי זיך אפילו נישט געקענט פארשטעלן. נאר יעצט ווען, דאנקן גאט, איך שמועס מיט דער פרוי וואס ווייסט אז דער נאמען מיינער שטאמט פון נעמען און משפחה נאמען פון א משפחה, האב איך איילנדיק געבעטן מיך צו אינפארמירן וועגן מיין משפחה און פון די ליטאוויסקער יידן. האט זי זיך אנטשולדיקט אז יעצט האט זי קיין צייט דערציילן פרטים וועגן דעם, ווייל זי מוז גיין צו דער ארבעט, מען טאר דאך נישט פארשפעטיקן, מען קען נאך פאר אזא זאך ארייין כאפן א פראגול פאר וועלכע מען זאל קאנען אפזיצן א דריי יאר. נאר זי האט מיך געבעטן נישט אפצווווארפן איר בקשה, דערוויייל נעמען מיינע זאכן און אריבערגיין אין איר וווינונג ווו ס'איז דא א פריי ארט, איך זאל זיך פילן ביי איר ווי ביי זיך, און אין אוונט, ווען זי וועט צוריקקומען פון דער ארבעט, וועט זי מיר אלעס דערציילן. זי האט מיר דערלאנגט די שליסל און אנגעוויזן די וווינונג און אנטלאפן צו דער ארבעט. דאס איז געוועזן פאר מיר א „גוטער" סימן. איך האב געפרעגט ביי סופרן, צי ער ווייסט נישט עפעס וועגן די ליטאוויסקער יידן, אבער אויך ער האט אויסגעמיטן א גלייכע תשובה און זיך פארטיידיקט אז ער וווינט אין איסטעריק נישט לאנג און האט זיך נישט אינטערעסירט וועגן ליטאוויסק. ער האט צוגעגעבן אז די פרוי בער ווייסט אלעס און זי וועט מיר זיכער אלעס דערציילן. יוסף, איר זון, איז שוין מער ווי א יאר אין דער היים מיט דער מוטער, ער איז אן אינוואליד מחמת די ווונדן וואס ער האט באקומען אין דער רוסישער ארמיי. זייענדיק סטאציאנירט אין פרייזן, זענען אים איינמאל אין א פארנאכט באפאלן ציווילע היטלעריסטן און אים עטלעכע מאל צעשטאכן. ער האט געהאט נסים אז ער איז לעבן געבליבן. אויך יוסף, וואס לעבט צוזאמען מיט דער מוטער און זי האלט אים אויס. ווייסט א סך וועגן ליטאוויסק

איך האב סופרן באדאנקט און בין גלייך אוועק מיט מיינע זאכן צו דער פרוי בער א צופרידענער, אז איך וועל האבן אין א ידישער שטוב ווו דעם קאפ אנידערצולייגן. איך האב שוין פארשטאנען, אז קיין גוטס וועגן ליטאוויסק וועל איך שוין פון פרוי בער נישט הערן און מיר איז ביטער געווארן אויף דער נשמה. איך בין געוועזן גייסטיק אזוי צעקלאפט, אז קומענדיק אין שטוב האב איך זיך מיט יוסף'ן אפילו נישט באגריסט, אבער ער, ווייזט אויס, האט וועגן מיר שוין געוווסט און מיך ווארם אויפגענומען.

עס איז ליידער אזוי געווען ווי איך האב מיר פארגעשטעלט, איך האב נישט געהאט קיין טעות, די פרוי בער האט מיר קיין גוטס נישט דערציילט. זי האט מיר געזאגט „מענדל לעבן, מ'מוז זיך האלטן שטארק און פארגעסן פון ליטאוויסק און פון אירע יידן". זי האט מיך געווארנט אז מען מוז זיין זער פארזיכטיק ווייל אין דער גאנצער געגנט זענען פאראנען „בענדעריס" וואס הרגענען יידן נאך ערגער פונעם דייטש. זי האט מיך גאווארנט און אפגערעדט פון צו גיין קיין ליטאוויסק, אבער נאך א נאכט, וואס איך האב קיין אויג נישט צוגעמאכט, האב איך זיך געלאזט גיין קיין ליטאוויסק, איך בין כמעט געלאפן, איך האב נאך אלץ געהאט א האפענונג אז עס איז נאך נישט אזוי ווי מען דערציילט. ווען איך האב זיך דערנענטערט צום בארג וואס מ'רופט „אוסטרוב", פון וואנען מ'זעט דאס גאנצע שטעטל, האב איך גענומען לויפן כדי וואס פריער צו זען דאס שטעטל. ווען איך האב א קוק געגעבן אויפן שטעטל האב איך געמיינט אז איך האב די ראיה פארלוירן, ווייל איך האב נאר געזען דאס בית עולם און דעם קאשטשאל. דאס זענען געווען די סמנים, אז דא איז אמאל א שטעטל געווען ליטאוויסק. איך קוק אויף רעכטס און אויף לינקס, א נעכטיקער טאג, סאיז נישט דא קיין שטעטל. איך דערזע קוים א 3 שטיבאלעך, די געביידע פון דער שול און די פאסט. ביז איך בין צוגעקומען נעבען דעם וואסערל, די „ריקע", האב איך גארנישט מער געזען. ביי דער „ריקע" האב איך זיך אינסטינקטיוו פארהאלטן, ווי לאנג איך בין דארט געשטאנען געדענק איך נישט. איך האב אפילו נישט באמערקט ווי עמעצער דערנענטערט זיך צו מיר. ער האט מיך געפרעגט „זעלנער, ווער זענט איר? וואס שטייט איר דא ווי א איינגעגראבענער?" איך קוק אויף אייך שוין געננוג לאנג נאר איך זע אז איר באוועגט אייך אפילו נישט, האב איך באשלאסן אייך צו פרעגן" אזוי האט ער זיך ביי מיר פארענפערט. איך האב באטראכט דעם פארשוין אין דער אוקראאינישער קליידונג ווי פאר דער מלחמה און איך האב אנגעהויבן צו זוכען א תשובה פאר אים. וואס זאל איך אים זאגן? ווער איז ער? ער האט עפעס באמערקט און געזאגט „איך בין א היגער איינוווינער, מיין נאמען איז כאמיאק און וווין נעבן דער בערדע (א נאמען פון א בארג) אויב דו נויטיקסט דיך אין עפעס טא זאג, איך בין גרייט דיר צו העלפן". איידער נאך איך האב אים געענפערט האט ער זיך א כאפ געטון ביי די מחשבות און געזאגט „אויב איך האב נישט קיין טעות ביסטו דאך טאקע פון דאנען" און ווייזט אן אויף דער ערד ווו ס'איז געשטאנען אונדזער שטוב. „איך הייב זיך אן צו דערמאנען, איך דערקאן דיך, ביסט אביסל ענלעך ווי האסט אויסגעזען קינדווייז". איך האב זיך טאקע געגעבן צו דערקענען בכדי עפעס געוווער צו ווערן פון אים. ער האט

מיך גענומען ביי דער האנט און געבעטן דא נישט צו שטיין ווייל ס׳קאן מיך עמעצער דערזען און ער איז נישט פון די מענטשן. ער האט געוואלט איך זאל גיין צו אים אין שטוב, וואס געפינט זיך א שיין שטיקל וועג ווייט. כאטש איך האב נישט געהאט צו אים קיין צוטרוי בין איך דאך מיט אים מיטגעגאנגען, ווייל איך האב געוואלט פון אים אלעס געוויר ווערן און דא אויפן פלאץ האט ער זיך נישט געוואלט אפשטעלן. ער האט מיך גוט אויפגענומען און מיר דערציילט אלעס וואס ס׳האט פאסירט מיט די יידן אינעם שטעטל.

## דאס איז זיין דערציילונג.

די ערשטע קרבנות אין שטעטל זענען געווען פולה, אזוי גערופענער „ציגיינער" און דער צווייטער איז געווען מיין פעטער, דער מאמעס ברודער, חיים וואלף וויזנער. פולה"ן האבן די דייטשן דערשאסן אין מיטן דער גאס אן א פארוואס און ערשט צו מארגן האבן זיי דערלויבט דעם קערפער אוועקצונעמען פון דער גאס. דערמיט האבן זיי געוואלט ווייזן זייער מערדערישע חוצפה מען זאל זען אז זיי קאנען שיסן יידן אן א פארוואס. נאר זייער צווייטער קרבן, מיין פעטער חיים וואלף איז דערהרגעט געווארן ווען ער האט דערוויזן די דייטשן אז א ייד האט אין זיך א נאציאנאלן האנער. אט וויאזוי ס׳האט פאסירט: דריי שכור׳ע דייטשן האבן אין דער גאס צוגערופן חיים וואלפן און האבן אים אנגעהויבן אויסשפעטן וואס ער איז א ייד א.א.וו. ווען ער האט זיי אויסגעהארכט און פארשטאנען אז די דייטשן גייט נאר אין אויסשפעטן אים אלס ייד, האט ער דעם הויפט-אויסשפעטער אנגעשפיגן אין פנים און אנטלאפן אין ריכטונג צו דער בערדע, דארט ווו עס הייבט זיך אן דאס וואלד. די דייטשן האבן נאך אים נאכגעשאסן. דאס געשיסעריי האט דערהערט א אוקראאינישער נאציאנאליסט, דרעקוס, און האט געזען חיים וואלפן אנטלויפן. האט זיך פאר אים געשאפן א מעגלעכקייט זיך פארדינט צו מאכן ביי די דייטשן און אנטייל נעמען אין רדיפה נאך יידן, איז ער נאכגעלאפן חיים וואלפן און אים געכאפט. אזויווי דער פעטער איז געווען אפגעמוטשעט, האט זיין ווידערשטענד קעגן דרעקוסן גאר נישט באטייט און ער האט חיים וואלפן געברענגט צו די דייטשן און איז דורך זיי דער-שטאכן געווארן מיט די באגנעטן. מיין באבא חנה דבורה ע"ה האט נישט געקענט איבער-טראגן די ווייטיק, האט זי תיכף אנגעהויבן שטארק צו קרענקען און איז באלד געשטארבן. אויף איר לויה איז, פון שטארק דערשיטערונג, מיין מומע רבקה, שמואל לייב׳ס ווייב, אראפ פון זינען. מיר זענען געווען מיט שמואל לייבן געקניפט און געבונדן, ווייל שמואל לייב איז געווען מיין זיידן יאנטשעס א ברודער און זיין פרוי רבקה איז געווען מיין פאטערס א שוועסטער. דער גאנצער אומגליק איז געקומען צוליב דרעקוסן וואס האט זיך דערצויגן און אויסגעהאלטן געווארן פון יידן. דער גרויסער ברודער דרעקוסעס איז געווען א האלץ העקער און, פארשטייט זיך, געהאקט האלץ ביי אלע יידן אין שטעטל. אבער זיין הויפט ארבעט פלעגט זיין צו האקן האלץ פאר מענדל אפפעלס בעקעריי אונדזער מחותן. איינמאל זענען געקומען קיין ליטאוויסק חלוצים אויף הכשרה פלעגן

זיי האקן האלץ ביי די יידן אין שטעטל. איינמאל זענען זיי צוגעקומען צו מענדל אפפעל און אים פארגעלייגט זייער באדינונג. דרעקוס האט זיך געפונען דערביי און צוגעהערט צום גאנצן געשפרעך, ווייל ער האט פארשטאנען און אפילו גערעדט יידיש. ער האט אפגעשאצט די לאגע און האט פארשטאנען אז ער מוז היינט זוכן ארבעט ערגעץ אנדערש און ווער ווייסט צו ער וועט זי היינט געפינען. ער האט שוין געוואלט דאס האלץ בענקל (די שראגע) מיט דער זעג נעמען און זיך אפטראגן. מענדל האט אים אפגעשטעלט און זיך אנטשולדיקט פאר די חלוצים, אז ער מוז זיי אפזאגן ווייל דרעקוס איז א ברויטגעבער פאר זיין משפחה, מוז ער אים געבן די ארבעט. מען קאן זיך פארשטעלן דאס פארחידושן פון די חלוצים, ווען אזא ייד ווי מענדל אפפל מיט א לאנגער גרויסע בארד און לאנגע ציצית פון טלית קטן הענגען אים ביז צו די קני, זאגט אפ די חלוצים צו געבן זיי האקן האלץ, ווען זיי, יונגע בחורים פון בעסערע היימען זענען געקומען אהער פלאגן זיך כדי צו זיין צוגעגרייט צו פארן קיין ארץ ישראל כדי צו קעמפן און אויפלעבן דאס לאנד. מענדל אבער האט דערביי געהאט זיין מענטשלעכן געפיל וועלעכער איז געווען גרעסער פונעם פאטריאטישן. ער האט נישט געקאנט דערלויבן אז ווען דרעקוס געפינט נישט דעם טאג קיין ארבעט, ער זאל אהיים גיין אן א שטיקל ברויט פאר זיין משפחה וואס ווארט אויף אים. די חלוצים וועלן שוין געפינען א שטיקל ברויט, זיי האלטן דאך פון דער ארבעט נישט אויס קיין משפחות. און דרעקוס האט אונדז „דערפאר" באצאלט מיט דעם אויבן דערמאנטן.

די ווייטערדיקע אינפארמאציע פון כאמיאקן איז פול געווען מיט אוממענטשלעכע באדינגונגען אין וועלכע ס'האבן זיך געפונען די ליטאווישער יידן, אין פארשידענע צרות וואס זיי האבן איבערגעלעבט ביז פרילינג 1943, — ווען פלוצים ער האט דערהערט הארץ צערייסענדיקע געשרייען פון א גאנץ שטעטל ווען מ'האט די יידן געפירט אין זייער לעצטן וועג. די דייטשע מערדער מיט די אוקראאינעשע באנדיטן האבן ארויס־געטריבן, אונטער געוועהר, די יידן נעבן קאשטשול, זיי געהייסן ארויסגראבן א גרויסן גרוב און זיי דארט אלע דערשאסן. ער דערציילט ווי יידן זענען געגאנגען אנגעטון אין טליתים און ווייסע קיטלען און געהאלטן אין איין שרייען „שמע ישראל". די קולות און די געוואלדן פון די יידן האבן זיך אויסגעמישט מיט די שיסערייען פון מאשין געוועהר און ס'האט זיך געדאכט אז די וועלט גייט אונטער. די אוקראאינער פון ארום דעם שטעטל זענען געקומען מיט פערד און וועגענער און אויסגערויבט די זאכן פון די קרבנות. מען האט אפילו אנגעהויבן צו צונעמען די הייזער. דאס שטעטל האט אויסגעזען ווי א מאכאוועיניק פון רויבער. נעבן דעם קאסטשול האט זיך די ערד גערירט פון די נישט דערשאסענע קרבנות, וועלכע זענען באגראבן געווארן לעבענדיקערהייט. מען האט געהערט די געשרייען פון אונטער דער ערד. אזוי האט פארענדיקט ראמיאק און צוגעגעבן אז ס'איז אים א שאד, אזוינע פיינע זשידעס געווען! ער האט גאר נישט געוואלט נעמען פון זייערע זאכן.

נאך דער דערציילונג האט ער מיר געזאגט אז איך זאל זיך קלויבן אין וועג אריין,

ווייל ס'איז שוין גענוג שפעט און די כלאפטשעס (דאס האט ער געמיינט די בענדער-אווצעס) קענען מיך דערשמעקן און ער וויל מיך נישט האבן אויף זיין געוויסן ווייל זיי זענען זיך מחיה ווען זיי פאקן א ייד און הרגענען אים. איז בעסער איך זאל פון אים אוועקגיין און בכלל ארויספארן ווי אמשנעלסטן פון דאנען. איך וואלט אייגנטלעך געוואלט זיך געפינען אין דער נאענט פון מיינע טייערע דעמאלט און דארט אביסל פארבלייבן, אבער איך האב נישט געוואלט אז די באנדעראווצעס זאלן האבן דאס פאר-געניגען פון הרגענען נאך א ייד. איך האב זיך געזעגנט און גענומען גיין קיין איסטעריק. איך האב איצט ווידעראמאל געמוזט דורכגיין דורך דעם געוועזענעם שטעטל. גייענדיק אין דעם חרוב'ן שטעטל האב איך זיך נישט ווילנדיק אפגעשטעלט ביים ערשטן הויז וואס האט געהערט צו מיין פעטער בערטשע, איך דערמאן זיך וויפיל צייט איך פלעג דא פארברענגען. דאס הויז איז אלעמאל געווען ווי א מועדון. דעם פעטער בערטשעס קינדער זענען אלע געווען דערוואקסענע, חתן בחורים און כלה מיידלעך, און פלעגן זיך כמעט די גאנצע צייט געפינען אויף דעם אינטערעסאנטן ארט, ווו ארום און ארום איז געווען פעלדער און גערטנער, פון דאנען האט מען דאס גאנצע שטעטל געזען. ווען הערש, הערצל און לייב פלעגן צוקומען מיט זייערע כלה'ס, טויבה און שרהטשע מיט זייערע חתנים און זייער שוועסטער פייגע, וועלכע האט אויך דא געוווינט מיט איר מאן חיים וואלף דייטש מיט די קינדער טויבה, מענדל, זיינבל און מלך ישראל און משה זייער ברודער מיט זיין ווייב גיטל און זייער טעכטערל, וועלכע האבן אויך דא געוווינט — זענען זיך אלע צוזאמענגעקומען, פלעגט דא זיין אן אטמאספער מיט מענטשן וואס האבן געגלויבט צו שאפן, אדער האבן געשאפן א צוקונפטיק לעבן. דא איז געווען מיין געליבסט ארט ווו צו פארברענגען, ווייל ס'איז דא געווען פול מיט לעבן. דא פלעג איך האבן מיט וועמען צו פארברענגען, צו שפילן אדער שפארן זיך אדער גאר לערנען זיך. דערצו בין איך געווען א גוטער חבר מיט מענדלען, פייגיס זון. איך דערמאן זיך ווי מיר האבן אמאל גענומען שפילן זיך אין לייענען „תורה". מיר האבן גענומען צוויי שייטלעך האלץ, פארוויקלט אין א האנטוך דאס איז געווען דאס „ספר תורה", איך בין געווען דער בעל קורא (דאס איז מיר געקומען בירושה) און מענדל פלעגט אויפרופן און מאכן א מי שברך (אים איז דאס אויך געקומען בירושה. זיין זיידע יענקל איז געווען א שמש אין דער גרויסער שיל). איינמאל האט ער אויפגערופן צום „ספר תורה" זיין פאטער חיים וואלף. כדי זיין פאטער זאל גלייך נישט אוועקגיין ווי ער פלעגט דאס מאכן זער אפט אין אזא פאל, האט ער גלייך געמאכט דעם פאטער א מי שברך און גלייך צוגעקומען צו די ווערטער „בעבור שנדר" 10 גראשן פאר אונדזערט וועגן אויף צוקערלעך. מיר האבן טאקע אונדזערס דערגרייכט אבער חיים וואלף איז נישט געווען צופרידן און ער האט זיך א נעם געטון אונדז צו מאכן א מי שברך. ער האט אונדז גע'מוסרט אז מיר זענען שקצים ווייל מיר ווייסן נישט אפילו אז אים רופט מען נישט אויף חיים וואלף נאר חיים זאב און צווייטנס אז מיר האבן נישט געלייענט דאס ספר נאר תיכף געמאכט א מי שברך, און דריטנס אז מיר זענען געווען אן גארטלען. מיר ווידער האבן זיך פארטיידיקט און באוויזן

אונדזער גערעכטעקייט. אזויווי חיים וואלף האט דאס נישט געוואלט אנערקענען, האבן מיר אנגעהויבן פארוואַרפן אים זיינע חטאים. מיר האבן אים געזאגט, אז ער זאל זיך נישט איינרעדן אז ער איז דא אזא גרויסער ווי זיין פאטער יענקל אין שיל, ווייל אפילו שרייען קען ער נישט אזוי הויך ווי זיין פאטער וואס פלעגט יעדן ערב שבת רופן „אין שיל אריין". ער פלעגט שרייען אזוי הויך „איין שייל אאאריין", אז מען מ'האט דאס געהערט אינעם גאנצן שטעטל. מיר האבן אים אויך באוויזן אז ער איז נישט אזא גרויסער ווארטזאגער ווי זיין פאטער, ווייל מ'זעט אים נישט ארויס א האלבע יארמיקע פון אונטערעם קאפעליטש, די ציצית פונעם טלית קטן הענגען ביים אים נישט ביז די קני, אז ער האט נישט א רויטע נאז פאטשיילע א.א.וו. ביז ער האט קאפיטולירט. ער האט אונדז געגעבן 10 גראשן און געזאגט „וואס קאן איך מאכן מיט די צוויי שקצים". איצט שטיי איך ווו מען דארף זאגן קדיש און יזכור..

איך נעם זיך גיין ווייטער. נאך דעם הויז איז געווען אברהם וויזנער'ס הויז. איך מאך א פאר שפאן און געפין זיך ווידער אויף דעם ארט פון מיין געוועזן הויז און אנטקעגן האט זיך געפונען דאס הויז פון מיין פעטער שמואל לייב וויזנער. איך קאן זיך נישט גלויבן אז דאס איז א ווירקלעכקייט. דא געפינט זיך דאס ארט פון געוועזענעם רעש'דיקן ארט אין ליטאוויסק. דא איז געווען א סאדא-וואסער פאבריק, איין פאבריק אין גאנצן שטעמל, וואס פלעגט אויך צושטעלן סאדא-וואסער פאר דער אומגעגנט. דא איז געווען דאס איינציקע ארט פון ליטאוויסק און דער אומגעגנט, ווו מ'פלעגט זומער קענען קריגן אייז. ארום דעם הויז איז געווען א גארטן מיט בלומען. פיר כלה-מיידלעך פלעגן דעם גארטן באזארגן: טויבע, פערל, עטעל און דבורה. פון גאנצן שטעטל פלעגט מען אהער-קומען צו זיצן אין דעם שיין געפלעגטן גארטן און דערביי כאפן א שמועס מיט די מיידלעך און אפקילן זיך מיט א קאלט קראכל, ארויסגענומען פונעם אייז-קעלער. אין די שבת-טעג פלעגט מען קומען צו די אלע גוטע זאכן און נאך דאצו צו הערן דאס זמירות זינגען, משהן, מנדלן, יענקלן און דודן. מענדל איז געווען א ייד א תלמיד חכם. נאכן ארויסגעבן פונעם פריסטאש-געזעץ, אז יידן מוזן עסן פונעם אונטערשטן טייל פון דער בהמה, איז ער געווען דער איינציקער מנקר איבער ליטאוויסק, איסטעריק און דער גאנצער סביבה. ער איז געווען א בעל מנגן און פלעגט זינגען מיט א באריטאן שטימע. משה האט געהאט א טענאר שטימע און איז געווען באקאנט אלס בעסטער זינגער. ער פלעגט זיך פארמעסטן מיט נתן שוחט וואס איז אויך געווען א חזן, וואס מ'פלעגט אים דינגען אויף די ימים נוראים דאווענען קיין לעמבערג. זיין זינגען פלעגט אים אויסלייזן פון א סך צרות. ער איז געווען אין שטעטל דער ערשטער וואס פלעגט אלעס וויסן, זען און הערן און אזויווי ער האט געהאט א נישט צוגעבונדענע צונג, פלעגט ער אלעמאל אויסוואקסן ווו מ'האט אים נישט געזייעט, ווו ער איז נישט געווען געוואונטשן און פלעגט נישט איינמאל פארדינען קלעפ. נאר זיין זינגען פלעגט די מענטשן אזא פארגעניגן פארשאפן אז מען פלעגט אים מוחל זיין.

צוויי זאכן זענען אויף דעם פלאץ פארבליבן: דאס יאשיניביימל וואס איך האב

מיט משהן, פארזעצט פאר דער מלחמה און די ברונע, פול מיט אנגעווארפענע שטיינער איך מאך א שפאן ווייטער און געפין זיך ווו ס׳איז געווען די מימע טשעביס הויז, אויך א שוועסטער פון מיין זיידן. דא האט געוווינט לייב בער ברייער מיט זיין ווייב גיטל און די קינדער לייטשע, שרה פייטל, מענדל און יענקל. איך וויל ווי אמשנעלסטן פארלאזן די וויסטעניש, אבער ביי יעדן שפאן ווייטער שווימט מיר ארויס דאס אמאליקע לעבן פון די מענטשן וואס האבן דא געוווינט. אט געפין איך זיך אויף דעם ארט ווו מיין מומע שרה, אויך דעם זיידנס שוועסטער, האט געוווינט מיט איר איידעם יענקל מאדיאר מיט 8—6 קינדערלעך. אין זעלבן הויז האט אויך געוווינט מיין פעטער חיים וואלף, דער העלד, מיט זיין ווייב שרה, זיין זון יענטשע, נאכן זיידן, מיט זיין שוויגער און איר פאטער, וועלכער פלעגט גאנצע טעג און נעכט איבערזיצן אין בית המדרש און לערנען. אביסל ווייטער האט געוווינט דער פעטער שלמה מיט זיין ווייב חנה און זייערע קינדער, פנחס, בערטשע און עטה. אין שכנות האבן געוווינט די מחותנים, די אזוי גערופענע „חכמים״ אדער „שמענדריקעס״. דאס הויז פונעם פעטער שלמה איז געווען אין צענטער. ארום זענען געווען די שיל, דאס שילעכל,ביידע בתי מדרשים און אברהם משה קאפעלס. איצט איז דער גאנצער פלאץ באוואקסן מיט גראז און פול מיט שטיינער פון די הייליקע צעשטערטע בנינים.

פון עלטער פון 5 יאר פלעג איך קומען טאג טעגלעך אהער דאווענען, אין דער פרי און ביי נאכט. א גרויסער טייל פון מיין דערציאונג איז געווען פארבונדען מיט דעם מקום קדוש. שבת און שלוש רגלים פלעגן מיר דאווענען ביי אברהם משה קאפלס און אין די ימים נוראים אין דער שיל, נאר ס׳פלעגט אונדז אויסקומען פיל מאל צו דאווענען מוסף אין שיל אדער אין אגודת ישראל. דאס פלעגט זיין דעמאלט ווען דער רב, רב איטשה פלעגט קראנק זיין אדער הייזעריק נאך דעם זיך-טובלן אין א קאלטער מקוה. דאס זעלבע פלעגט פאסירן מיטן בעל קורא. אין דער אגודה פלעגט מיין טאטע האבן דעם כבוד צו פארטרעטן די בעלי קורא׳ס. איך פלעג ציטערן, ווען איך האב דערזען אברהם משהן דערנענטערן זיך צו מיר און א זאג טון „מענדל היינט בלייב״. איך קאן נישט באשרייבן מיין פחד. נישט דערפאר ווייל איך האב נישט געקענט די גמרא, נאר פאר אברהם משהן האט מורא געהאט דאס גאנצע שטעטל, אפילו חתן בחורים פלעגן אים אויסמיידן. ער פלעגט זיך צוטשעפען און האט געמוזט געפינען ביי עמעצן פון די בחורים עפעס אן עברה, אדער ער האט קורצע פאות. אויף זיין פאדערונג האט מען געמוזט צעקנעפלען זיך אין גאס און ארויסנעמען ווייזן דעם טלית קטן און ווי איז געווען דעם בחור וואס איז געגאנגען ערגעץ אין גזעלשאפט אויסגעפוצט, (אברהם שלמה פלעגט ספעציעל אזעלכע זוכן) און פלעגט נישט גיין אין טלית קטן. ער פלעגט אויף דעם בחור שרייען, אז די גאנצע שטאט האט געהערט. אבער ס׳האט זיך נישט געפונען אפילו איינער וועלכער זאל זיך כאטש אנרופן אווארט, ווען אברהם משה האט אים געזידלט. מ׳האט אים רעספעקטירט און ער איז געווען דער גרעסטער בכבודיקער מענטש אין שטעטל. איך גלייב, אז די אלע וואס האבן געקאנט אברהם משה קאפלס פילן מיט מיר מיט, וואס איך

פלעג זיך יעדן שבת געפינען נעבן אים, ביי אים אין שטוב און עס פלעגט מיר דראען אזא פייניגונג און איבערלעבונג. ער פלעגט מיר שטעלן אזעלכע שאלות וואס איך האב פון מיין רבין נישט געהערט און איך האב אויף זיי נישט געהאט קיין תשובה. דאס איז טאקע געווען דער פחד. ער פלעגט מיר פרעגן דווקא דאס וואס איך האב נישט געלערנט, איך ווייז אים וואס איך קאן און ער האט זיך זיינס אין זינען. נאר פונדעסטוועגן פלעג איך כמעט יעדעס מאל קידוש מאכן און פארזוכן א שטיקל קיגל. ווען איך האב שוין געהאלטן דאביי פלעג איך שוין זיין זער צופרידן, ווייל דאס איז געווען דער איינציקער סימן אז ער איז צופרידן פונעם בלאט גמרא. ווען מען פלעגט ביים פארהערן מיט עפעס זיך פארפלאנטערן, האט ער דאס גלייך באמערקט און האט אויפגעפלאנטערט מיט אזא אופן: ער האט געעפענט די טיר און א זאג געטון „א שייגעץ וויל איך אין מיין שטוב נישט אנקוקן". נאר דאס האט געקענט דויערן ער זאל דעם „שייגעץ" נישט זען ביז שלוש סעודות. ווען דער „שייגעץ" וואלט צו שלוש סעודות נישט געקומען, וואלט זיין פאטער מיט דער גאנצער משפחה געמוזט אים ארומזוכן און ברענגען אפילו פון אונטער דער ערד. ביי אברהם משהן איז נישט אנגעגאנגען אז עמעצער פון זיינע דאוועוערס זאל נישט קומען, פון קליין ביז גרויס.

און איצט, וואס איז פון דעם אלעם געבליבן? דא פלעגט זיך דאס גאנצע שטעטל צונויפקומען ביים דאווענען אין די ימים נוראים, פון גרויס ביז קליין, מענער, פרויען און מיידלעך. אלעס איז געווען אויסגעפוצט, יידן אין שטראמלעך מיט זיידענע בעקעשעס און קיטלען; פרויען אין שייטלעך, מיידלעך מיט זיידענע טיכלעך אויף די קעפ, באהאנגען מיט צירינג און יונגע בחורים אין איבערצירלעך מיט ישיבה היטאלעך און פאה׳לעך.

דא פלעגן זיך צוזאמענקלויבן נאך א מין מענטשן, „פלאגערס" האט מען זיי גערופן. דאס איז געווען אין פרילינג צייט. דאס זענען געווען „שטעלערס" וואס האבן זיך באדארפט שטעלן פאר א מיליטער קאמיסיע. אזויווי דער רוב האט נישט געוואלט גיין „דינען", ווייל מהאט דארט נישט געקאנט אפהיטן דאס יידישקייט, פלעגט מען זיך פלאגן א גאנצן חודש. מ׳פלעגט נישט שלאפן גאנצע נעכט, זיך צוזאמענקומען אין די בתי מדרשים און פון דאנענאויס וואנדערן איבערן שטעטל. ס׳רוב איינוווינער אין שטעטל זענען נישט צופרידן געווען פון די אפגעטועגע שפיצלעך ווי למשל, זיי פלעגן פון די רייכע צונעמען האלץ און עס אוועקטראגן צו די ארעמע יידן וועלכע האבן זיך אין דעם גענויטיקט. ווען דער רייכער האט צומארגנס דערזען אז עס פעלט אים האלץ, און ווען אפילו ער האט געוווסט, ווער ס׳האט דאס האלץ באקומען, האט ער מורא געהאט אפילו דאס מויל צו עפענען, ווייל ווען די „שטעלערס" וואלטן געוויער געווארן, אז ווער פון די ב׳עולה׳טע בעלי בתים האט עפעס גערעדט, וואלט ער דעם צווייטן טאג קיין שפענדל פון זיין זאפאס האלץ נישט געווען געפונען. א חוץ דעם וואלט אזא איינער שוין געמוזט רעזיגנירן פון שלאפן דעם גאנצן פלאגע-חודש. אזוי האט מען זיך געפלאגט ביז מ׳איז געווארן הויט און ביין ביזן שטעלן זיך צו דער קאמיסיע. די עלטערן פון די פלאגערס האבן אויך נישט גערוט; מ׳האט איינגעריסן אין דער שיל, מ׳האט געזאגט תהילים און

מ׳האט געגעבן לעכט אין די בתי מדרשים. ווען מ׳האט נאר געהערט B C E איז מען געוווען צופרידן אבי נישט A.

איצט שטיי איך דא און דאס הארץ פלאצט פאר ווייטיק. נישטא מער די געוועזענע מענטשן, די יומטוב׳דיקע, די יוגנט, די פלאגנדיקע. דאס גאנצע שטעטל איז דורך די דייטשע חיות פארביטן געווארן אין אביסל פארוואקסענע רואינעס. איך דארף שוין גיין, די זון האלט ביי אונטערגיין, נאר וויפיל מאל איך מאך נישט א שפאן ווייטער צו גיין פון דאנען, פאלט מיר איין נייע מחשבות. איך בין געווען אזוי פארבונדן מיט דעם ארט אז די געדאנקען ווילן נישט דערלאזן צו זיך דיווירקלעכקייט, וואס די אויגן מיינע זען. איך בין אזוי לאנג געשטאנען ביז איך האב געקאנט ארויסלאזן א גיסערייי פון ספאזמישע טרערן. איך האב א געשריי געטון „שמע ישראל״ און בין אנטלאפן פון דארט. די טרערן האבן זיך אזוי געגאסן אז איך האב מער נישט געקאנט קוקן, ווען אויפן וועג איך האב זיך פארטשעפעט אין מצבות, וואס זענען געגומען געווארן פונעם הייליקן ארט און דא אויסגעשפרייט אויף מאנכע ערטער. איך האב געוואלט אנקוקן וועמענס די מצבות זענען, אבער די טרערן האבן פארגאסן די אויגן. איך האב אפילו נישט באמערקט ווען איך בין דורכגעגאנגען נעבן קאשטשול, ווו איך האב זיך געוואלט אפשטעלן דארט ווו עס געפינט זיך דער ברודער קבר פונעם שטעטל און זאגן קדיש. איך בין צו זיך געקומען ערשט אויפן אוסטראב בארג פון וואנען איך האב אין דער פרי דערזען די פאנאראמע פונעם „שטעטל״. איצט האב איך ווידער דערזען דעם קאשטשול און להבדיל דאס הייליקע ארט. דארט האבן זיך געפונען אלע יידן פונעם שטעטל ליטאוויסק. דאס איז געבליבן פון ליטאוויסק!

איצט איז מיר נאר פארבליבן צו באזוכן דאס ארט ווו איך האב זיך צעשיידט און איבערגעלאזט מיינע עלטערן, דעם טאטן אהרן, די מאמע חיה-עטה, די שוועסטער ריבה און דעם ברודער אברהם-יהודה הי״ד, דאס דארף הייסט מאלינסק. אין מאלינסק האב איך געזען דאס זעלבע וואס אין ליטאוויסק. צווישן די צענדליקע איינוווינער, וואס איך האב געפרעגט איבערן גורל פון די יידן, האט זיך קוים איינער געפונען וואס האט מיר געענפערט איך זאל צופארן קיין קוסטופול, דארט וועל איך געפינען מסתמא א ייד וואס וועט מיר קענען דערציילן וועגן דעם גורל פון די יידן אין דער גאנצער געגנט, צווישן זיי זענען אויך געווען מיינע עלטערן. נאך לאנגע זוכענישן און ארומקריכן האב איך געפונען א יידישע משפחה וואס האט מיר פאלגנדיקס דערציילט: אלע יידישע איינ-וווינער, צווישן זיי מיינע עלטערן, פונעם בערעזנער ראיאן האט מען צונויפגעזאמלט אין קוסטופול און אין אלול 1943 האט מען זיי אלע געשאסן. פאר מיר איז שוין מער נישט געבליבן וואס צו זוכן. אלעס איז קלאר געווען. די דייטשע בעסטיע האט אויסגעמארדעט מיינע עלטערן, מיין גאנצע משפחה, אלע יידן פון ליטאוויסק און פון מאלינסק.

א צייט שפעטער איז מיר געלונגען, דורך פארשידענע קוואלן צו געפינען מיינעם א געשוועסטער-קינד אין ישראל, שלום ברייער, פון די טענעווער ברייער. ער האט מיר גענוי דערציילט וועגן די דורכגעפירטע אקציע איבער מיינע עלטערן, ווייל ער מיט זיין

פאטער און ברודער זענען אויך געווען אין דער גרופע וואס מיינע עלטערן. ווען מ׳האט זיי געפירט צום אויסגעגראבענעם ברודער-קבר האט ער זיך געפונען הינטער מיין טאטן. ווען די דייטשן האבן געעפנט א שיסעריי, איז ער אריינגעפאלן אין גרוב א לעבעדיקער און מיין פאטערס קערפער איז ארויפגעפאלן אויף אים. מיין טאטע איז געווען תיכף דערשאסן, נאר ער איז אזוי געבליבן ליגן ביז עס איז פינצטער געווארן. די דייטשן האבן זיך נישט גערעכט, עמיצער זאל זיין דארט א לעבעדיקער, זיי זענען א לאנגע צייט ארומגעגאנגען ארום דעם גרוב און געשאסן אין די נישט דערשאסענע, זיי האבן אפילו נישט איספייעט צו פארשיטן דעם קבר ווייל ס׳האט אנגעהויבן טונקל ווערן. דער גורל האט געוואלט אז שלום זאל בלייבן לעבן, איז ער אין דער פינצטער ארויס פון גרוב און אנטלאפן אין וואלד אריין, ווו ער האט זיך געטראפן מיט זיין פאטער אברהם יעקב און זיינע צוויי ברידער בנימין און יוסף און די שוועסטער הענטשע. זיין מוטער איז אומגעקומען. זיין פאטער האט זיך פארבונדן מיט די פארטיזאנער, איז אריינגעטרעטן אין זייערע רייען און האט גענומען שטארק נקמה פון דער באפעלקערונג וואס האבן געהאלפן דעם דייטש יאגן, פלאגן און מארדן יידן. די דייטשן האבן אויך אפגעשפירט זיינע קלעפ און האבן באשטימט א גרויסע סומע געלד פאר דעם וואס וועט אים ברענגען א לעבעדיקן אדער א טויטן. 2 וואכן פאר דעם ארײנדרינגען פון דער סאוויעטישער ארמיי איז אברהם יעקב ברייער געפאלן אלס העלד אין קאמף מיטן דייטשן שונא. די אויבנדערמאנטע קינדער זיינע, זענען פארהייראטעט און פירן א גליקלעך לעבן דא אין ישראל.

**ליפא גרומעט**

# מיין שטעטל

דער גורל האט געוואלט, אז איך זאל זיין אין מיין געבורטס-שטעטל ליטאוויסק אין די ערשטע טעג נאכן אויסברוך פון דער פויליש-דייטשער מלחמה, גלייך ביים אנהייב פון חורבן און גלייך נאכדעם ווען די רוסן האבן פארטריבן פון דארט די נאציס, ווען די שלאכטן זענען נאך פארגעקומען בלויז עטלעכע צענדלינק ק״מ פון מיין חרובגעווארענער היים. דער גורל האט געוואלט אז איך זאל זיין דער עדות פון אנהייב פון גרויסן אומגליק, פון די ערשטע מערדער אקטן און אז איך זאל אויך זיין דער ערשטער לעבנגעבליבענער ייד, וואס איז געקומען אין דעם חרוב-געווארענעם ליטאוויסק וואס האט ארומגע-וואנדערט איבער די פוסטע גאסן, אריינגעקוקט אין די פענצטער, פון וועלעכע ס׳האט געווייעט חורבן און טויט און פון וועלעכע ס׳האבן ארויסגעקוקט פרעמדע פנימער, וואס האבן מיך באגלייט מיט רציחות-דיקע בליקן, איך בין געווען דער ערשטער, צו זען דאס ארט, ווו עס זענען אומגעבראכט געווארן ליטאוויסקער יידן — אויפן פאהוליוויטשער פעלד.

⁂

יארן בין איך נישט געווען אין מיין היים. אין יאר 1930 האט איטשע אייזנהענדלער צוזאמען מיט איטשע אוסטשיק און צילה סעגאל ארגאניזירט אין ליטאוויסק דעם „הנוער הציוני״, אין וועלעכן איך בין אין א געוויסער צייט ארום אריינגעטראטן אלס מיטגליד צוזאמען מיט ברוך אלסטער און אברהם לעווענהעק. די ארגאניזאציע האט געפירט א פארצווייגטע טעטיקייט, א גרויסע קולטור-ארבעט, געלערנט עברית, יידישע געשיכטע און געגרייט די יוגנט עולה צו זיין. עס זענען אוועק אויף הכשרה מאיר אנהאנג און אסתר פענער וועלעכע זענען שפעטער עולה געווען. עס זענען שפעטער אוועק אויף הכשרה וואלף פענער, בנימין אפפעל און איטשע אוסטשיק און נאך שפעטער, אין יאר 1936, האט דער סניף ארויסגעשיקט אויף הכשרה מיך און ברוך אלסטער. די הכשרה האט דאן, ווי באקאנט, געדויערט יארן. לכתחילה האט מען מיך געשיקט קיין ריישע, פון דארט זענען מיר אריבערגעפארן קיין סטרי צו רעארגאניזירן דעם קבוץ, פון סטרי בין איך אוועק קיין פשעמישל, פון פשעמישל קיין טארנאוו, ווו איך בין געווען ביזן אויסברוך פונעם פויליש-דייטשן קריג.

גלייך דעם ערשטן טאג פון דער מלחמה האבן די דייטשן באמבארדירט דעם וואקזאל פון טארנאוו, אין שטאט איז אויסגעבראכן א פאניק. מענטשן זענען געלאפן פון דער שטאט, אבער די פאליאקן האבן נישט געלאזן קיין יידן פארן מיטן צוג. זיי האבן געשריגן, אז די מלחמה האט זיך אנגעהויבן צוליב די יידן. די פוילישע כוליגאנעס האבן זיך נישט באגנוגנט מיט ווערטער. איך האב אליין געזען, ווי זיי האבן געווארפן יידישע פרויען פון די פענצטער פון די וואגאנעס. מיט דער באן בין איך שוין נישט געפארן און איך האב

זיך אוועקגעלאזט אויף וועגן און אומוועגן כדי צו קומען א היים. איידער איך בין געקומען קיין ליטאוויסק, איז שוין דער דייטש געווען דארט און אין די ארומיקע שטעט.

איך בין דורכגעפארן איסטעריק. דארט אויף דער בריק, זענען געשטאנען דייטשן און געוואָרפן יידן אין וואסער אריין. צו מיין מזל האב איך דארט געטראפן א באקאנטן גוי, פאטיאך, וואס האט מיך איבערגעפירט אויף זיין וואגן איבער דער בריק און געבראכט



סדר פסח בקבוץ ריישע. המסומן ליפא גרומעט

קיין טשורנע. איך בין אריין צו איבערנעכטיקן צו א ייד מיטן נאמען משה הירט. באקאנטע גויים פונעם ייד האבן געזאגט, אז עס איז געפערלעך, אז א ייד זאל ביי אים בלייבן און געהייסן מיר גיין צום סאלטיס. דארט טאקע האב איך איבערנעכטיקט און אויף צומארגנס בין איך אוועק קיין ליטאוויסק, ווו עס זענען שוין געווען די דייטשן.

די ערשטע „ארבעט" פון די דייטשע מערדער איז געווען אָפשערן האלבע בערד ביי יידן. זיי פלעגן ארומגיין איבער די גאסן, און ווי נאר זיי פלעגן זען א ייד, פלעגן זיי אים צורופן מיט א צייכן פון א פינגער, און דאן מיט א שער אדער מיטן באגנעט אפשערן א האלבע בארד. זיי פלעגט נאטירלעך נישט קימערן, אויב צוזאמען מיט דער באָרד פלעגן זיי ארויסרייסן א שטיק פלייש. דער ייד פלעגט בלייבן שטיין א צעטומלטער, אדער א פארשעמטער, נעמען אנטלויפן און זיינע פייניקער פלעגן זיך קאטשען פון געלעכטער. אגב דער ערשטער קרבן פון אט דעם „שפיל" איז געווען, ווי מיר איז באקאנט, סענדער שוסטער.

ראש השנה האבן די מערדער זיך אויסגעקליבן אן אנדערע „פארוויילונג" זיי האבן ארויסגעטריבן די יידן פון די בתי מדרשים אויף דער גאס, געצוווּנגען זיי אויסצושפרייטן אויף דער ערד ספרי תורה און טאנצן אויף די הייליקע יריעות. אלע יידישע מענער,

וואס זענען געווען אין די בתי מדרשים, מיטן שטעטישן רב, הרב ר׳ אברהם משה מורילעס און זיין איידעם בראש, זענען געצווונגען געווארן טאנצן אויף די ספרי תורה.

די רדיפות זענען געווארן אלץ גרעסער, און די יידן האבן געלעבט אין גרויס שרעק. די דייטשן האבן אבער אין ליטאוויסק נישט לאנג געהערשט, און במשך פון דער קורצער הערשאפט זענען קיין מענטשלעכע קרבנות נישט געווען. די כוליגאנעס האבן זיך באגנוגנט מיט סתם שלאגן און איזדיעקעווען זיך איבער די יידן.

ערב סוכות מיטאגצייט האבן זיך די דייטשן צוריקגעצויגן, און אויף זייער ארט זענען אויפדערנאכט אריין די רוסן. די שמחה ביי די יידן איז געווען גרויס אין לשער. אין שטעטל איז געשאפן געווארן א קאמיטעט פון אוקראאינער און יידן. (פון די יידן זענען שפעטער אריין מענדל און הענעך זאמער, נפתלי קליין, בן ציון קרופקע און מאטעס קארנהיזער) וואס האט די ערשטע צייט אנגעפירט מיט דער שטאט. די דייטשע מערדער זענען אוועק. די יידן האבן געקענט פרייער אפעטעמען און זיין זיכער מיטן לעבן.

אין די ווייטערדיקע טעג איז די שמחה ביי די יידן געווארן קלענער, ווייל עס האבן זיך אנגעהויבן א ריי שווריקייטן, דער עיקר עקאנאמישע. עס האט גענומען הערשן א מאנגל אין פראדוקטן, וואס האט שווער געטראפן די יידישע באפעלקערונג. שפעטער האבן זיך אנגעהויבן די נאציאנאליזאציעס וואס האבן אויך געטראפן שווער א ריי יידן. דערצו איז נאך נישט געווען קיין ארבעט און מען האט געלעבט דערפון, וואס מ׳האט פארקויפט שטוב-זאכן. ביי אט דער לאגע האבן אייניקע יידן גענומען זיך באשעפטיקן מיט שווארץ-האנדל, כדי צו פארדינען אויפן לעבן. דאס איז אבער געווען א געפערלעכע פרנסה, און געווען פאלן, ווען מען האט דערפאר באצאלט מיטן לעבן. דער ערשטער קרבן פון אט דעם האנדל איז געווען יהושוע אמיס, וועלעכער האט געפרווט שווערצען אויף דער טשעכישער גרעניץ און איז געפאלן פון א רוסישער קויל.

די לאגע האט אזוי געדויערט ביזן אויסברוך פונעם דייטש-רוסישן קריג, דעם 27.6.1941. מיטן אויסברוך פון דער מלחמה זענען מיר, א גרופע יוגנטלעכע, איך, מיין ברודער משה גרומעט, שמואל אמיס, משה ראזענבאך, הענעך זאמער און פלאזניר פון איסטעריק, אנטלאפן פון די דייטשן. מיר האבן קוים איינגערעדט שמואל אמיס אז ער זאל אויסנוצן די רוסישע פערד, וואס זענען געשטאנען אין זיין רשות, אויף צו אנטלויפן. מיר זענען אזוי געפארן ביז פאדוואלאציסק. אויפן גאנצן וועג האבן מיר זיך אנגעטראפן אויף שוידערלעכע בילדער. אויפן גאנצן וועג זענען געלעגן דערמארדעטע יידן, איינציק-ווייז און אין גרופן. דאס איז געווען די „ארבעט״ פון די אוקראאינישע באנדיטן, ווייל די דייטשן זענען נאך דארט נישט געווען. איך וועל קיינמאל נישט פארגעסן אט די שרעקלעכע בילדער, פון וועלעכע דאס שוידערלעכסטע איז געווען דאס בילד פון א דערמארדעטער מוטער, אויפן וועג פון דרוהוביץ קיין סטרי, וואס איז געלייגן ארומגע-נומען מיט איר טויטן קינד. זי איז געווען דורכגעלעכערט מיט קוילן.

ליידער האבן פיל יידן נישט פארשטאנען די סכנה, וואס דראט זיי פון די דייטשן

און די אוקראַינער. איינער פון זיי איז געווען אהרן מלר, ווען מיר האבן באגעגנט פארנדיק אויף צוריק מיט זיינע פערד. מיר האבן אים דערציילט וועגן די צרות וואס די דייטשן טוען די יידן, מיר האבן אים געזאגט, אז ער זאל נישט פארן אהיים, נאר ער זאל אנטלויפן. אויך פלאזנער, וואס איז מיט אונדז געפארן, האט ביי דער אלטער רוסישער גרענעץ אונדז איבערגעלאזט און צוריקגעפארן, ביידע האָבן אונדז נישט געוואלט הארכן. מיר זענען ווייטער געפארן און דערגרייכט ביז סטאלינגראד, פון ווו מ׳האט אונדז פאר-שיקט אין קאלכאז סטאלינדארף.

אין דעצעמבער 1941 זענען מיר, איך און מיין ברודער, מאביליזירט געווארן צום רוסישן מיליטער, ווו איך בין פארבליבן אין משך פון דער גאנצער מלחמה. דעם 6טען אקטאבער 1944, ווען ליטאוויסק איז שוין פריי געווען, האב איך זיך געפונען נישט ווייט פון מיין געוועזענער היים. איך בין אריין קיין ליטאוויסק געוויער ווארן, וואס עס הערט זיך דארט, אפשר איז ווער פון מיין משפחה לעבן געבליבן. איך האב אבער קיינעם נישט געטראפן. מיין איינציקע שוועסטער גולדה גרומעט איז אומגעקומען צוזאמען מיט אלע יידן.

זאוואצקי דער קאוואל האט מיר דערציילט, ווי עס האט אויסגעזען די ליקווידאציע פון די יידן. לכתחילה האט מען זיי געפייניקט מיט הונגער און קלעפ. מען האט געשאפן א יידן-ראט, ווען מ׳האט געצוווּנגען צו ארגאניזירן די יידן כלומר׳שט אויף ארבעט. עס האט געהערשט א שרעקלעכער הונגער, און מענטשן זענען פון דעם אראפ פון זינען. דער ערשטער וואס איז משוגע געווארן איז געווען מאיר (זיינוועל) וויינבערג.

א גרויסן טייל יידן האט מען ארויסגעשיקט אין פארניכטונגס-לאגער און די איבער-געבליבענע ארויסגעפירט הינטער דעם קאסטשאל, אויף פעהוליצעס פעלד און דארט זיי דערשאסן. דער לעצטער דערשאסענער ייד איז געווען שמעון ראנד.

איך בין געגאנגען אויף דעם ארט מיט פיעדיא פעטרושעס פערטאך. נישט געווען קיין סימן פון דעם גרויסן מאסן-קבר. די רוצחים זענען געווען די ארטיקע אוקראאינער. צווישן די מערדער זענען געווען אוקראאינער וואס האבן זיך ממש אויסגעהאדעוועט אין יידישע שטיבער, געערבט יידיש, געהאט טובות פון יידן, אבער זיי האבן אלץ פארגעסן. זיי האבן געמארדעט און גע׳ירש׳נט.

די גוים האבן אויך דערציילט, אז ביז 1943 האבן זיך נאך 70 יידן פון דער גאנצן געגנט געפונען אין די פאלינעס. די יידן זענען געווען באוואפנט און האבן דארט געהאט צוגעגרייט שפייז. דורך א צופאל האט מען אבער זיי באמערקט, און די נאציס צוזאמען מיט די אוקראאינער זענען אוועק כאפן אט די יידן. די לעצטע האבן זיך נישט אונטערגעגעבן און געפירט א פארביטערטן קאמף, וואס האט געדויערט עטלעכע טעג. צום סוף האבן די לעבנגעבליבענע זיך געמוזט אונטערגעבן און מען האט זיי אלע דער-שאסן. די מערדערייען פון די אוקראאינער האבן נישט געהאט קיין גרענעץ. זיי האבן געווישטערט אין אלע ווינקאלעך, טאמער איז ערגעץ ווו געבליבן א ייד, טאמער האט זיך

עמעצער אויסבאהאלטן, און אזוי טאקע, בלויז עטלעכע וואכן איידער די רוסן זענען אריין קיין ליטאוויסק, האבן גויים ארויסגעגעבן ווו עס באהאלטן זיך אויס דוד און שמעלקע ראנד און יונה אמיס, און די דייטשן האבן זיי דערשאסן.

איך האב אין שטעטל נישט געהאט וואס צו טון. די אימה האט מיך געיאגט פון דארט און מעגלעך איך וואלט גלייך אוועקגעפארן דעם ערשטן טאג, אבער זאוואצקי דער קאוואל, וואס איז אליין געווען, אויף וויפל איך ווייס, פארבונדן מיט די באנדעראווו-צעס, האט מיר געשווורן אז ביי אים קען איך בלייבן. איך האב ביי אים טאקע איבער-גענעכטיקט און דאן אוועק אויפן בית עולם זוכן די מצבות פון טאטע-מאמע. דער בית עולם איז געווען חרוב. פיל מצבות איבערגעקערט, פיל מצבות פארשוווּנדן און איך האב בלויז געפונען די מצבה פון מיין פאטער, דער מוטערס מצבה איז פארשווּנדן.

דאס איז געווארן מיט מיין שטעטל ליטאוויסק. עס איז שוין נישט געווען מיין שטעטל, נישט געווען קיינער און נישט געווען קיין זאך, וואס זאל מיך דארט האלטן איך האב פארלאזן דאס ארט, די טריט האבן מיך געברענט, דאס הארץ צעבראכן. נישטו מיין היים! חרוב!

**משה ברזלי (איזנהנדלר)**

# העירה ליטוביסק (לוטוביסקה)

עירתנו ליטוביסק שכנה לרגלי הרי הקארפטים, על גבול הונגריה (משנת 1919 גבול צ׳כוסלובקיה) והר ה„בסקיד״ הפריד בינה ובין הארץ השכנה.

מצערה וקטנה היתה עירתנו, מזכירה היא את החרוזים שבאחד השירים של י. ל. פרץ „אין מדינת פולין העט ביי דער גרעניץ ליגט זיך אשטעטל גרויס ווי אגעניץ״. רוב תושביה היו יהודים, שגרו במרכזה של העירה ומסביב לה היה ישוב כפרי לא יהודי, אשר גם הוא היה בשיפוטה של רשות המקומית העירונית. רחובות הנקראים בשמותיהם לא ידעה עירתנו, אלא לכל חלקה וחלקה היה שם משלה. במרכזה: הככר העלית והככר התחתית (דער אויבערשטער רינג און דער אונטערשטער רינג) בקצותיה: „העכער דעם שטעטל״ בקצה מזה „אונטער דעם הויף״ בקצה מזה, ועל אלה, הרחוב הארוך המכונה „די איליצי״. בככרות אלה נצב היה ביום ששי לפני כניסת השבת וביום שבת בבקר ר׳ יעקב שמש ובקולו האדיר והחזק היה מזעיק את העם בקריאה: „אין שול אריין״... ולעת׳ים קרובות, נצב היה באותו מקום פטרי פוליצייי ובתופו הזעיק את העם והיה מכריז ומודיע, בשם המלכות ובשם הרשות המקומית, על ימי חג ועל ימי אבל, על חוקים ומשפטים ועל אבידות ומציאות, ולמען ידע העם, היה מתרגם את דבריו לשפת יידיש.

חסרים לנו נתונים על ראשיתו של הישוב הזה, ישנם סימנים לכך, שכבר במאה ה-17 קיים היה ישוב יהודי בליטוביסק. אין לנו ידיעות ברורות על מספר האוכלוסיה שלה, מרבית תושביה היו יהודים ויש מקום להניח, שהאוכלוסיה היהודית מנתה כ-1800 נפש. במקום השני באו האוקראינים ובמקום השלישי הפולנים, שמספרם היה קטן, אבל מעמדם בעירה היה נכר. ברובם היו פקידים ממשלתיים במשרדים שונים כגון בית המשפט, משרד האוצר, משרד הדואר, בתי ספר וכו׳. במועצת העיר ישבו יהודים, אוקראינים ופולנים. הרוב היה יהודים ואילו ראש העיר היה בדרך כלל פולני, והיה זה דבר היוצא מן הכלל, כאשר יהודי מלא את התפקיד הנעלה הזה.

תחנת הרכבת הקרובה ביותר היתה במרחק של 28 ק״מ בעירה איסטריק. הדרך הבלתי סלולה, שהובילה מליטוביסק לאיסטריק, עברה בין הרים תלולים ויערות-עד, והנוסעים בה עשו את דרכם בעגלות רתומות לסוסים. בימות הגשמים ובפרוס האביב, עת הפשרת השלגים, שרכו את דרכם לרכבת במשך 6—7 שעות.

המצב הגיאוגרפי של העירה, הטביע את חותמו על מצבה החומרי והרוחני, ואם כי דומה היתה בהרכבה הדמוגרפי ובמוסדותיה, לעירות קטנות אחרות בגליציה, פגרה אחריהן בכלכלתה ובתרבותה. בשל תלישותה מהעולם החיצוני, חיתה העירה את חייה היא, ללא חליפות ותמורות. הבנים והבנות שהגיעו לפרקן התחתנו לרוב ביניהם, ולעתים רחוקות נוספו על האוכלוסיה המקומית צעירים מן החוץ, שהשתקעו בעירה והביאו אתם גם משב-רוח חדש.



חברי הועד של ההסתדרות הציונית בליטוביסק.
מימין לשמאל. עומדים: משה סגל, צבי סגל, ישראל גלייך.
**יושבים: יהודית וינפלד, אלי אייזנהנדלר, שושנה סגל, משה אייזנהדלר (ברזלי).**

רצוני להעלות מתהום הנשיה, זכרונות ורשמים מהעירה, מלפני מלחמת העולם הראשונה וזמן מה אחריה.

אכן, שונה בתכלית השינוי, היתה התקופה לפני שנת 1914, מזו שבאה אחריה בתום המלחמה בשנת 1918. החיים בעירה, שהיו יציבים עד שנת 1914, נתערערו עד היסוד עם פרוץ המלחמה, כאשר רוב תושביה עזבוה ונמלטו על נפשם, מחמת הכובש הרוסי. אנשים אמידים ירדו מנכסיהם, רכושם ירד לטמיון, וכאשר שבו לבתיהם בתום המלחמה, מצאו את עצמם דלים וריקים, ועליהם היה להתחיל מבראשית ולבנות את קניהם מחדש. — לעומת זאת, חל מפנה לטובה, במישור הרוחני ובתחום החברתי. הנוער המבוגר ששב אחרי המלחמה מהנכר לעירתו, הביא אתו הרגלי-חיים חדשים וידיעות שקלט בערים הגדולות, בהן ישב בתקופת המלחמה.

## כלכלתה:

מסחר ומלאכה על כל ענפיהם היו מקור פרנסתם של תושבי העירה. הלקוחות אשר מהם היתה פרנסתם של סוחרי העירה, לא רק מבני העירה באו, אלא, בעיקר מבני הכפרים הלא-יהודים שבסביבה. מספר רב של תושבי העירה, עסקו בסחר בהמות, וימי השוק

השנתיים ה,,ירידים" משכו אל העירה סוחרים מכל רחבי הארץ, שבאו למקח וממכר — מקצועות המלאכה היו: חייטות, סנדלרות, נגרות וכו׳...

## החינוך

ראשית חינוכם של ילדי ישראל בעירה היתה ב,,חדר", ובשלב גבוה יותר בבתי-המדרש. זכורים שמותיהם של מלמדי דרדקי: ר׳ ליזר מלמד, ר׳ חיימל, ר׳ איצי האגלר, ר׳ ישראל (דער רוס) מלמדי גמרא: ר׳ זיינולי, ר׳ שמואל ליב, ר׳ אנצ׳לי קניג ובניו בנימין ושמואל, ר׳ אנצ׳לי סגל, ר׳ ישראל׳כל טלר, ר׳ מענדיל מלאך ר׳ בנימין דייטש וגבוה עליהם ר׳ יוסף אלעזר הורוביץ ור׳ יוסלי פנר. — ילדי היהודים בקרו גם בבית הספר העממי אשר הלמוד בו היה חובה וחנם. בית ספר תיכוני לא היה בעירה, ורק יחידים המשיכו בלמודים כלליים, בגמר למודיהם בבית-הספר העממי. אחרי מלחמת העולם הראשונה, הוקם בעירה בית ספר עברי, שמיסדיו היו האחים אלי ומשה אייזנהנדלר. בנימקי ודודי ראנד ואחרים. עשרות בנים ובנות בכל הגילים למדו את השפה העברית בדבור ובכתב, ואת הספרות העברית החדשה, מפי המורה קימלפלד, וכאשר המורה עזב את העירה, המשיכו תלמידיו לקיים חוגים ללמוד הלשון והספרות העברית, באגודת ,,הצפירה".

## בתי הכנסת ובתי מדרש:

ככל העירות במדינת פולין, ברוכה היתה עירתנו בבתי כנסיות ובתי מדרשות. בית הכנסת הגדול היה בנין מפואר, בנוי אבן ולבנים. בפרוזדור הרחב נשקף השער ומעליו התנוססה כתובת ,,זה השער צדיקים יבואו בו". במדרגות ירדו המתפללים להיכל-הקדש, לקיים ,,ממעמקים קראתיך".

הרבה שנים לפני מלחמת העולם הראשונה, שמש כאן בקדש ר׳ יואל חזן הזקן, ולצדו ר׳ זיינויל שמש. בשנים האחרונות, נתמנה לחזן ר׳ אשר שינדלהיים, חתנו של ר׳ אלי ראנד, בעל-תפלה מנעים זמירות, ורבים נהרו בימי חג ומועד, וביחוד בימים נוראים בראש השנה וביום כפורים לביהכנ"ס, לשמוע ולהאזין לתפלתו. את מקומו של השמש ר׳ זיינויל ירש בנו יעקב.

צמוד לביהכנ"ס הגדול, עמד לו ה,,שיליכל", ואם בחודשי חורף, בגבור הקור, מעטים היו באי ביהכנ"ס הגדול, ויצאו ידי חובה בתפלה חטופה במנין אחד, הרי, ב,,שיליכל" הקטן והחם, רבתה התנועה. מנין יוצא ומנין בא, מאור-הבקר עד שעות המאוחרות לפני הצהריים. ב,,שיליכל" מצאו ביתם ,,בני-עמך" ויענקיל דער בעקער, יעקב האופה, לימד כאן את בעלי המלאכה שומעי לקחו, את פרשת השבוע, ומפרש את הפסוקים כדרכו נוסח ,,עמך".

בקרבת ביהכנ"ס הגדול עמד על תלו בית-המדרש הישן, וסמוך לו ביהמ"ד החדש. בשניהם התפללו חסידי בלז, סנץ, ציישנוב ובלוזוב. כאן מצאת את ר׳ יוסף אלעזר הלמדן החריף ואת יוסלי פנר התלמיד חכם. כאן קבעו להם את מקומם בחורי ביהמ"ד, שוקדים על למודי גמרא ותוספות, ומקיימים את ,,והגית בו יומם ולילה". בביהמ"ד הישן ישב על כסא הרבנות הרב פנחס אלימלך, שיראתו קדמה לחכמתו, ותפילתו עוררה לבבות ובקעה

שחקים. בית-תפלה, מיוחד במינו, היה הסדיגורה קלויז, מקום בו התפללו ועסקו בתורה ובחסידות חסידי צורטקוב, סדיגורה, הושטין ובויאן. אלה הם חסידי בית-ריזין המתנהלים לאטם ותפילתם בשובה ונחת, והגבאי של הקלויז ר׳ דוד וינפלד עומד על משמר ההוד והתפארת כיאה לבית ריזין. בתי תפלה קבועים היו גם בבית הרב ר׳ קופל ובאגודת „יד-חרוצים".

על רבני העירה נמנו הרב ר׳ פנחס-מלך, הרב קופל, המו"צ ר׳ אברהם אפשטין, הדיין ר׳ מאירל דעם רב׳ס, אשר אחרי מות חותנו ר׳ פנחס-מלך, נתמנה לרב העירה. ל„כלי-קודש" יש להוסיף את רבי איצ׳י בן הרב ר׳ פנחס-מלך, נסתר ופרוש, אשר רבים בקשו את ברכתו, ואת הרבי מאיוניביץ, אשר רבים מפשוטי העם הסתופפו בצלו.

**(מנדל) מניה אייזנהנדלר הי"ד**

מניה אייזנהנדלר חתנו של ר׳ אלי׳ וזיסל ראנד, בא לעירה מעיר מושציסקה, הידועה בלמדניה ומשכיליה. בני דורם של משכילי מושציסקה ד"ר ישעיהו זונה וד"ר ירמיהו פרנקל היה. בא לעירה ותורתו בידו. בקי במכמני הלשון העברית, ופרקי ישעיהו וירמיהו



ר׳ מני אייזנהנדלר הי"ד



ר׳ אשר שינדלהיים הי"ד

שגורים בפיו. יודע להשתמש בשפת המדינה, ולעמוד בשער לעת הצורך. מחסידי צ׳ורטקוב היה, בכ"ז קבע מקום תפילתו בביהמ"ד הישן, ושמר על מורשת חותנו אלי׳ ראנד בכתל המזרחי. איש רב-פעלים היה, ובעל תעוזה בלתי רגילה. היה מראשי עסקני הצבור בעירה, ושנים רבות כהן כסגן ראש העיר וראש הקהילה. תקיפותו כלפי חוץ, כלפי הגויים אנשי השלטון, היתה לשיחה בפי כל. מעשה היה בישיבת מועצת העיר, וראש העיר הפולני קצף על חברי העיריה היהודים, על שלא קבלו את דעתו, וברוב כעסו זרק את מפתחות משרדו ועזב את הישיבה. מ.א. כסגן ראש-העיר, הכריז בו במקום, „הישיבה נמשכת" והמשיך בדיונים. אחרי המעשה הזה, התפטר ראש העיר הפולני מתפקידו, ומ.א. נבחר במקומו.

ועוד היה מעשה, באספת בחירות לסיים הפולני הופיע כמרצה המנהל המחוזי של משרד האוצר הדבר חרה למ.א. שהיה נוכח באספה והוא פנה ליו״ר בשאלה: „למה זה מופיע כמרצה באספה זו איש משרד האוצר ולא איש המחלקה המדינית? האם אין בכך משום רמז, שכל התנגדות לדעת המרצה עלולה לעלות לנו בכסף? הנכם טועים אדונים! אנחנו בכסף את מצפוננו לא נמכור״!

בתקופת כהונתו כראש-העיר הותקן מאור-חשמל בעירה. אופיני הדבר, שבפעם הראשונה, הוארה העירה באור חשמל, ערב-ראש-השנה באשמורת הבקר, שעה שהיהודים השכימו קום, ונהרו לבתי-כנסת ל„סליחות״. היה בזה, משום מפגן-כבוד לקדושת היום ולערכי היהדות, אשר עליהם היתה גאותו.

## בתי אבות:

נזכיר שמותיהם של מספר בתי-אבות, שהטביעו את חותמם על חיי העירה:

1. משפחת סגל היתה משפחה ענפה ומשולבת במשפחות אחרות בעירה. ראשי המשפחה הזכורים לי היו ר׳ שמואל-שיע סגל ור׳ איזיק סגל. לר׳ שמואל שיע סגל, בנים ובני בנים בעירה, בני-תורה ודרך-ארץ. מנכבדי בעלי הבתים בקלויז הסדיגורי, היו בנו יעקב סגל, נכדיו שמעון סגל, והאחים משה מנדל ואיציק סגל. חתנו של יעקב סגל שמואל פרנקל, בן-תורה ומשכיל, אשר בא מעיר מושציסקה, מיקירי האברכים בעירה היה. וועלוויל פיש, איש תלמיד-חכם ואחיו יוסל פיש סוחר ידוע, נכדיו של שמואל-שיע סגל היו, ובתו דבורה, אשת יעקב ראנד, בעלת האחוזה של העירה היתה. הנכדים של בית שמואל שיע סגל, בני סגל, בני פיש, ובני ראנד, מראשוני התנועה הציונית בעירה היו.

ר׳ איזיק סגל ה„טרפיקאנט״, אדם עשיר היה, ובעל מדות טובות. זכורה לי ההלולא הגדולה בעירה, באותו יום שבת, שר׳ איזיק סגל הכניס ספר-תורה לביהמ״ד החדש. בשירה ובמחול עברה התהלוכה מביתו לביהמ״ד, חתנו נפתלי פרנס דרש ברבים בכבוד התורה, וכל העירה מקטן עד גדול נענו אחריו. בנו וולף סגל, חזר אחרי המלחמה, הוא ובני ביתו לעירה, הוא היה הגבאי בביהכנ״ס החדש, ועלינו לזכרו לטובה, על מעשה נועז. בימי הבחירות לסיים הפולני, הרשה לנו הציונים הפעילים בעירה, אשר גם בנותיו נמנו עליהם, לקיים אסיפת בחירות בבית הכנסת, אע״פ שהשלטון לא ראה בעין יפה, את תעמולת הבחירות של הציונים. עמדה לו זכות זו, וארבע מבנותיו נשארו בחיים ושלוש מהן אתנו כאן בארץ. על משפחת סגל נמנו האחים אברהמ׳צי, דוד ושיע סגל, ר׳ אנצלי מלמד, ר׳ מיכל ור׳ אברהמ׳צי השוחטים ועוד ועוד...

2. משפחת ראנד. אבות המשפחה היו ר׳ מנדיל ראנד ור׳ אלי ראנד. ר׳ מנדל ראנד עשיר מופלג היה, בעל האחוזות לוטוביסק, חמיל, טארנבה וז׳ורוין. בשנת 1904 עזב את העירה ועלה לירושלים, הוא ואשתו ושנים מנכדיו עמו. כאן בירושלים, הקים גוש בתים, הידועים בשם „בתי-ראנד״, בית הכנסת הנקרא על שמו „ביהכנ״ס מנחם״ את הבתים הקדיש ל„כולל״ ובהם גרים עד היום הזה, אנשי הכולל לפי הנוהג שב„חזקה״. עם עליתו ארצה הפקיד את אחוזותיו בידי בניו. בנו יעקב ראנד וחתנו יחזקאל לנדוי גרו בעירה.

יעקב ראנד, אשר האחוזה החקלאית הגדולה בליטוביסק, עברה אליו בירושה, איש נכבד היה, ובעל מדות טובות. בתקופה מסויימת כהן כראש-עיר, ונפטר בשחר ימיו בשם טוב. אשתו דבורה ראנד ובניה המשיכו בניהול האחוזה החקלאית. בני דבורה ראנד, הנקראים ה„ראנדים", ידועים היו בעירה, כעסקני צבור ואנשי מעשה, וחלקם היה רב, גם בארגון ההסתדרות הציונית במקום. גדול הבנים צבי, שעלה ארצה עם סבו הקים משפחה בירושלים. בתקופת השואה נמצא בעירה ושם נספה עם כל בני העירה. הבן בנימקי ראנד, נחשב בין המשכילים המעטים שבעירה. אחד הבנים, דוד ראנד, (ידיד נעורים של הח"מ) היה — כפי שנמסר לנו מראשי ה„יודנרט" וכאשר נדרש להסגיר לידי הנאצים קבוצת יהודים, התיצב לפני אנשי המפקדה בכפר לומנה, ובוכוח סוער חשף את חזהו לעיני הרשעים ואמר: „אם תכריחוני למעשה נורא זה, מוטב שתהרגוני". בו במקום נורה ונפל חלל. מששת בניה של דבורה ראנד, נשאר רק אחד צעיר האחים בחיים, והוא אתנו בארץ.

אלי ראנד הוריש לאשתו, בת וולף וינפלד, הנקרא בפי העם „וולף רגירער" רכוש גדול בבתים ובעסקים. היא היתה לבעלת ה„פרופינציה", בעלת הזכיון הבלעדי לסחור במשקאות חריפים (י"ש) באיזור, ובעלת בית-זקוק של ספירט. חתנה הראשון מנדל אייזנהנדלר, נהל את עסקי המשפחה, ומספר רב של מפרנסים, בעירה ובסביבתה, היו מועסקים בבית מסחרה עד שנת 1912. ביתה של זיסל ראנד, היה פתוח לרוחה לכל דורש. בביתה הגדול בעל שתי קומות (דבר נדיר בעירה) שעמד במרכזה של העירה, היה שמור מין „סלון" מיוחד בשביל אורחים רמי-מעלה. כאשר בא רבי בעל מוניטין לעירה, התאכסן בביתה של זיסל ראנד, וה„סלון" שמש מקום-הייחוד של הרבי. באותם הימים, הפך ביתה על חדריו המרובים, לכל אלה שבאו להסתופף בצלו של הרבי. וכאשר באה לעירה „הקומיסיה" ועדת הגיוס, אשר לפניה התיצבו הבחורים שהגיע פרקם לשרות-צבא, היה ראש „הקומיסיה" קצין בדרגה גבוהה, מתאכסן ב„סלון" של זיסל ראנד, וזיסל ראנד היתה לפה לכל אלה, שבאו לבקש חסד ורחמים, מאת ראש הקומיסיה.

זיסל ראנד היתה ברוכה גם בבנים ובנות. שנים מנכדי מנדל ראנד בנימקי בן ליב ויוסקי בן יעקב ראנד, היו חתניה. הבכירים בחתניה מניה אייזנהנדלר ויהושע פנר היו מראשי עסקני הצבור. ונכדיה היו מראשי התנועה הציונית בעירה. בנה שמואל, שחזר אחרי מלחמת העולם הראשונה לעירה, היה בין ידידי התנועה הציונית.

ארבעה מנכדיה של זיסל ראנד, נמצאים אתנו בארץ. שתים מנכדיה, אטקה בת שמואל ואסתר בת שיע פנר, נפטרו בדמי ימיהן בארץ. יהי זכרן ברוך.

**אברהמ׳טשע סגל**

# מיין שטעטאלע!



תמונת המחבר



מינדל סגל לבית סנדהויז, אשת המחבר, נפטרה באמריקה בשנת 1960 ונקברה בארץ.

מיין שטעטאלע, ליטאוויסק, אינעם מזרח-דרומ׳דיקן טייל פון גאליציען, ליגט צופיסנס ביי די קארפאטן-בערג, וועלכע ציען זיך לענגאויס פון דער גרעניץ צווישן גאליציע און דעם געוועזענעם אונגארן. דער לעבנסשטייגער פונעם שטעטל מיט אירע 350 יידישע משפחות, איז געווען ווי אין אלע טיפישע יידישע שטעטלעך אין גאליציע, וועלכע זענען אלע צוזאמען אפגעמעקט געווארן דורך די בארבארישע נאצישע רוצחים. די הייזער אינעם שטעטל, וואס האט געהאט 3 גאסן, אן אויבן אין דער גאס, א מיטן- און א אונטערגאס, זענען אלע געווען געבויט פון האלץ און געווען באלייכט מיט נאפט-לאמפן. א באן האט דאס שטעטל נישט געהאט און כדי צוצוקומען צו דער נאָענטסטער באנסטאַציע, האט מען זיך געמוזט א 3—4 שעה טליקען אזש ביז קיין איסטעריק אויף שלעכטע פוילישע וועגן. אינעם שטעטל איז געווען א געריכט, א שטייעראמט, א געמיינדע און אלע יידישע אנשטאלטן: א קהילה, בתי מדרשים, קלויזן, א שיל און רבנים, שוחטים, שמשים ווי אויך א מקוה-טהרה ביים שוויץ-באד. דאס שטעטל האט ארום זיך געהאט א סך דערפער, און יעדן דאנערשטיק, אינעם מארקטאג, איז דאס שטעטל געווען פול מיט דארפס-גוים, זיי האבן געברענגט זייערע פראָדוקטן צו פארקויפן און איינגעקויפט וואס זיי האבן באדארפט. צו די 4 גרויסע ירידים אינעם יאר, פלעגן קומען סוחרים פון אלע גרויסע שטעט, אפילו פון אויסלאנד און דער הויפט האנדל איז געווען אויף דער „טארגא-

וויצע" מיט בהמות און חזירים, וועלכע זענען שפעטער געטריבן געווארן צו דער איסטעריקער באנסטאציע און פון דארט אפטראנספארטירט געווארן ווייטער. דער האנדל איז געווען א גאנץ אנטוויקלטער, ספעציעל דער האנדל מיט בהמות. די באציאונגען צווישן דעם ייד און דעם גוי זענען געווען גוטע. ווען דער גוי פלעגט פארקויפן א בהמה אדער א חזיר פלעגט ער א גרויסן טייל פונעם פדיון פארשיכורן אין יידישע שענקען און אין יעדן מארקטאג פלעגן זיך, שיכורע גויים וואלגערן אין די גאסן.

אפילו די יידן, וואס די פרנסה איז ביי זיי קנאפ געווען, זענען אויך געווען צופרידן, ווייל דער בטחון צו השי"ת איז געווען א גרויסער און ווען ס'האט וועמען געטראפן א שטיקל צרה, איז ער געפארן צו זיין רבי'ן, כאטש אין שטעטל אליין איז אויך געווען א רבי וואס האט גענומען קוויטלעך, און צוריקקומענדיק האט אים יעדער, ביי א גלעזאלע בראנפן מיט א בייגל, אנגעווינטשן, ער זאל האבן אלדאסגוטס געפועלט. דאס אנווינטשן אליין פונעם רבין, האט דעם ייד געגעבן בטחון. די סאדיגערער און טשארטקאווער חסידים אין זייער שיינער קלויז, ווו ס'האבן געדאווענט אלע חסידים פון דער ריזשינער דינאסטיע, זענען געווען שטאלץ מיט זייערע רביים. מיין פאטער יעקב סגל ע"ה און מיין מוטער עטעל ע"ה, וועלכע פלעגן אויף יעדן חנוכה פארן צום סאדיגערער רבין, זענען אלעמאל דארט גוט אויפגענומען געווארן און צוריקקומענדיק דערציילן ווי די „טישן" ווערן דארט ברייטלעך געפירט, פון דער דערהויבנקייט וואס מען פילט דארט און פון די חדושי תורה, וואס האבן ממש פאר'כשופ'ט די חסידים.

## שבת אין שטעטל.

שוין פרייטיק אין דער פרי האט מען אין שטעטל געפילט דאס אנקומען פונעם שבת קודש. דאס חלות באקן לכבוד שבת האט אין יעדער יידישער שטוב פארנומען א גרויס ארט. דאס רופן מיטאגצייט, אין מיטן מארק, פון פאוולען, דער באד-גוי „אין באד אריין", האט יעדן דערמאנט אז דער שבת דערנענטערט זיך. יידן, גרויס און קליין האבן זיך א לאז געטון אין באד אריין, אויסצושוויצן זיך לכבוד שבת. די לאנגע בענק אינעם שוויצ-באד, וואס האבן זיך דערהויבן ביז צום באלטן, זענען געווען באזעצט מיט יידן, יעדער מיט א קענדאלע קאלט וואסער און א בעזעמל און פאוולע, דער באד-גוי, האט געהאלטן אין איין גיסן קאלט וואסער אויף די אויסגעגליטע הייסע שטיינער, אז די הייסע פארע האט ממש פארכאפט דעם אטעם. יידן האבן געשוויצט, געקלאפט זיך מיט די בעזעמלעך און אפגעקילט מיטן קענדאלע קאלט וואסער. ביים אנטון האט מען געהערט אלע נייעסן פונעם שטעטל פון דער גאנצער וואך און פון דער פאליטיק. נגידים האבן זיך געבאדן אין וואנען און נאך זייער ארויסגיין, פלעגן נאך ארעמע לייט אריינגיין אין די וואנען, טיילמאל אפילו צוויי-דריי. נאכן באד האט זיך שוין יעדער ייד געפילט אינגאנצן שבת'דיק, די זארגן פון דער גאנצער וואך זענען אוועק. די שיינע מאמע, ריין אנגעטון אין אירע שבת'דיקע מלבושים מיט א שיין שירצל, האט אין די שיין אפגעפוצטע לייכטער אנגעצונדן די שבת לעכט און ארומנעמענדיק מיט אירע כשרע הענט די שבת-

לעכט, געבענטשט די ברכה „להדליק נר של שבת״. דער טאטע ע״ה האט זיך אנגעטון זיינע שבת׳דיקע מלבושים: די זיידענע בעקעשע, די ראזשיווילקע און דאס ברייטע שטריימל, און מיר קינדער די זיידענע בעקעשעס און די פלושענע קאפעלישן און געגאנגען דאווענען אין דער קלויז אריין. אזויווי מיר זענען געווען 6 זין; משה, וואלף, מענדל, הערש, איך און איציק און די מאמע האט מורא געהאט פאר א „גוט אויג״ האט זי אונדז נישט געלאזט גיין אלע צוזאמען, נאר צו צוויי. די קלויז איז געווען פול געפאקט מיט מתפללים, דער קבלת שבת איז געזאגט געווארן מיט גרויס כוונה און התלהבות און יעדער מיט זיין ניגון האט מיטגעהאלפן דעם חזן ביים דאווענען. אלע יידן אין קלויז האבן געטראגן זיידענע מלבושים, כאטש א סך געלאטעטע און שטריימלען, כאטש מיט אויסגע-ריבענע שפיצן, די שבתים האבן זיך אויך געפילט אין דרויסן, אלע געוועלבן זענען געווען פארמאכט און דער דארפס-גוי האט געוווסט אז שבת האט ער נישט וואס צו טון אין שטעטל. די ימים נוראים האבן זיך גוט געפילט אין שטעטל, באזונדערס זענען די ארעמע-לייט געווען באזארגט, ווו נעמט מען אויף יו״ט. אבער דער ייד איז געווען פול בטחון, אז דער רבש״ע וועט אים נישט פארלאזן און אינעם יום הדין וועט ער זיך אויסבעטן א בעסער יאר ווי דאס פארגאנגענע. יידן האבן אין די ימים נוראים געדאווענט מיט גרויס התלהבות און מנהגים זענען שטארק אפגעהיטן געווארן, ווי למשל: דאס אויסשאקלען די קעשענעס ביים „תשליך״, דאס כפרה שלאגן און נאך.

די דארפס-יידן זענען נישט אפגעשטאנען מיטן פרומקייט פון די שטעטישע. אין די סליחות-טעג, פלעגן זיי יעדן טאג קומען צו רייטן אין שטעטל אריין צו סליחות, וואס פאר א וועטער עס זאל נישט געווען זיין. ווי פאר די אויגן שטייט מיר דער ערב יום כפור. קלמן קייזער האט געהאט א חזקה צו קלאפן יעדן ייד מלקות ביים מנחה דאווענען. דאס פארפאסטן ערב יום כפור האט אין זיך געהאט עפעס באזונדערס. יעדער קינד האט מיט גרויס דרך ארץ אנגעווינטשן זיינע עלטערן און זיידע באבע, אז זיי זאלן זיך אויסבעטן א גוט יאר און יעדן געגעבן א קוש אין דער האנט. צו כל נדרי, זענען אלע טישן אין קלויז, געווען אנגעשטעלט מיט קעסטלעך פול מיט ליים, אין וועלכע עס האבן געשטעקט לאנגע יאר-צייט לעכט, און די יידן אין די ווייסע קיטלען און אין טליתים האבן א פחד אנגעווארפן. צו נעילה צו, האט מען געפילט שוין אביסל בעסער, ווייל מ׳האט געוווסט אז עס דערנענטערט זיך שוין דאס חתמ׳ענען, און יעדער איז געווען פול מיט בטחון, אז ער האט זיך א גוט יאר אויסגעבעטן.

נאך די ימים נוראים האט זיך דערנענטערט דער ווינטער און די זארגן האבן זיך פריש אנגעהויבן. קודם כל איז געווען די ערשטע זארג, אז סוכות זאל נישט רעגענען, אבער די הויפט זארג איז געווען די פרנסה. די רעגנס האבן זיך אנגעהויבן, די טעג זענען קלענער געווארן, די מארק-טעג זענען שיטערער געווארן און די פרנסה איז נאך קנאפער געוואָרן. ווו נעמט מען אויף אנצוגרייטן אויפן ווינטער, עפעס א מלבוש פאר די קינדער-לעך, קארטאפל, האלץ און נאך?

אין דער אומגעגנט פונעם שטעטל זענען געווען א סך יידישע גוטסבאזיצער. א גרויסן

איינדרוק האט אין שטעטל געמאכט, ווען זיי פלעגען קומען ווינטער, ווען דער שניי האט ארומגענומען די גאנצע געגנט און די וועלדער זענען געווען ווייס באפארבט, אין שטעטל אריין מיט זייערע שטארקע, באגלעקלטע פערד און שליטן. דער רייכסטער גוטסבאזיצער איז געווען ר׳ מענדל ראנד, מיין זיידענס, ר׳ שמואל שיע סעגאל, מחותן. אגב מיין זיידע איז געווען א רייכער ייד, ער איז געווען דער באנקיער פונעם שטעטל און פון דער גאנצער אומגעגנט. אלע סוחרים פונעם שטעטל האבן געהאנדלט מיט זיין געלט, ער האט קיינעם נישט בעולה׳ט און קיינעם נישט צעבראכן, ווען מ׳האט אים נישט אפגעגעבן צו דער צייט.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך דערמאנען די פיינע יידן פון די דערפער, וואס האבן שטארק אפגעהיטן די מצוה פון הכנסת אורחים. ביי אט די יידן איז דאס טישטעכל פונעם טיש, קיינמאל נישט אראפגענומען געווארן. יידן דורכגייער פלעגן באקומען ביי זיי עסן און נאכטלעגער אינגאנצן בחינם. אזעלכע יידן זענען געווען, ר׳ ראובן האגלער פונעם דארף דידיווע, ר׳ יענקאלע לוקיטער און זיין ברודער ר׳ שמואל לוקיטער. מיט זייערע מעשים טובים האבן זיי גע׳שמ׳ט אלס יידן מיט ברייטע הערצער, געווען גרויסע בעלי צדקה און אלעמאל גרייט געווען צו טון טובות. די גוים פונעם דארף האבן זיי רעספעקטירט און געהאט צו זיי גרויסן צוטרויען. זיי זענען געבענטש געווען מיט לייטישע קינדער, תלמידי חכמים. ר׳ יענקל׳ס זון, ר׳ הערש ברייער איז געווען א תלמיד חכם, געהאלטן צו זיינע קינדער די בעסטע מלמדים און זיין זון יאסל פארנעמט אן אנגעזען ארט אין די ליטאוויסקער חברה אין נוי-יארק. ער לערנט דארט מיטן עולם א שעור גמרא און דאוונט אין זייער שיל דארט, שחריתים אין די ימים נוראים.

## מעשה׳לעך פונעם שטעטל

אז ר׳ מענדל ראנד, דער גוטסבאזיצער און גרויסער גביר האט באדארפט חתונה מאכן זיין טאכטער, זענען מאביליזירט געווארן אלע שדכנים פון דער גאנצער געגנט און זיי האבן אין לאנצעט, צווישן די רב׳אלעך געפונען א בחור מיט אלע מעלות. ר׳ מענדל האט צוגעזאגט א גרויסן נדן און אייביקע קעסט און וואכן פריער האט דאס גאנצע שטעטל זיך צוגעגרייט צו דער גרויסער חתונה. חופה-טאג איז מען דעם חתן אקייגן געפארן מיט 2 צוגאווע פערד, וואס האבן זיך 2 וואכן פריער אויסגערוט אין שטאל, פאסנדיק זיך מיט האבער, ארומגעדרייט זיך מיט אים 7 מאל אויפן מארקפלאץ, ווי דער מנהג איז געווען, דעם חתן אריינגעפירט אין הויז און ארומגעזעצט אים מיט בחורים, ווי דער סדר עולם איז געווען. ר׳ מענדל׳ס א 10 יעריק אייניקל, שטייענדיק ביים רוקן פונעם חתן, האט פלוצים דערזען, אז דער חתן האט נאר איין אויער, איז ער אוועק און דערציילט דאס זיין מאמען. ווי זיין מאמע האט דאס דערזען, האט זי דאס ווייטער דערציילט און עס איז געווארן א גרויסער טומעל. די כלה האט בשום אופן נישט געוואלט גיין צו דער חופה. דער סוף איז געווען, אז מ׳האט געשריבן די כתובה גלייך מיטן גט און תיכף נאך דער חופה האט ער זי אבגע׳גט.

יידן אין שטעטל האבן געזוכט פרנסה און איינער א ייד, ר׳ בערישל האט ער געהייסן, האט באשלאסן צו ווערן א רבי, פארן אין די דערפער און נעמען קוויטלעך. אזויווי ער אליין האט נישט געהאט קיין „הדרת פנים" האט ער זיך ארויסגעזוכט א גבאי מיט א הדרת פנים, יצחק יעקב האט ער געהייסן, אוןביידע האבן זיך ארויסגעלאזט אויף דער מדינה, אין די דערפער. די דארפס־יידן האבן זיך דוקא שיין געשטעלט, אבער ר׳ בעריש׳ל האט זיך איינגעשפארט און נישט געוואלט נעמען קיין קליינע פדיונים. דער סוף איז געווען, אז דער גבאי מיטן רבין האבן זיך צעקריגט. דער גבאי האט געטענה׳ט צום רבין: „פארוואס קומט אייך דוקא גרויסע פדיונים, אז לערנען קענט איר נישט, און קיין בויך און קיין הדרת פנים האט איר אויך נישט?". און מען איז זיך צעגאנגען.

מלמדים האט ליטאוויסק געהאט א סך. מיין מלמד, ר׳ אנשל קעניג, א גרויסער ארעמאן, האט זיך געהאלטן פאר א גרויסן יחסן, א קליינ־יקייט! געקענט א בלאט גמרא געווען א גרויסער סאדיגערער חסיד און געהאט א חזקה אויף בענטשן „טל" און „גשם". בדרך כלל איז ער איינמאל אין יאר געפארן צום רבין, אבער אז זיין ווייב סאשי, די „רביצן" איז קראנק געווארן, זי האט באקומען א געוויקס אין בויך, איז ער גלייך אוועק צום רבין, שואל עצה זיין, און דער רבי האט גע־ראטן, פרעגן א גרויסן דאקטער. דער דאקטער האט געזאגט, אז מען מוזווארטן 3 חז׳שים, און פונקט צו 3 חדשים איז איר טאקע בעסער געווארן — זי האט געבוירן דאס אכטע קינד.

פינעף זין האט ר׳ אנשל געהאט, געווען ווילע יונגע לייט און אלע זענע געווען בעלפערס אין דארף. דער יונגסטער, שמואלעכל, איז געווען א בעלפער אין זאטווערניצע, ביי א רייכן דארפס־ייד, שרייבער האט ער געהייסן, און דארט איז געווען זער א שיין מיידל. שמואלעכל האט גרויס חשק געהאט, חתונה צו האבן מיט דעם מיידל, אבער וויאזוי מאכט מען דאס? ער האט געוווסט אז זיין פאטער דער מיוחס, וועט זיך נישט וועלן משדך זיין מיט א דארפס־ייד, און אזויווי דער דארפס־ייד פלעגט יעדן דאנערשטיק פארן אין שטעטל אריין און מיטנעמען שמואל׳ן אין מרחץ אריין, האט ער זיך איינמאל צעקראצט דאס פנים און ווען זיין מוטער האט אים געפרעגט, „וואס איז דאס", האט שמואלעכל איר דערציילט, אז זיין באבע קומט אים לעצטנס צו חלום און צעדראפעט אים. זי וויל אז ער זאל חתונה האבן מיט זיין בעל בית טאכטער. די „רביצן" האט תיכף אויפגעהויבן א „ויצעקו" און ר׳ אנשל, הערנדיק דאס, איז שנעל אוועק אפדאווענען און נעמען א בית דין אויפן „בית עולם". דערציילנדיק דאס אין קלויז, האט אים א קלוגער ייד געזאגט: „אנשל, וואס טויג דיר א בית דין אויפן בית עולם, נעם א שטעקן און האק דיין זון גוט אפ, וועט ער שוין נישט וועלן חתונה האבן".

## אביסל וועגן מיין משפחה

9 קינדער זענען מיר געווען אין דער היים, און נאר איך איינער בין געבליבן, די איבריקע האבן די נאציס י״ש דערהרגט. מיין טאטנס שוועסטער האט זיך פארדינט זי דא צו דערמאנען. זי האט פיל גוטס געטון, פלעגט העלפן ארעמע און קראנקע. איך

געדענק, אז ווען שמואל גראסמאנ׳ס ווייב, אין דארף, איז קראנק געווארן, פלעגט מיין מומע שרה, דארטאהין ארויסגיין, דארט געקאכט און געוואשן די קראנקע אין משך פון א סך וואכן און מיין שוויגער חיה ע״ה פלעגט איר מיטהעלפן. דער נאמען חיה הערצלס איז געווען יעדן אין שטעטל באקאנט, ווייל ווער ס׳איז קראנק געווארן, האט מען איר מודיע געווען און זי פלעגט גיין נעכטיקן, און געטון א סך גוטס. מיין מומע שרה האט געהאט 3 זין; יאסל, וועלוול און יעקב און א טאכטער הייטשע רייזל, ישראל וויינפעלד׳ס פרוי. זיי אלע האבן געהאט משפחות און זענען אלע אומגעקומען, הי״ד.

## די ליטאוויסקער אין אמעריקע

אזויווי איך האב לאנגע יארן געלעבט אין נוי-יארק (ברוקלין) פיל איך פאר א חוב, צו דערמאנען די שיינע מעשים פון די ליטאוויסקער דארט. באזונדערס וויל איך דערמאנען די משפחה בינדער; מענדל איז א כלל טוער און ארבעט א סך פאר ישראל און יואל איז דער גאנצער בעל בית אין דער ליטאוויסקער שיל, דער גבאי און דער שמש, ווו עס זענען מנינים יעדן טאג פון אין דער פרי ביז 11 א זייגער. די ליטאוויסקער חברה האט א סך געהאלפן דער אלטער היים און ווען ס׳האט עפעס אין ליטאוויסק געטראפן וואס מ׳האט געדארפט העלפן, האבן זיי דאס אלעמאל געטון. יעדעס יאר האבן זיי געשיקט 800 דאלער פאר ,,מעות חיטין״. ס׳איז כדאי צו דערמאנען דעם געוועזענעם פרעזידענט פון דער חברה, ר׳ משה טאקער ע״ה און זיין ווייב פעסיל ע״ה, די געוועזענע פרעזידענטין פון דער ,,לעדיס עקזיליערי״, וואס האבן א סך אויפגעטון ווי אויך זייערע קינדער, די משפחה האלפערן, וואס פירן א שיין יידיש לעבן, די קינדער פון אויבן דערמאנטן ר׳ הערש ברייער די יונגע משפחה ברייער, ווי אויך דעם עקס-פרעזידענט און זיין פרוי, די משפחה לייסטנער, וואס טוען א סך פאר דער חברה. צום סוף דארף איך נישט פארגעסן צו דערמאנען, די ברידער פיש און די ברידער הירט.

מיר קענען שטאלץ זיין מיט אונדזער חברה אין אמעריקע.

**זאב סגל**

# עיירתי ליטוביסק

אלה אזכרה ונפשי עלי אשפכה כי בלעוני
זדים כעוגה בלי הפוכה.

שורות אלה אני ממלא בדם נפשי. בהשתדלות אדמו״ר ציס״ע שליט״א מסאדיגורא, כעת משכנו בתל אביב, ובהשתדלות דודתי פערל ז״ל, עליתי ארצה בשנת תרצ״ה, ע״י רשיון כניסה שקבלתי ממורי הגאון רבינו יוסף צבי דושינסקי זצוק״ל. אבי מורי ר׳ שמעון בן אברהם דוד סגל ז״ל, שלא הספקתי הרבה להכירו, כי נפטר כאשר הייתי צעיר, היה מחסידי ומעריצי כל בית ריזין, מבין המקורבים של האדמו״רים צדיקי עולם הא׳ והב׳ מטשורטקאב זצוק״ל, היה בעל תפילה וגם מוהל אשר נדד למקומות מרחקים של סכנה לימול בני ישראל בלי לקבל פרס, בעל יסורים וכאמור נפטר בדמי ימיו. אמי מורתי צביה הי״ד בת ר׳ נתן פריי מדוברומיל, נשמה יקרה ועדינה, נכדת האחים הקדושים הגאון הצדיק רב שמעלקי מניקלסורג והגאון הצדיק רב פנחס מפראנקפורט זצוק״ל. מגמתה היתה לחנך אותנו ביראת ה׳ טהורה. אחותי פרל עם ב״ב הי״ד, שתתה כוס התרעלה של שתי מלחמות. אחותי מטל ז״ל ירדה לעולם למלאות תפקידה ועלתה בסערה השמימה בדמי ימיה. שמור בזכרוני כי כאשר הייתי צעיר לימים, היתה תקופה שנלקח ממני כל תאבון עד שרזיתי מיום ליום. דרשו ברופאים ולא מצאו אצלי שום מחלה. הם מסרו שמשהו מעיק לי וזה שולל ממני שלות נפשי. שאלו אותי לפשר הדבר, בדמעות מחניקות מסרתי, היות ואני לומד אצל הרבי בחדר מהו״רר אהרן קרויז הי״ד אשר הדלות ועניות מנת חלקו ומצבו בכל רע, וזה מעיק לי על הלב ביותר. ואחותי הנ״ל השקיטה אותי ואמרה, כי היא תשתדל לשפר מצבו של הרבי, ומאז היתה מסתובבת על פתחי נדיבים כל יום ה׳ בשבוע עבור הנ״ל, והרבה פעמים חזרה הביתה מהפעולה הקדושה עם בכיות לפני אמא הי״ד, היות שהיא מוכרחה להפסיק כי סובלת היא מזה סבל רב. אך אמא הי״ד עודדה אותה באמרה: שכרך הרבה מאד, כי לפום צערא אגרא.

אחי משה עם ב״ב הי״ד, פיקח וחכם. אחי יוסף ז״ל, אשר היה זן ומפרנס אותנו בעזהי״ת, כולם הכירו מידותיו הנעלות והנשגבות. פטירתו ללא עת השאירה חלל ריק בעולמינו. אחותי טמי וב״ב הי״ד, נשמה יקרה ועדינה מעולם האצילות, בקרה בארצנו הקדושה בשנת תרצ״ה ולא רצו לעזור לה להסתדר וחזרה לחו״ל אשר על זה דוה לבי מאד ובמסתרים תבכה נפשי מאין הפוגות. אחי אליעזר עם ב״ב הי״ד, תלמיד חכם, מוסמך להוראה מכל רבני וורשה, מרביץ תורה ברבים. אחי אורי פנחס הי״ד, תלמיד חכם, קנאי עובד ה׳ באהבה ויראה במסירת נפש, התקשר עם האדמו״ר של עיירתנו ובאמצעותו קבל כסף מבני עיירתנו אשר בארה״ב, אסף כל בני העניים וסדרם ללמוד תורה בחדר וגם בעצמו הרביץ תורה ברבים בלי קבלת פרס. כאמור כל ימי חייו היו קודש לה׳, צדיק קדוש עליון.

אני הצעיר מכולם גורלי להמשיך השרשרת באה„ק.

עיירתנו היתה כמעט מנותקת מן העולם בגלל התחבורה הקשה ותושביה לא ידעו הרבה מהערמומיות שבעולם והיתה עיירה מסודרת על טהרת הקודש, בזמני לא היה אף אחד שלא הניח תפילין, רבנים, שוב״ים, תלמידי חכמים. משעה שלוש בבוקר עד שעה



צעירי אגודת ישראל בליטוביסק בשנת תרצ״ה.

שתים עשרה בלילה, היה נשמע קול תורה בבתי מדרשות ולעתים כל הלילה. כאשר בקרה אצלנו משלחת מישיבת חכמי לובלין בכדי להתרים אחבנ״י, אספה בעיירתנו כמו בעיירות הגדולות בפולניה. הרבה אדמו״רים שבקרו אצלנו מדי שנה בשנה, היו מקבלים אותם בסבר פנים יפות ובני העיירה העניקו להם צידה לדרך ביד נדיבה. גם האדמו״ר מסאדיגורא ציס״ע שליט״א, אשר משכנו כעת בתל אביב רחוב בצלאל יפה 10, נאות לבקשת והפצרת בני עיירתנו ובקר אצלנו פעם אחת למשך שבוע ימים. הכבוד שחלקו לצדיק הדור אין לשער. ר׳ מרדכי דוד רכמן ז״ל, הגבאי המחונן והמהיר במלאכתו, לא הספיק לו הזמן לסדר כל הפתקאות ונעזר ע״י כמה אנשים במלאכה הנ״ל. לפני פרידת קדשו, נכנסו בקודש פנימה בני עיירתנו ובקשו שפע ברכה תשועת עולמים ממעין כל ישע באופן שירגישו בזה מיד, — אצל בית ריזין כידוע לא נהוג פרסומת ניסים ונפלאות, — אולם מי שזוכה לראות בעין בוחנת תנועה קלה שלהם אשר קודש לה׳, מקבל מזון רוחני לכל ימי חייו, לכן לא היה נעים הנוסח של בקשת בני עיירתנו לפני הדמו״ר ציס״ע שליט״א.

ובכדי לתבל הספר בדברי תורה, ארשום תשובת הנ״ל לבני עיירתנו כפי ששמור עדין בזכרוני וכפי שהשגתי. ובכן „וירד משה מן ההר אל העם״, פתח ואמר בפסוק „ויצעק משה אל ה׳ לאמור״ (במדבר י״ב, י״ג) פ״רש״י מת״ל „לאמור״, אמר לו השיבני

אם אתה מרפא אותה אם לאו. המפורשים הקשו, הא איתא במסכת ברכות גבי רחב"ד כשהיה מתפלל על החולים, אם היתה שגורה תפילתו בפיו, ידע שהוא מקובל ואם לאו ידע שהוא מטורף, נמצא למה הוצרך מש"ר לבקש מהשי"ת השיבני אם תרפא אותה, היה לו לראות בתפילתו אם שגורה אם לאו, ותירצו דאיתא במ"ס ברכות; מנין אם שגורה תפילתו בפיו מקובל? שנאמר: בורא ניב שפתים שלום, וז"כ הפסוק; בורא ניב שפתים כששגורה תפילתו בפיו היא מקובלת ויודע שהוא שלום, אימתי? לרחוק כשתפילתו על רחוק, אבל לקרוב, כשתפילתו על קרוב, כתפילת משר"ב ע"ה על מרים, אז אמר ה׳ „ורפאתיו", צריך להשיב, השיבני אם אתה מרפא אותה. כאשר אני בתוככם, אח לצרה, אין ביכלתי לדעת ולהכיר בניב שפתים לכן יאמר ה׳ ורפאתיו. עכל"ק.

„ושבח אני את המתים שכבר מתו מן החיים אשר המה חיים עדנה" (קוהלת ד׳ ב׳) יש מפרשים הפסוק הנ"ל, איך אפשר לשבח את המתים אשר אינם ולא מכיר אותם? התשובה: מן החיים! כאשר רואים את ההתנהגות של החיים, מכירים שאילו זרע ברך ה׳, לכן הצעתי, אם רוצים להנציח את עיירתנו, עלינו שארית הפליטה, על כל אחד, לחזור בתשובה לפי מדרגתו, ובזה נצא ידי חובתנו לטובתם ולטובתנו.

חנון, הביטה ממרומים: שפיכת דם הצדיקים תראה בפרגודך והעבר כתמים.

אהרן סגל

# ליטאוויסק מיין געבורטס־שטעטל.


תמונת המחבר

מיין געבורטס־שטעטל ליטאוויסק, ווו איך, מיין פאטער און אויך מיין זיידע זענען געבוירן געווארן, וואס ליגט טיף אין די קארפאטן, צווישן בערג, טאלן און וועלדער, איז געווען א יידיש פרום שטעטל, ווו יידן האבן געלעבט אין שלום און אחדות. טיף איינגעקריצט זענען אין מיין זכרון פארבליבן די דארטיקע שבתים, די טרויריקע „ימים נוראים" און דער פרייליכער סוכות, איך וויל דא דערמאנען מיין פעטער ר' משה סעגאל, ע"ה, דער שטענדיקער קלויז בעל שחרית, אין די ימים נוראים, מיט זיין שיינעם, יומטוב'דיקן „המלך" און מיט זיין טרויריקן, וויינענדיקן „שיר המעלות ממעמקים קראתיך ה'" און דעם בעל מוסף, ר' וועלוול פיש, ווען ער האט זיך צעגאסן אין געוויין, ביי דער תפילה „הנני העני ממעש", ווען די טרערן האבן אים געשטיקט ביי „לבקש רחמים עלי ועל שולחי". דער קידוש אין סוכה, אונטער דעם שמעקנדיקן פרישן „סכך", ווו דער ייד האט פארגעסן זיינע טאג־טעגלעכע דאגות און געפרייט זיך מיט דער מצות סוכה. איצט דער שבת, דער טאג פון מנוחה, ווען דאס גאנצע שטעטל האט זיך זומער, אין א שבת'דיקן נאכמיטאג ארויסגעלאזט אינעם „שלאס־גארטן", שעפן פרישע לופט און דער מארקפלאץ איז געווען ליידיק, ווייל אויך דער גוי האט געוווסט, אז שבת האט ער אין שטעטל נישט וואס צו זוכן.

דאס רעליגיעזע לעבן איז אינעם שטעטל געווען פארפונדעוועט פון דור דורות און דאס יידישע קינד איז נאך פון דער פריסטער יוגנט, דערצויגן געווארן צו זיין פרום, אבער אויף די געביטן פון געזעלשאפטלעכן לעבן איז דאס שטעטל געווען שטארק הינטער־שטעליק לגבי אנדערע שטעטלעך אין גאליציען, אבער דער ציוניזם וואס איז צוביסלעך אריינגעדרונגען אינעם שטעטל, האט געברענגט א סך ענדערונגען און א ביסל לעבן אינעם שטעטל. עס האט זיך אנגעהויבן א געראנגל צווישן א טייל פון דער יוגנט און די רעליגיעזע קרייזן, ביי וועמען דער ציוניזם איז געווען טרפה און נישט וויניק צרות האט די יוגנט געהאט אויסצושטיין פון די חסידישע קרייזן. גרויסע פארדינסטן האבן געהאט די גרינדער פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין אונדזער שטעטל די קינדער פון ר' מעניע אייזענהענדלער: משה, וואס האט זוכה געווען עולה צו זיין, היינט ברזלי, אליהו און איטשע הי"ד, מיין קוזען הערש סעגעל, דודיע ראנד און אנדערע. די יוגנט איז געווען זער אקטיוו, מיטגעמאכט „הכשרות" און אלע האבן געלעבט מיט דער גרויסער האפנונג,

עולה צו זיין קיין ישראל.

דער רוב יידן אינעם שטעטל האבן זער ארעם געלעבט, אין רוב יידישע הייזער פלעגט זיין פלייש און ווייסע חלות נאר אויף שבת, א גאנצע וואך האט מען געלעבט מיט ברויט און קארטאפל. די מלבושים און די שיך זענען געווען ס׳רוב געלאטעט. די וווינונגס-באדינגונגען זענען געווען שווערע. אין א קליין צימערל, טיילמאל איז אויך געווען א ,,אלקער״, ווו א גרויסער פלאץ האט אויך פארנומען דער ווארם-און באק-אויוון, האט די גאנצע משפחה געוווינט. דאס גאנצע ,,מעבל״ אין אזא דירה איז געווען: הילצערנע בעטן, א טישל, מיט א פאר טאבארעטקעס און א קופערט, ווו עס האט זיך געפונען די גאנצע גארדעראבע און די ,,קאסטבארקייט״ פון דער פאמיליע. ביי טייל איז אויך געווען א באנקבעטל, ביי טאג האט עס געדינט אלס באנק און ביי נאכט אלס בעטל. ווען ס׳איז נישט געווען ווו, האט מען אויך אויפן קופערט געשלאפן.

דער ייד האט זיך געפירט זיין לעבן און דער קאנטאקט צווישן דער יידישער און קריסטלעכער באפעלקערונג, איז נאר געווען אויפן געביט פון האנדל און מלאכה. דאס שטעטל האט זיך אין פאליטיק נישט געמישט, עס איז געווען פארטיפט אין אירע ענינים. יעדער ייד אין שטעטל האט זיך געהאט זיין צונאמען און אויף יעדער קרענק זענען געווען אויסגעפרוווטע סגולות. אויפן בית הקברות ביינאכט איז מען נישט געגאנגען, אויסער ווען מ׳האט געוואלט וועמען אפטון א שפיצל, דורך דער שול 12 ביי נאכט איז מען אויך נישט געגאנגען, ווייל מ׳האט געוווסט אז דעמאלט דאווענען דארט די מתים. די בעלי מלאכות אינעם שטעטל האבן זייער שווער זייער חיונה געצויגן, מ׳האט געארבעט פון גאנץ פרי ביז שפעט אין דער נאכט. די איינציקע הפסקה איז געווען דאס גיין מנחה-מעריב דאווענען. געווען אין שטעטל א סך שוסטערס, שניידערס, סטאלערס און נאך מלאכות אבער נישט קיין סך ברכות. איך וויל דא דערמאנען מיין פעטער יענקאלע פארבער (גוטווויליג) וואס האט געהאט א סך מלאכות און געווען א ביטערער ארעמאן. ער איז געווען א פארבער, אפילו שילדן פאר די געוועלבן האט ער געפארבט, א טאפיצירער, א מילכיקער און אויך א שטיקל בעל תפילה אין קלויז און געווען פארהארעוועט זיין גאנץ לעבן.

די לעצטע פאר מלחמה יארן האט דאס שטעטל באקומען זייער א ווילן רב, א יונגער, א גרויסער משכיל און תלמיד חכם. געהייסן האט ער ר׳ ירחמיאל ראטהויז און געווען אברהם משה קאפעלס אן איידעם. ער איז געווען באליבט ביי דער באפעלקערונג, זיין תורה זאגן ביי ,,שלוש סעודות״ האט מען אויסגעהערט מיט גרויס התלהבות און אפילו די פראסטע יידן, די עמי הארצים, האבן אים אויך פארשטאנען. די פוילישע באאמטער, וועלכע האבן אויסגעהערט זיין רעדע אין שיל אינעם יום העצמאות פון דער מדינה, האבן באוווּנדערט זיין פויליש רעדן. פון כבוד אב ואם האט מען אין שטעטל זער געהאלטן. איך געדענק ווי מען האט מיין זיידן, ר׳ יעקב סעגאל ע״ה, ווען איך געדענק אים שוין א גרייז-גראער ייד אבער ריין און שיין אנגעטון, בכבוד געהאלטן. ער איז געווען א

גרויסער בעל צדקה, און נישט נאר די קינדער זיינע, נאר אויך שכנים און די מתפללים פון קלויז האבן אים גרויס כבוד אפגעגעבן. מיין פאטער, מענדל סעגאל הי״ד איז געווען זער א פרומער אבער נישט קיין פאנאטיקער און א גרויסער סימפאטיקער פונעם ציוניזם. מיינע געשוויסטער, הערש, גאלדע און טויבטשע זענען געווען אקטיווע מיטגלידער אין דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, דורכגעמאכט הכשרה אבער ליידער נישט זוכה געווען עולה צו זיין. פון מיין גאנצער משפחה, איז קיינער נישט געבליבן. איך וויל נאך צום סוף דערמאנען מיין מומע גאלדע, די באליבסטע טאכטער פונעם זיידן (מילינגער), זי איז געווען רייך, א הארציקע פרוי און שטארק אפגעהיטן דעם זיידן אויף דער עלטער.

## דער אנזאג פונעם יידישן אומגליק

נאך אין די יארן 39—1937, נאך איידער דער גרויסער חרבן האט זיך אנגעהויבן, האבן שוין די יידן פון די קליינע שטעטלעך אין מזרח גאליציע, וואס זענען פון אלע זייטן געווען ארומגערינגלט פון אוקראאינישע נאציאנאליסטישע מערדער, געפילט דאס דער-נענטערן פונעם גרויסן אומגליק. דער ייד האט געפילט אז דער באדן ברענט אונטער זיינע פיס. די פארסאמטע אנטיסעמיטישע לופט איז געווען אן אנזאג, אויף דעם וואס איז שפעטער געקומען. דער בויקאט, דאס באפאלן מיט שטיינער יידישע הענדלער אין די דערפער. דאס אפענע רעדן, אז „ווען היטלער וועט קומען וועלן מיר זיך מיט אייך אפרעכענען", האבן אויפן ייד א פחד אנגעווארפן. און ליידער איז דער פחד געווען גערעכט. שוין אין סעפטעמבער 1939 זענען די דייטשן אריינגעקומען אין שטעטל נישט ווי מיליטער נאר פשוט ווי מערדער, באנדיטן, רויבערס און רוצחים. באלד ביים אריינקומען האבן זיי באגעגנט משה דעם חכמ׳ס און אים אפגעשוירן א האלבע בארד. די יידן האבן נישט געוואגט ארויסצוגיין אין גאס. די רוצחים האבן אלע ספרי תורה פון דער שיל ארויסגענומען, צעוויקלט אין דער גאס, איבער זיי געפארן מיט די מאטאציקלן און דאן זיי אלע פארברענט. פארשידענע דערנידערונגען, אפשפעטן, קאנטריבוציעס האבן די מערדער באוויזן באלד ביי זייער אריינקומען. דאס שטעטל איז באלד געווארן פול מיט די בלוט דורשטיקע אוקראאינישע מיטהעלפערס, וועלכע זענען געקומען רויבן און מיט-העלפן די דייטשע באנדיטן. דער יום כפור איז געווען א הארץ רייסענדיק טרויריקער, יידן האבן געדאווענט ביחידות, יעדער אין זיין הויז מיט גרויס געוויין. די מערדער האבן געפלאנט צו פארברענען די קלויז מיט די בתי מדרשים, זיי האבן נאך דעמאלט נישט געהאט קיין סך צייט, ווייל באלד נאך יום כפור זענען זיי אוועק און די רוסן זענען אריין. די גרעניץ איז געווען דער „סאן". מיטן אריינקומען פון די רוסן, האבן די יידן אביסל אפגעאטעמט, ארויס פון די באהעלטענישן, ווי א נייע וועלט וואלט געקומען. סוכות האט מען שוין געדאווענט אין דער שיל, קלויז און אין די בתי מדרשים, יידן האבן געבענטשט גומל און מען איז געווען צופרידן אז עס איז דא א מאכט און מען איז נישט שוצלאז. אבער עס האט זיך באלד אנגעהויבן מאטעריעלע שוועריקייטן, מאנגל אין שפייזן און קליידונג, אבער יידן האבן זיך אן עצה געגעבן. מען איז געווען צופרידן אז מען איז זיכער

מיטן לעבן. דער איינציקער קרבן וואס איז געפאלן ביי די רוסן איז געווען שיע ביסטרער, א זון פון משה ביסטרער, וועלכער איז געפאלן ביים שווערצן די גרעניץ קיין אונגארן. גרויסע צרות פון די רוסן האט געליטן די משפחה ראנד, די גוטסבאזיצער, די רוסן האבן ביי זיי אלעס צוגענומען און זיי פארטריבן פון ליטאוויסק. דאן איז געקומען, ווי מיר האבן עס גערופן „דער שווארצער פרייטיק". פרייטיק צינאכטס האבן די רוסן פארנומען די פליכטלינגע, וועלעכע זענען אין יאר 1939 אנטלאפן פון פוילן און נאכדעם ווי די גרעניץ איז געשלאסן געווארן, נישט געקענט צוריקפארן, — און זיי אלע פארשיקט קיין סיביר. דאס איז דעמאלט געווען די גרויסע איבערלעבונג פון דער יידישער באפעלקערונג, אבער אין אלגעמיין האבן די יידן ווייטער געפירט זייער רעליגיעז לעבן און מען איז געווען צופרידן, ביז דער קריג צווישן דייטשלאנד און רוסלאנד האט אויסגעבראכן דעם 22.6. 1941.

### מיין רעטונג, וואלגערן און איבערלעבונגען.

באלד אין דער פרי דעם 27.6, 5 טאג נאכדעם ווי דער קריג האט אויסגעבראכן, האבן זיך שוין געהערט שיסערייען און די רוסן האבן דאס שטעטל פארלאזט. יענעם אין דער פרי האב איך מיט מיין שכנ'ס זון יושע לעווענהעק (מילערס) פארלאזט דאס שטעטל, מיטנעמענדיק זיך נאר אביסל שפייז, ווייל מיר האבן געהאפט באלד צו קענען צוריקקומען. מיר האבן דעמאלט נישט געוווסט אז מיר פארלאזן שוין דאס שטעטל אויף אייביג. עס האט אויך מיט אונדז געזאלט מיטגיין מאלי, אברהם און יענטע קעסלערס זון, אבער אזוי־ווי ער איז נאך געווען מינדעריעריק, האבן די עלטערן אים נישט געלאזט אוועק. איך בין נאך אויך געווען מינדעריעריק, אבער מיינע עלטערן האבן מיר ערלויבט אוועקצוגיין. מיר האבן ביידע פארלאזט דאס שטעטל און געלאפן אין דער ריכטונג פון דער „בערדע" אדער דעם „דזואל". אנקומענדיק אין די בערג, איז אונדז אנטקעגן געקומען א רוסישער טראקטאריסט האט אונדז פארגעלייגט מיט אים מיט־צופארן. מיר זענען געפארן און דער טראקטאר, וועלכער איז אויך אנטלאפן פון א לאנדווירט פארמע (קאלחאז) אין דער ריכטונג קיין סאמבאר. אויפן וועג האבן מיר געטראפן גיין אונדזער געוועזענעם לערער אין דער פוילישער שול פון דער יידישער רעליגיע, דעם שטעטישן דוד מיטמאן, א זון פון לייב שניידער. נאך לאנגע בעטענישן האט דער טראקטאריסט מסכים געווען אים אויך אויפצונעמען און מיר זענען געווען צופרידן אז מיר האבן מיט אונדז נאך א ייד, עלטער פון אונדז און וועלכער קען די געגנט. אנקומענדיק קיין סאמבאר, פרייטיק נאך מיטאג, האט אונדז א יידישע משפחה אין דער פארשטאט ערלויבט, אריין פארן אין הויף אריין און מיר האבן געקלערט דארט צו פארבלייבן ביז איבער שבת. אין סאמבאר האט מען שוין געזען די ערשטע צייכן פון קריג. עס זענען ארויס די ארעסטירטע און מען האט שוין געראבעוועט די געשעפטן, עס איז געווען א גרויסע פאניק. דוד מיטמאן האט געוואלט אז מיר זאלן תיכף פארלאזן סאמבאר, אבער מיר האבן נישט געוואלט פארן שבת. מיט שווערער מי איז אים געלונגען אונדז צו איבערצייגן די גרויסע סכנות, אין וועלכע מיר

געפינען זיך און שבת פארטאג האבן מיר פארלאזט סאמבאר אויפן וועג קיין דראביטש. אויפן וועג האט אונדז דאס רוסישע מיליטער צוגענומען דעם טראקטאר און מיר זענען אוועק צופוס. נישט ווייסנדיק וואהין צו לויפן און פון א סך מאטערניש, האב איך עטלעכע מאל געוואלט זיך אומקערן צוריק אהיים, אבער א דאנק דוד מיטמאן בין איך נישט צוריקגעגאנגען. מיר האבן פארטגעזעצט אונדזער וועג צופוס, בייטאג און ביינאכט איבער וועגן, פעלדער, סטעשקעס און וועלדער. מיר האבן געוואלט וואס שנעלער דערנענטערן זיך צו דער אלטער פוילישער גרעניץ. אנקומענדיק קיין סטרי זענען מיר אריינגעפאלן אונטער א שווערער באמבאדרונג פון די דייטשע עראפלאנען, מיר זענען אפגעלעגן אין פעלד א שטיק צייט, ביז עס איז גוט פינצטער געווארן, דאן זענען מיר אויפגעשטאנען צעבראכענע, הונגעריקע, האלב דערשלאגענע און לויטן באשלום פון דוד מיטמאן האבן מיר זיך געלאזט ביינאכט גיין, נישט ווייסנדיק די ריכטונג ווו אהין צו גיין. אויף אונדזער מזל איז אנגעקומען א רוסישער אמבולאנס און האט אונדז אלע מיטגענומען, אונז צוגעפירט ביז סטאניסלאוו און אזוי ארום האבן מיר זיך שנעלער דערווייטערט פונעם בלוטיקן שונא.

אין סטאניסלאוו האט נאך געהערשט רו, מיט דער פולער רוסישער מאכט. אלע דריי וענען מיר געווארן פארנימען אין דער מיליטערישער קאמאנדאטור, דארט האבן מיר זיך אביסל אויסגעשלאפן, זיך אפגעוואשן און באקומען א פרישטיק. נאך א קורצער אויספארשונג האט מען אונז באפרייט און מיר זענען ווייטער אוועק צו-פוס אין דער ריכטונג קיין רוסלאנד. אפגייענדיק עטלעכע טעג האט אונז ווייטער דאס מזל צוגעשפילט, מיר האבן זיך אנגעשלאגן אויף א לאסט-באן, וואס איז געשטאנען אין פרייען פעלד. ביז מיר האבן זיך דערנענטערט צו דער באן, האט זי זיך שוין אנגעהויבן צו רירן פון ארט, זענען מיר קוים ארויפגעשפרונגען און אוועק געפארן. דער צוג איז אפגעפארן כמעט א גאנצע נאכט אן אפרו, ערשט פארטאג, ווען דער צוג איז געבליבן שטיין, האבן מיר זיך דערוווסט, אז מיר געפינען זיך אין רוסלאנד און אז דער צוג פירט ארויס קיין רוסלאנד דעם סטאניסלאווער שפיטאל. אין איינעם פון די וואגאנען זענען געפארן די פראפעסארן און דאקטוירים, יידן און קריסטן. זיי האבן נישט געוואלט מסכים זיין מיר זאלן מיט זיי מיטפארן, טראץ אונדזער בעטן, און מיר האבן באשלאסן, אריין מיט כוח. ווען דער צוג האט אנגעהויבן רירן, זענען מיר אלע דריי אריינגעשפרונגען אין וואגאן מיט כוח און נאך א קורצן געראנגל און געבעט, האבן די דאקטוירים מסכים געווען מיר זאלן מיטפארן. דער וואגאן איז געווען א לאסטוואגאן אין וועלכן פון ברעטער זענען געמאכט פריטשעס אויף צו שלאפן. די דאקטוירים האבן זיך אביסל צוזאמען גערוקט און אונז געמאכט פלאץ ווו צו שלאפן. מיר האבן באקומען א מאטראץ מיט א קאלדרע און מיר זענען מיטן צוג אפגעפארן 1½ חודש, ביז מיר זענען אנגעקומען אין טיף רוסלאנד, נישט ווייט פון קאווקאז. די רוסישע מאכט האט געזארגט פאר די פליכטלינגע, יעדער איינער איז צוגע-שטעלט געווארן אויף ארבעט, באקומען א פלאץ צו וווינען א.א.וו.. קיין סך צייט זענען מיר דארט נישט געוועזן, ווייל דער דייטשער שונא האט דעמאלט בליץ שנעל געזיגט איבער רוסלאנד. דאן האט די רוסישע מאכט אלע פעאיקע מענטשן פארנומען צו מיליטער

און די נישט פעאיקע האבן געמוזט ווייטער לויפן. איך, דעמאלט נאך א מינדעריעריקער, בין געווארן מאביליזירט אין דער רוסישער ארמיי און זיך צעשייד'ט פון מיינע ליטאוויסקער חברים. זיי ביידע, הערש לעווענהעק און דוד מיטמאן זענען געווען מיליטעריש נישט פעאיק און פון דעמאלט האב איך זיי פארלויר; און ביז היינט ווייס איך נישט ווו זייער געביין איז אהין געקומען. אלע מיינע זוכונגען און אינטערוועצן שוין נאך דעם קריג, זענען געווען אן רעזולטאטן

אפשיידנדיק זיך פון מיינע חברים, האב איך ערשט דעמאלט דערפילט מיין עלענטקייט און איינזאמקייט, אבער איך בין באלד מיטגעריסן געווארן מיטן גרויסן שטראם אין קאמף קעגן דעם בלוטיקן יידישן שונא. עס זענען געווען שווערע צייטן, מיר האבן זער געליטן אין אלע הינזיכטן, אבער עס איז געקומען די צייט פון נקמה. די מערדער האבן זיך געוואלגערט אונטער אונדזערע פיס, אדער האבן זיך מאסנווייז אונטערגעגעבן. דער האס און נקמה נעמען האבן דערגרייכט דעם העכסטן גראד נישט נארביים מיליטער נאר אפילו די ציווילע באפעלקערונג האט נאר געזוכט נקמה. איך בין דער עדות, ווי פרויען מיט קינדער, וועלכע זענען ארויס פון די באהעלטענישן (מקלטים), האבן אויפן וועג געטראפן טויטע קערפער פון דייטשן מיליטער, האט א פרוי מיט א האקמעסער אפגעהאקט פון דעם טויטן דייטש די הענט, די פיס און די פינגער, אזוי גרויס איז געווען דער האס, ווייטיק און צארן. א גרויסע נקמה האב איך דערלעבט אין די קאמפן אין סטאלינגראד, דאס איז אוממעגלעך צום באשרייבן. דער טויטקלאפ מצד דעם רוסישן מיליטער איז געווען אויסערגעוויינטלעך שטארק. דער גרויסער נצחון איבער די נאצישע מענטשנפרעסער איז געווזן פאר אונז א יום טוב. די שטאט איז געווזן ארום און ארום אין די קילאמעטערן פארשיט און פארזייעט פון די טויטע נאצישע מיליטערישע קערפערס און דאס צווייטע בילד, ווי די דייטשן זענען האלב געהארגעטע, מיט אפגעפרוירענע אברים, אפגעריסענע, בארוויסע, אפגעגאנגענע מיט בלוט ארייגעפאלן אין רוסישער געפאנגעשאפט, ווו א גרויסער טייל פון זיי האט דארטן אויך געפונען דעם טויט. איך אלס ייד אין מיין מיליטערישער אפטיילונג בין, טראץ מיין ווילן, צוגעטיילט געווארן אין א גרויסן געפאנגן-לאגער אלס דאלמעטשער, ווייל איך האב געקענט יידיש. דער גרעסטער טייל פון די דייטשע רוצחים האבן אין דעם לאגער געפונען זייער טויט און איין דייטש האט דעם צווייטן באגראבן. דאס זענען נאר איינצעלנע פראגמענטן אבער אין דערווירקלעכקייט האב איך מיט מיינע אויגן געזען די גרויסע ערשטע מפלה איבער די שונאים.

די ערשטע ידיעה פונעם ליטיוויסקער גרויסן חורבן, האב איך זיך דערוווסט נאך אין 1944 יאר, דאס איז געווען אין מיין רעגימענט. נאכן גרויסן נצחון, זענען רוסן ווייטער געגאנגען אין די אלע באפרייטע פלעצער האבן זיי מאביליזירט די מענער צום מיליטער און כמעט יעדן טאג, זענען אין מיין אפטיילונג, אנגעקומען נייע, פרישע מענטשן. א ניי אנגעקומענער זעלנער, א גוי, האט אמאל ביים מסדר (אפעל) געהערט מיין נאמען סעגאל,

האט ער זיך וועגן מיר אינטערעסירט און מיך פארזיכטיק געפרעגט צי איך בין נישט פון סעגעלס פון ליטיוויסק. איך בין ממש פארשטיינערט געווארן ווען דער גוי האט מיר אויסגערעכנט די נעמען פון אונזער משפחה, וועלכע ער האט גוט געקענט. דער גוי, פון סקאראדנע, האט מיר דערציילט, אז פון ליטיוויסק איז גאר נישט געבליבן, אפילו קיין הונט נישט. כאטש איך האב שוין געזען די שוידערלעכע מעשים פון די נאצישע מערדער, האב איך דאך געהאפט, אז נישט אלע זענען אומגעקומען, אז עמיצער פון דער משפחה איז דאך געבליבן, ליידער אבער איז מיין האפנונג געווען א פאלשע, קיינער איז נישט געבליבן און אויך דאס שטעטל איז אפגעמעקט געווארן. די ידיעה פונעם גוי האט מיך אינגאנצן צעבראכן, איך האב נישט געקענט אריינפארן קיין ליטיוויסק, אנקוקען מיין צעבראכענע היים, איך בין געווען צו אנגעווייטיקט און מיר האט זיך געדאכט אז קומענ-דיק קיין ליטיוויסק וועל איך משוגע ווערן. זייענדיק סטאציאנירט אין יאר 1945 אין לעמבערג, האב איך זיך עטלעכע מאל געשטעלט ביי דער באנקאסע צו קויפן א בילעט צו פארן קיין ליטיוויסק, אבער ווען איך האב זיך דערנענטערט צו דער קאסע, און באדארפט אנגעבן די ריכטונג וואהין איך וויל פארן, האב איך בשום אויפן דאס נישט געקענט טון און בין אוועק פון דער קאסע.

נאך דעם איבערלעבונג האב איך ערשט דערפילט מיין עלנטקייט, פאריתומט, ארום און ארום נישט האבנדיק קיינעם. א פארביטערטער בין איך געבליבן ווייטער דינען אין רוסישן מיליטער. אין רעגימענט זענען מיר געווען א פאר יידיש פוילישע יונגלעך און ווען מיר האבן שוין באדארפט ארויס פונעם מיליטער, האט יעדער פון אונז געמוזט אנגעבן וויאהין ער גייט, אבער קיינער פון אונז האט נישט געהאט ווו צו גיין. אבער דאס לעבן איז שטארקער פון אלץ און יעדער האט געמוזט זוכן א וועג און בויען א נייע היים.

נאך דער באפרייאונג פונעם מיליטער האב איך די גאנצע צייט געזוכט א לעבנ-געבליבענעם פון ליטיוויסק און נאך לאנגע זוכענישן בין איך דורך א צופאל געקומען אויף די שפארן פון עטלעכע ליטיוויסקער יונגלעך, וועלכע האבן זיך געראטעוועט אזוי ווי איך, זייענדיק אין רוסישן מיליטער. דער ערשטער איז געווען משה ראזענבאך, אפרים ראזענבאך׳ס זון. פון אים האב איך מיך דערוווסט, אז עס זענען נאך געבליבן עטלעכע יונגלעך. מענדל, אהרן בראוועשר׳ס זון, וועלכער שטאמט פון דער משפחה וויזנער, וווינט היינט אין ישראל, יענקל, שמואל אבא וויזנערס זון, וווינט אין רוסלאנד, אזוי וווינט אויך אין רוסלאנד, הענעך, א זון פון שוסטער סאמער. די צוויי ברידער ליפא און משה גרומעט און שמואל, חיים אמעס זון (ביסטרע), וווינען היינט אין ישראל. זיינוועל הירש, לייב הערש און ראניע פון דארף מעכנאוויץ זון, וואס איז היינט א אינוואליד און וווינט אין ישראל, האט זיך געראטעוועט פון די בלוטיקע דייטשיש-אוקראאינישע נעגל, באהאלטנדיק זיך אין א שטאל אונטער א בריק, ווי פון אויבן זענען געשטאנען בהמות און חזרים. די גרעסטע צייט האט ער זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער אין א מצב פון הונגער, שרעק און ווונדן. די שוידערלעכע איבערלעבונג זיינע איז שווער צו באשרייבן.

אין יאר 1951 האב איך צום ערשטן מאל באגעגנט דעם אויבנדערמאנטן יענקל וויזנער אין רוסלאנד, וואס איז געווען אין ליטיוויסק באלד נאך דער באפרייאונג, און אט וואס ער דעציילט: די גרעסטע טייל ליטיוויסקער יידן זענען אומגעקומען דורך ־יסן. הערכער דעם שטעטל, נעבן דעם פוילישן קאשטשאל, האט מען אויסגעגראבן א גרויסן גרוב און איין דייטש און צוויי אוקראאינישע מערדער האבן האלב דערשאסענע און אפשר נאך גאנץ לעבנדיקע יידן ארייגעווארפן אין גרוב. די איינציקע פרוי, וועלכע האט נאך פאר דער עקזעקוציע געשריגן צו די אוקראאינישע מערדער מיט די ווערטער „מיט אונז מאכט איר דעם ראשטשאן, אבער מיט אייך וועט מען פארקנעטן״, איז געווען זאלקע אנהאנג׳ס פרוי, יענטע, וועלכע האבן אין שטעטל געהאט א אייזן געשעפט.

אין דער צייט פון דער דייטשער אקופאציע אין ליטיוויסק איז דודיע ראנד געווען דער אנפירער פון דער קהילה. איינמאל איז ער גערופן געווארן אין דער געסטאפא און ווען מ׳האט אים דארט איבערגעבן א ליסטע פון די אנגעזענע משפחות און פארלאנגט פון אים ער זאל זי אויסליפערן צו דער געסטאפא, האט ער באלד פארשטאנען וואס די מערדער ווילן טון מיט די מענטשן, איז ער צוגעשפרונגן צו דעם געסטאפא מאן און אויפרייסנדיק זיך זיין אייגן העמד, געזאגט צו אים „הרגעט מיך פריער, איך וועל אייך די מענטשן נישט געבן״. די מערדער האבן אים מיט די שפיזן דערשטאכן און זיין נשמה איז אויסגעגאנגען אויף די באגנעטן פון די מערדער הי״ד.

ווער פון אונז, פון דער שארית הפליטה, האט זיך געקענט פארשטעלן אז די שטאטישע שקצים, וועלכע זענען אויסגעוואקסן א דאנק יידישן קוגל און שטיקל ברויט, וועלן זיין די גרעסטע מערדער און מיטהעלפער. איינער פון די שרעקלעכסטע יידישע מערדער איז געווען קילקאס. אט א דער קילקאס וועלכער האט באקומען א שטיקל קוילישט אדער ברויט פאר פארלעשן שבת א לאמפ אדער פאר אנצינען שבת א אויוון. אט די שקצים זענען געוואקסן צוזאמען מיט יידן אבער אין יענער ביטערער צייט האבן זיי ארויסגעוויזן זייער אכזריותדיקע מערדערישע הענט און פנים. זיי זענען געווען צוויי ברידער, וולאדעק און יענדריק, דער הויפט מערדער איז געווען וולאדעק. לויט איבערגעגעבענע ידיעות, איז וולאדעק פארכאפט געווארן דורך די פארטיזאנער. אין א דאנערשטאג, אין א מארקטאג און געווען אנגעטון אין די רוצחישע מונדירן, זענען צו אים צוגעפארן צווי מענטשן מיט א פערד און שליטן, מ׳האט אים געהייסן זיך ארייזעצן און זענען באלד פארשווינדן. פון דעמאלט אן ווייסט מען נישט ווו זיין מערדערישער געביין איז אהין געקומען.

נאך בעפאר דער באפרייאונג פון אונזערע פלעצער ליטיוויסק און די געגנט און ווען די טעריטאריע איז שוין געווען אפגערייניקט פונעם דייטשן שונא, האבן זיך ווידער אנגעהויבן רדיפות און הרגנען די רעשטלעך יידן וואס איז געלונגען צו אנטלויפן פון די נאצישע באנדיטן און אויס באהאלטן זיך אין די ארומיקע וועלדער. דעמאלט האבן

זיך אין אונזער געגנט ארגאניזירט די אוקראאינישע נאציאנאליסטן און האבן פארמירט באנדעס וועלכע מען האט גערופן „באנדעראָווצעס״. זייער ציל איז געווען גרינדן א זעלבסטשטענדיקע אוקראאינע. זיי האבן געקעמפט קעגן דעם דייטש און קעגן די פאראטיזאנער אבער בראש וראשונה האבן זיי אויסגעהרגט די געטראפענע באהאלטענע יידן אין די וועלדער. אזוי ארום האט זיך פון אונזערע יידן קיינער נישט געקענט ראטעווען. ליטאוויסק זעט היינט אויס ווי א וויסטע מדבר און דאס טייערע וואס מיר האבן דארט אמאל געהאט, וועט שוין פאר אונז קיינמאל נישט עקזיסטירן.

**אפרים אלדובי**

# ר׳ אשר לעמל דב בן יעקב, הקדוש מרופינקה

בשנים האחרונות שלפני מלחמת העולם הראשונה היה ר׳ לעמל בראש השנה ויום הכפורים, עובר לפני התיבה בפוסדה שבעיר סאנוק. ואילו הקהילה הקטנה שברופינקה, יחד עם יהודי הכפרים הסמוכים, וינקובה ברעליקוף, זאווידקה וסטאנקובה, היו מביאים לימים הנוראים בעלי תפילה מהעירה לינסק. וכאשר פעם שאלהו שכן ידיד: ר׳ לעמל! היתכן?! שלימים הנוראים אתה עוזב את ביתך ואת קהילתך, ונוסע להתפלל כשליח צבור העירה, וקהילתך מוכרחה להביא בעל תפילה ממרחקים?! ענה ר׳ לעמל: יהודי העיר יש להם כל ההצטרכויות היהודיות בכל ימות השנה, להם סגי בעל תפילה אפילו יהודי כפרי, מה שאין כן יהודיים כפריים. להם מן הראוי ומן ההכרח לכל הפחות בעל תפילה של העיר.

שלהי קיץ שנת 1914. שמי יהדות גליציה התקדרו. פחד וחרדה השתלטו על כל יהודיה. הפלישה הרוסית החלה, הדרכים היו משובשות בגייסות, צבא קיר״ה האוסטרי נסוג. וביניהם, בצדי הדרכים התלבט, השתרך זרם של פליטים יהודיים ממזרח גליציה, ואף לרופינקה הגיעו שלוש משפחות פליטות מסביבת לבוב. 3 בעלי בתים ברופינקה, ר׳ אהרן שטרנגר, ר׳ ליפא פייטשעביץ ור׳ לעמל אכסנו כ״א משפחת פליטים בכבוד, בהשתתפות כנה בצרתם ובספוק רוב צרכיהם. ר׳ לעמל החליט להשאר ברופינקה. הקהילה הקטנה שמחה מאד, והיה מי שיעבור לפני התיבה. תפילת יום א׳ דר״ה עברה ללא כל ארוע מיוחד, אך למחרת, יום ב׳ דר״ה, עם גמר התקיעות, בא רץ שלוח מהכפר הסמוך והודיע שהנה הנה הקוזקים עומדים להגיע! בקהל המתפללים שמנה קרוב לשלושה מנינים קמה בהלה ומהומה שאין לתארן. יהודים התחילו לקפל טליתותיהם. משפחות הפליטים שבין כך היו כבר בדרך נדודיהם, עמדו כבר לרתום את סוסיהם שרעו מול החלונות, והמבוכה היתה שלמה. ואז נגש ר׳ לעמל ודפק בכח על השלחן, ומיד פתח בקולו הערב ב- א-א-אשרי העם יודעי תרועה ד׳ באור פניך יהלכון! בשמך יגילון כל היום ובצדקתך ירומו!

דממת תדהמה השתררה בקהל המתפללים. כל אחד נשאר כאילו תקוע במקומו. בדחילו ורחימו, כשקולו רווי דמעות, המשיך ר׳ לעמל להתפלל מתוך צקון נפשו ונהמת לבו, וכל הקהל הקדוש התפלל אתו. מתמוגג בדמעות ומתיפח בבכי יחד עם ר׳ לעמל זכרונו לברכה. בתום התפילה, הלך ר׳ לעמל עם רעיתו הביתה ואז שמעתיו אומר: שפרינצה! אי את יכולה לתאר לעצמך כמה לבי מלא שמחה ואשר. שווי בנפשך, הצלתי עדה שלמה יהודים כשרים וקדושים מחלול חג, חג קדוש ונורא כזה, ואת יודעת שפרינצה? הייתי מוכן שאם גם כדור יפגע בי, מעמוד התפילה לא אזוז.

יום י״ג מדות. ר׳ לעמל קם בשלוש לפנות בוקר וירד לטבול בנחל, כי על כן בשעה ארבע יש להגיד סליחות ועליו לעבור לפני התיבה. וכך אני שומע אותו טוען ומתחנן

לפני קונו. צדק ומשפט מכון כסאך, חסד ואמת יקדמו פניך. אל הורית לנו לומר שלש עשרה וזכור לנו היום ברית שלש עשרה.

אחרי הסליחות ותפילת שחרית חזר הביתה, עסק בהכנסת אורחים כשפניו קורנות באור עליון.

בשעה עשר וחצי לפנה״צ, בהצילו בת ישראל מאונס וטומאה, (בת משפחת הפליטה שהתאכסנה בביתו) כדור דומדום מאת קוזק נתעב פלח את לבבו.

תהי נפשו צרורה בצרור קדושי האומה שבכל הדורות.

## קוים לדמותו

יהודי ירא שמים היה ר׳ לעמל. ענוותן וממעט בדבור, אוהב ישראל עד כלות הנפש, מיצר בצערו של כל יהודי, כואב את כאבו ועלבונו ומוכן תמיד למסור את נפשו בעד צפורנו הקטנה של יהודי. בעל מזג טוב היה ולב רגיש. כל הימים שאף לעשות אך טוב עם כל אדם. עליו אפשר לומר שרות הבריות היתה נוחה הימנו, ואף לא-יהודי בכלל. כולם כולם התיחסו אליו באמון גמור, וכבדוהו על ישרו והגינותו במשאו ובמתנו ועל יחסיו הכנים והאדיבים עם כל הבריות. כאמור היה הוא ותרן, מעביר על מדותיו וסובלני עד מאד. אך לא כך נהג אם מישהו פגע בכבודו כיהודי. כי אז הוא לא עבר לסדר היום עד שהלז בקש את סליחתו, כי היה הוא יהודי גא מאד ונזהר בכבוד האומה. וזכורני פעם מקרה שאבא ז״ל ישב בחנות ושוחח עם אחד הלקוחות שישב מולו, מעברו השני של השלחן. הלה השמיע איזו הערה אנטישמית. אבא תפס אותו, הרימו מעל השלחן ושאלו: מה אמרת ?! הגוי רעדה אחזתו והתחיל להתחנן: פאניע לעמקו, יא בארדזו פשעפראשאם. (אדון לעמל, אני מבקש סליחה) לא התכוונתי להעליבך, אני רק התלוצצתי קצת, ואני מבקש את סליחתך. כי ר׳ לעמל, נוסף לתכונות הנעלות שמניתי לעיל, הוא נחן גם בכח פיזי רב. אך, רק לעתים נדירות, נדירות מאד, השתמש בו.

הוא התחנך בחצרו של ר׳ אורי (ביידיש ר׳ איראלע) הרבי מסאמבור ולמד יחד עם בנו של הרבי ר׳ שלום, מי שכהן אחר כך כמרא דאתרא במשך שנים רבות בעיר סטרי. הוא, ר׳ לעמל היה בעל נפש פיוטית. בבחרותו היה כותב שירים. שיר אחד על פרעות קישינוב עוד זכור לי בחלקו. הוא היה מצטיין בזמרה ערבה, וכל מה ששר היה בהבנה רבה וברגש רב. לב המתפללים היה מתרונן כשהיה עובר לפני התיבה, או בשבתות בסעודה השלישית, במלווה מלכה, בחגים או בסתם שמחה יהודית. במומנטים כאלה, למרות היותו נחבא אל הכלים בדרך כלל, היה מגיע לאתערותא דלעילא ושופע זמרה, ספורי חסידים ומלתא דבדיחותא להנאת הנאספים ולחדוות לבם.

אחרי חתונתו הוא היה חסיד בויאן והיה נוסע לרבי עפ״ר לחג השבועות. הוא היה חוזר הביתה תמיד מתוך התרוממות הרוח וחדוות הנפש, מתוך אמונה ובטחון מחוסנים. הרגשת אז בחוש, שיהודי יקר זה, התפשט לגמרי מחיי החולין היום יומיים וחי בעולמות עליונים נשגבים, עולמות של קדושה וטהרה, כשהוא מתייחד עם רבו וחסידיו ועם קונו.

וכך כשפניו ומצחו הגבוה נוהרים ועיניו נוגהות, היה מספר על כל תג ותג, על השלחן שהרבי נהל, על התורות שחידש ועל שיחתו עם הרבי בעת פרידתו ממנו.

ועוד קו אחד מיוחד, מיוחד רק לו ולמתי מספר בתקופה ההיא. הוא היה ציוני מסור בלב ונפש. על ד"ר הרצל דבר בהערכה ובכבוד. ישוב ארץ ישראל היה אצלו משאת נפש שיש להגשימו בכל ההקדם.

בדבקותו המוחלטת בדת ישראל ובקדושיו, באמונתו האיתנה, ובישוב ארץ ישראל המידי, הוא לא ראה שום סתירה. אדרבא, הוא ראה בהם סינטזה גמורה, אידיאות המשלימות זו את זו.

מובטחני שלולא האסון שקרהו-קרנו, הוא היה עולה לארץ ישראל בין ראשוני העולים שלאחר מלחמת העולם הראשונה.

זכרו המקודש והנערץ לא ימוש מלבות בניו לנצח.

**מאיר אלדובי**

# הווי היהודים בכפר

ברצוני לכתוב מעט מזעיר על הווי היהודים הכפריים שבסביבה שלנו. הטפוס הפשוט והטוב שמשך בעול עשרות ואולי מאות בשנים, העביר מדור לדור את הגחלת היהודית ולא נטמע בין הגויים. הטלתי על עצמי מלאכה זו היות וראויים יהודים יקרים אלה להציב להם זכרון עד.

המשולש של העירות לינסק-איסטריק-טרווה וולוסקה היה מאוכלס ע״י עשרות כפרים אוקראיניים שגגות בתיהם עשויים מקש, רגליהם יחפות, בקרם עור ועצמות. כותנתם, הלבוש העיקרי, מבד גס שהיו אורגים בעצמם, מזונם תפוחי אדמה ואף זאת במדה ומשורה.

בכל כפר גרו כשתים שלוש משפחות יהודים. גם להם מעט אדמה צחיחה, פרה, תרנגולות ולפעמים גם סוס עבודה. בניהם נקראו לשרת בצבא האוסטרי יחד עם בניהם של השכנים. המחסור היה כמעט שווה, ההבדל העיקרי היה שהיהודים שבתו ממלאכה בשבת במקום ביום ראשון. שלום היה שורר ביניהם עשרות בשנים, רק כשהגויים היו בגילופין היו נותנים פורקן לעצמם בנפצם החלונות הקטנים שבבתי היהודים. פעם חדרו אבנים כבדות לחדר. קללות ועלבונות כגון: ז׳יד פרשיווי (יהודי מצורע) וכדומה. היהודים, בשמעם מרחוק את צעדיהם הכבדים של המבוסמים, מהרו לחפש מחסה באחת הפינות של החדר בכדי לא להפגע. למחרת היום התפשרו, התפיסו והמשיכו לעמול כדי להחיות את נפשם.

פנים אחרות היו לכפר רופינקה שהרים וגבעות מסביב לו. מבין לעצים הזדקרו מגדלים שבאמצעותם חפרו בעומק האדמה ומוציאים את הנפט הגלמי, הנלחץ דרך צנורות עד תחנת אולשניצי מרחק כשמונה קילומטר. בכפר זה היו שלוש עשרה משפחות יהודים. היה זה, אם אפשר להגיד כך, מרכז תרבותי, נמצאו בו תחנת משטרה, בית דואר וטלגרף ובית ספר יסודי מטעם ממשלת אוסטריה.

אחינו בני ישראל עמלו קשה בכדי לשחרר את ילדיהם מלשבת על ספסל אחד עם בניהם ובעיקר עם בנותיהם של הכפריים הלא יהודים. נהגו להביא מלמד ממרחקים שהיה מתגורר אצל אחד היהודים, שיכול היה להקדיש חדר למטרה זו למשך היום. הורים בעלי אמצעים ובעיקר בעלי הבנה לאומית, היו שולחים את בניהם, אחרי שידעו כבר חומש ורש״י וכמה דפי גמרא, לעיר קרובה בכדי להמשיך בלמודים. אחי מנחם ע״ה, שהצטיין בתפיסה בלתי רגילה ורצון ללמוד, המשיך ללמוד גם בישיבת סטניסלבוב. רוב הנוער בכפר היה בריא בגופו ויכול היה לעמוד אחד כנגד עשרה. לעתים קרובות הראו את כוחם בהתמודדות עם השכנים והכו בהם עד זוב דם. לאחדים יצא מוניטין של גבורים ממש, רבים מהשכנים בקשו את קרבתם והשתדלו להיות להם לעזר בכל הזדמנות.

בכפר רופינקה היתה תנועה רבה, רבים הם הבאים ממרחקים למצוא תעסוקה, גם

אחינו בני ישראל חפשו בו מקום אחיזה, רובם בעלי בתי מרזח, חנוונים, מתווכים וכן עובדי אדמה.

למשפחת הברמן מנסרת עץ ובית רחב ידיים אשר האולם הגדול בו שמש קיץ אחד ללימוד רקודים לבני הנוער. בתור מורה שמש יוסף קנופ מאוסטשיקי, בחור יפהפה, גאה ביהדותו ואמן לנגינה, אשר הספיק להקנות תורה זו לכל אלה שעברו את הגיל שש עשרה בכל הסביבה. ידעו הם לשמח חתן וכלה, את המחותנים וכל האורחים עד עלות השחר וטרם עייפו.

השכן הקרוב לנו ביותר היה ר׳ אהרן שטרנגר מעירת זרשין, שסבתא המנוחה שלנו שידלה אותו לבוא ולהתיישב ברופינקה, מאחר ועדין חסר היה אטליז במקום. קשה להגיד שהיה מומחה לכך, כי למנות הבשר שיצאו מתחת ידיו, היו צורות משונות. הוא לא שלט בגרזן ובסכין כראוי. יום יום כאשר האפלה עוד שלטה ביקום, הספיק הוא כבר לבלוע הרבה פרקי תהילים ורק אחר כך שרך את רגליו לכפרים השכנים. קרוב לצהרים ראו אותו חוזר ומושך אחריו בהמה רכה והזיעה מטפטפת לאורך פניו המארכים. פיאותיו וזקנו מרחפים לפי משב הרוח. מיד אחרי מנחה-מעריב עלה על יצועו, עשה חשבון הנפש עם אלהים, עצם את עיניו וכהרף עין נרדם.

מידי שבוע בשבוע ביום חמישי היה שוחט בא רגלי מטרווה וולוסקה ותחת זרועו קופסה ובה כל סוגי חלפין, אחרי מספר שעות של התרוצצות ועמל היה רוחץ ידיו ונפרד בשלום. בכיסו מספר קרונים (מטבע אוסטרי) ועל שכמו תרמיל שיריים של בשר, אשר לפי ההסכם היו קנינו ומכרם בדרך חזרה ליהודים עניים, שידם לא היתה משגת לקנות מנת בשר ממש. כך נפתרה דאגת בשר לכבוד שבת עבורנו ועבור כל הסביבה, לפעמים גם לאחד מימי חול. היות והאטליז לא הספיק כדי פרנסת משפחה בת חמש נפשות פתח ר׳ אהרן גם בית מרזח. מעט הי״ש והבירה שנמכר, השלימו את החסר. בבית המרזח שלטה אשתו רחלה בת העירה איסטריק, שהיתה אשה נעימה וטובת לב.

בחדר המווג, באחת הפינות לצד מזרח, תלוי היה ארון קודש ובשבת התאספו למעלה ממנין יהודים להתפלל בצוותא, דבר, שהוסיף טעם ותוכן ליום השבת. בין הבאים להתפלל, יהודי בשם הרש שיסטר (סנדלר). שם משפחתו אינו ידוע לי כשם שלא היה ידוע להרבה יהודים. השם הרש דיו היה כדי לא להחליפו ביהודי אחר. זכות בת רופינקה, בריאה ותמירה, בשם ניכה גרומט, עמדה לנו שגם סנדלר התגלגל והתישב בכפר שלנו. הוא הביא אתו ישועה לכל חולי מגפיים, נעלים וערדליים. רוב אנשי הכפר קראו לו „שתי נעלים״. ולא זוג, כי לעתים רחוקות היתה נעל ימין דומה לנעל שמאל. הוא היה במיטב שנותיו, איש מוצק ועליז ושמח בחלקו. עובד היה עד מאוחר בלילה וחי בדוחק. אם הקדוש ברוך הוא לא ברך אותו בפרנסה, הרי לעומת זה זיכה אותו כמעט מדי שנה בשנה בבן זכר, שגדלו בריאים עם תאבון לאכילה. הסתובבו הם כמעט ערומים בחדר, שרצפתו אדמה קשה, ששמש למלאכה, אכילה ושינה. גם בניו התברכו בעליזות, שובבות וטוב לב בפרט כשידם חובקת פרוסת לחם שחורה.

זכורני שבכל יום חמישי בערב היו אשתו ובכור בניו באים אלינו, מרחק כשלושה

קילומטר, וסלם בידם למען קנות צרכי שבת ומצרכים לכל ימות השבוע. לא תמיד הספיק הכסף בידה כדי קניה מלאה ורצתה להקטין את הכמויות, אלא שאמא שתחיה שלנו עמדה על המשמר והוסיפה על המשקל וכן כל מיני דברים בצנעה באמרה „אין דבר תשלמי לי בפעם הבאה". פעם הם באו עם סלם ובתוכו הפמוטות (הרכוש היחידי שהיה ברשותם) כדי למשכן אותם תמורת המצרכים, כי החוב, לפי דעתם, היה כבר די ניכר. האמא נזפה בה באמרה „אשה יהודיה חייבת לברך ביום ששי על נרות. מה זה עלה על דעתך? אין לך חלילה בטחון באלהים?" גם הפעם חזרה היא מאוששת בסלים מלאים כל טוב בתוספת פמוטות שהכבידו על המשקל שעליהם היה לסחוב.

בעוד מתנה נוספת ברך אלהים את הרש שלנו, בצמיחת שערות: הוא היה שעיר כמו אחד מבני יצחק אבינו וביחוד זקנו. מרוב צפיפות נוצרו צמות בזקנו שקבוצה אחת דחקה את שכנתה וכולן יחד ג'ונגל רחב ועצום, היות ומסרק לא היה יכול לחדור דרכן, עזבן לכן לנפשן לעולמי עד.

הוא היה מן הבאים להתפלל בקביעות ואף מן המקדימים לבוא. נוהג היה להצטרף לאברכים ולהשמיע מאמרי פיו בתוספת צחוק רחב ואדיר שבא מעומק לבו. מעיניו זלגו דמעות גיל והתרגשות. אם כי הלצותיו לא היו מן החדישות ביותר, השפיעה הפיסיונומיה שלו על רבים להצטרף לצחוקו ואז נשמע מפי המתפללים הקשישים שבמזרח „שקצים! הה נו, הה? וכהרף עין הושלך הס. בתשעה באב, בזמן קריאת הקינות נוהג היה להשליך „בערשטלעך" (ברקנים) בכדי לעודד את המתאבלים והוא היה מומחה לקליעה למטרה.

כך חי איש זה בעוני ודוחק ובחוסר כל עם בני משפחתו, לעג לגורלו המר וצחוקו לא מש מפניו. במלחמת העולם הראשונה גויס לצבא האוסטרי ונשבה ע"י הרוסים. מספר שנים אחרי גמר המלחמה חזר מהשבי הביתה מבוגר ורציני, ילדיו התפזרו בינתים במדינת פולין והונגריה והוא חדש ימיו כקדם לעמל, לזיעה, לסנדלרות ולרעב למחצה.

במלחמת העולם השניה בא קצו והוא ובני משפחתו נספו בידי קלגסי היטלר. גם את שתי משפחות שטרנגר מחקו הרוצחים מעל פני האדמה בתוך הכפר עצמו אחרי שהכריחו אותם לחפור לעצמם קבר על יד ביתם ממש.

**ליב גרומט ור' זנבל אביו.**

ביתם היה האחרון בכפר שהשתרע על קילומטרים רבים. צד זה של הכפר היה העני והבלתי מפותח וגבל כאילו עם המדבר. הכביש תם ולנגד העינים הרים קרחים בלי צמח, עץ, ירק או דשא. כל שהגיע לפינה זו נפשו אמרה לו „פנה אחורה! די! הלאה מכאן שוכנת העצבות, הבדידות, הריקנות ומרה שחורה". כיצד הגיעה משפחה זאת לפינה עזובת אלהים זו איש לא ידע; כנראה שלפני מספר דורות רכשו זאת חנם או בפרוטות.

ר' זנבל ראש המשפחה, יהודי גבוה וחסון בעל הדרת פנים, עינים ערות וזקן פטריירכי, תנועותיו איטיות ובטוחות כאיכר היודע את אשר לפניו. הוא היה איכר בכל רמ"ח אבריו וידע להוציא מהאדמה העניה שבסביבה זו את המקסימום, להכין לחורף מלאי מספיק של

בולבוסין, חביות כרוב, שחת לשתי פרותיו ולסוסו, עצי הסקה מלח ונפט. בחורף נח היה מעמלו וחפשי לתכנן את עתידו.

באחד הימים כשהייתי עדין רך בשנים נשלחתי להתגורר בביתם שנבחר למקום משכנו של המלמד למען הרבצת תורה לתינוקות דבית רבן. ר׳ זנבל, שהיה אלמן מזה הרבה שנים ושבע ימים, היה נח מעמלו והיה מקשיב איך המלמד מלמד קמץ אלף או לקבוצה השניה שלומדת חומש „ואני בבואי מפדן מתה עלי רחל״ ועיניו נתמלאו דמעות שלא היה בכוחו להסתירן.

את מקומו במשק מלא בנו ליב, שהיה אב לשלושה בנים ובת. גם הם עמלו וטרחו להבין פשרו של עקידת יצחק, סולם יעקב אבינו ומטה משה שהכה על הסלע והוציא ממנו מים. בארוחת הצהרים הופיעה על השלחן קערה רבת ממדים עם בולבוסין, קערת כרוב חמוץ ולפעמים גם קערה שלישית „קיסיליצה״ (מין דיסה של שבולת שועל), ככר לחם שחור בגודל של גלגל מריצה ובשתיקה, כמעט בדממה, אכלו את הכל והשאירו רק כזית לברכת המזון.

הארוחה באה להם בזכות שקידתו של ליב ובנו בכורו שהשכימו קום ואחרו ללכת לישון והוציאו לפועל עבודות של ששה איש. חלק רב היה בכך גם לסוסתו הזקנה להבדיל, שבדרך הטבע היה עליה מזמן להתפגר, ורק הודות לשמירה קפדנית וטפול רב כבתינוק רך, להבדיל, עמדה לה להארכת ימיה. נוהג היה בעונת הקיץ הבוערת לקבל עבודות אדמה עם סוסתו אצל השכנים וכתמורה קבל בולבוסין, חיטה, שבולת שועל, ביצים ותרנגלות. אחת בשבוע נסע אתנו ללינסק, מרחק של 20—18 קילומטר להביא מצרכים עבור החנות שלנו. זכורני שפעם זכיתי להלוות לנסיעה כזו ועדיין חי אני את הנסיעה הזאת. בדרך חזרה, שבאופן רגיל מגיעים אחרי מקסימום שעתיים וחצי, זחלנו למעלה מכפליים והגענו הביתה קרוב לחצות. בכל עליה נתבקשנו לרדת מהעגלה ואף לעזור לדחוף במקצת ובכביש ישר היתה ההתקדמות תלויה ברצון הסוס. אף לא הרים בעל העגלה את קולו ועל אחת כמה וכמה — את שוטו. פעם פקעה סבלנותי וצעקתי בקול חזק, ויו! הסוסה נבהלה וזקפה את אזניה. ר׳ ליב היה מלא תרעומות עלי ואמר בטון שקט ואבהי „אין צועקים על־בהמה רתומה לעגלה עמוסה, מעט סבלנות! לכל היותר תארך הנסיעה עוד שעה שעתיים, ומה בכך?״. הוא היה יהודי אדוק, שומר מצוות, איש עמל ונותן כבוד לזולת וביחוד לאביו, שמר עליו כבבת עיניו, דרש מכל הסובבים אותו לכבדו, לשרתו ולא להקים רעש. כאלה גדלו יוצאי חלציו עד היום המר והנמהר כאשר הגרמנים פלשו לפולין.

**ליפא פיצ׳ביץ**

יהודי שחרחר וצנום, עיניו גחלי אש, לבושו נקי כמעט מהודר. אשתו השניה, גלטשה, צעירה ממנו בהרבה שנים, גבוהה ממנו בראש, יפהפיה ומושלמת בכל. הם היו מהעשירים בסביבה. ביתם, בית רחב ידים, בית מרזח מאושר מטעם הרשות, רפתות עם שש שבע פרות חולבות, שני סוסים מובחרים ושדות שנתנו יבולם בשפע.

פעם בשבוע היו נוסעים העירה בעגלה רתומה לשני סוסים. הרכב החזיק בגאוה את

המושכות, היא כובע על ראשה והוא סיגריה ריחנית, תקועה בפיו. העירה הובילו מתנובת השדה, חמאה וגבינה שהיו מפורסמים בטיבם ומן העיר — חביות בירה, י״ש, טבק ועוד. בביתם חדר מיוחד לתפילה וספר תורה בו, על שלחן הקריאה פרושה מפה שזורה חוטי זהב. בהיותי ילד משכה אותי להוציא חוט אחד ממנה למזכרת.

בראש חודש אהב הוא לעבור לפני התיבה במוסף ולהודיע בסלסולים ארוכים את יום הולדת החודש הבא עלינו לטובה ולסלסל בשמונה עשרה את ה„כתר יתנו לך״ ככל אשר כחו בו. בגמר התפילה הוגש כבוד, כוסית י״ש קטנה, חתיכת רקיק, שבר של רקיק גדול לא מתוק ביותר מן הסוג החסידי ואחרי שה„לחיים״ נשמע מהרבה פיות, קשרו את המטפחת מסביב לצוואר וחזרו הביתה בתיאבון לטשולנד ולפשטידה.

בזמן ההכנות של אמי בשנת 1924 לעליה ארצה עם שלושת ילדיה הקטנים, באה גלטשה וניסתה להשפיע עליה לחדול מזאת. „הרי לא חסר לך חלילה פרנסה ברופינקה ולשם מה הטלטול?״ אמא ענתה „ילדי הגדולים נמצאים שם, גם רצוני לבנות את ביתי בארץ ישראל ולהפטר אחת ולתמיד מהגלות, מהגויים והשפלות. באם לעצתי תשמעי, חשבו גם אתם על חסול הגלות ועלו לארץ האבות, אמצעים הרי יש בידכם״. לא שעו הם לעצת אמי ונשארו בגולה. עם בואם של הגרמנים נשדד רכושם ואפרם פוזר ברוח.

**שני "בעלי קורא" ברופינקה**

שני „בעלי קורא״ היו ברופינקה. אחד, שלא מזמן ברך עליו אביו „ברוך שפטרני״ היה משה פיטשעביץ בן 15—14. יום יום עשינו דרך ארוכה לחדר וישבנו דחוסים על ספסל צר, יחד בלענו את מוצא פיו של הרבי וצמאים למלת שבח, ארוחותנו מין סנדביצ׳ים יבשים, שפג טעמם מחמת החום בקיץ והקור בחורף. היתה בינינו מעין התחרות בלימודים שאף פעם לא דובר עליה ובכל זאת היתה קימת. אני הצטינתי בסוגיות קשות והוא לעומת זאת בשקידתו הרבה ועבודת פרך ממש שהשקיע בכדי לעכל כל דבר מסובך ולמצוא פינה בזכרונות שזה ישאר לעת צורך. באחד הימים בזמן לימוד החומש הרגשתי שהוא מקפיד על הניקוד ועל הנגינה של מהפך פשטא זקף קטון. שאלתיו לפשר הדבר והוא ענה לבסוף קצת מבויש „רצוני להיות בעל קורא בביתנו בשבת״. עודדתי אותו ואף עזרתי לו. שאיפתו באה במהרה על סיפוקה. בזמן קריאת התורה נוצצו עיניו ונשמתו טיילה בכל אותם המקומות שפיו הזכיר וחי את כל המאורעות.

**הערש וינקובר**

שם משפחתו וולוסקי, יהודי בגיל ארבעים, אב לבת בכורה ושתי בנות תאומות חינניות, עליזות וצנועות. השם ונקובר על שם הכפר שחי וגר בו. פרנסתו ברוח וכבוד. מכתת היה רגליו מדי שבת בשבת מרחק רב בגשם, בשלג ובכפור עד רופינקה. בבואו התישב, הסדור והחומש לפניו, מתפלל ומציץ מזמן לזמן בחומש עד שבא תורו לקריאת התורה. הקריאה שלו היתה מסודרת ובלי שגיאות, בקולו הערב השתלט על המתפללים והושלך הס. בגמר התפילה הביטו רבים בהתרחקו בצעדים בטוחות ומתונות בדרכו הביתה ומצפים לראותו שוב בשבת הבאה.

### ר׳ בערל סנקובר

יהודי מוצק ועליז, חברותי ונוח לבריות מלובש קפוטה נקיה, זקנו מהודר, עיניו עליזות תמיד, דבורו בנחת, בטעם, בחן, כשל תלמיד חכם. בחברה ידע הוא לענין ולשתף את כולם, אפילו איש רציני ובעל מרה שחורה אנוס היה לפעמים לחייך בחברתו. פרנסתו ממסחר העצים ועסק זעיר במשקאות. אחרי גמר מלחמת העולם הראשונה והתפוררות ממלכת אוסטריה, קמה פולין לתחיה ואתה רדיפת היהודים. זוכר אני את השתוללות חיל ההלרטשיקים שגרמו צרות לאחינו בני ישראל. ראיתי יהודים מאיסטריק שחצי זקנם חסר להם ואתו גם העור שהושחת ע״י החיילים הבוזזים. שמעתי על הפוגרום בלבוב, על שריפת שלוש מאות יהודים בתוך בית הכנסת ומי שניסה להציל את נפשו ע״י קפיצה מהחלון, נורה בכדורי דום דום. מעשיהם השפלים לא הועילו להם בחזית הרוסית ואז נזכרו שקיים נוער יהודי ויש לגייסם להצלת פולין. כמובן שלבי בן העשרים, פסק: לא תתן ידך, עזרתך, וחייך לרשעים אלה. אמרתי: ,,גנרל הלר לחום בלעדי״ וערקתי. מספר ימים הייתי חבוי אצל אכר אוקראיני וכשפחד פתאום תקף אותו עזבתיו. עברתי בלילה כברת דרך, דרך הרים ויערות עד שהגעתי לר׳ ברל סנקובר שגר בקצה הכפר סנקובה וביתו גבל ביער. הוא קבלני בסבר פנים יפות ולא שעה לסכנה הנשקפת לו. סדר עבורי משכב בחדר אחורי אטום שרק חלון קטנטן בו לצד היער. בערבים היה מקדיש מזמנו לשוחח אתי ודרך אגב ניסה את כוחי בגמרא. כשחיוך התפשט על פניו ידעתי כי תשובותי נכונות הן. שנינו שמחנו על כך.

בוקר אחד, בעוד חושך בחוץ, הקיצותי ע״י נדנוד עדין וקולו השקט של ר׳ ברל: ,,זופניק (כך היה שמי מבית אבא) לגיונרים מתקרבים״. על שאלתי, איפה המה? ענה לי בקול מתון ,,אל תבהל! עס דאכט זיך מיר אז זיי קלאפן אין טויער״ (נדמה לי שדופקים הם בשער). בשמעי את המכות הגסות של הרובים בשער, קפצתי מהמשכב פתחתי בכח את החלון הקטנטן (מי יודע כמה שנים לא ניסו לפתחו) ובקושי רב העברתי את גופי דרך פתחו והנני ביער בין עצים ושלג. אחרי כשעתים שמעתי את קולו של ר׳ ברל הקורא: ,,זופניק, זופניק!״ ירדתי מעץ גבוה שענפיו נתנו לי סתר מהרוח ומעיני אדם, התקרבתי כולי רועד מקור וקבלתי מידיו את בגדי ונעלי. שוב החיוך הנצחי שעל פניו החזיר לי את בטחוני. למחרת היום, למרות רצונו והפצרתו שאשאר הלאה בצל קורתו, עזבתי את ביתו כי לא רציתי לסכנם. לקחתי אתי למזכרת את פניו הטובים, עיניו המחייכות, את הכנסת האורחים הלבבית, שעות שיחות של תלמיד חכם, את לבו החם לזולת והבטחון לעתיד. יהי זכרו ברוך.

### ר׳ יואל זק מטרשצניצה

כאשר מטפסים מהכפר שלנו בשביל צר ומתפתל משך שעה וחצי על הר גדול המכוסה יער עבות, ומגיעים לפסגתו, נגלה לנגדך במרחק של כשני קילומטר במורד הצד השני של ההר, בית בנוי מעץ, כאילו נדבק ליער ואחריו שדה ירוק רחב ידיים והרחק משם בתים כפריים ספורים, התחלת כפר טרשצניצה. הר ויער זה מפרידים בין שני הכפרים

כאילו מתפקידו לעמוד על המשמר בל יתקרבו תושבי כפר זה אל תושבי הכפר השכן, שהציביליזציה שוכנת בו ואתו דאגות חדשות לבקרים; מוטב להחזיקם כאן בכדי שיסתפקו במועט ויהיו מאושרים יותר. בבית היחידי המעז להתיצב על גבולו של יער בודד, שוכנת משפחה יהודית בת ארבע נפשות, ראש המשפחה ר׳ יואל זק, יהודי גבה קומה, מבנה גופו כשל הרקולס, שרירי ובעל תנועה קלה. את פניו הנעימים מקשט זקן ארוך המסורק כדת וכדין. עיניו, שצבע הבירה להם, פקחיות אשר שפע של מרץ, טוב לב ועל כולם עוז בלתי מצוי, פורצים מתוכם. בגיל עשרים גויס לחיל הפרשים האוסטרי, נשלח לעיר הבירה ווינה וכאן בילה את שלוש השנים היפות שלו בגווארדיה של המלך פראנץ יוסף הראשון. הוא היה חייל לדוגמא, פרש מן המצטיינים, יפה עינים, בעל כח וגמישות שאין לתארו. בבואו לחופש הביתה בלבושו ההדור ומדליות על חזהו, כל רואיו התמוגגו וקנאו בו.

באחד מימי החופש שלו הכיר בחורה אשר בחר בה ואחרי שחרורו התחתן אתה. כמה נסיונות להקים את ביתו לא הצליחו עד שלבסוף הציעו לו, הודות למבנה גופו ויושר לבו, משרה בתור מנהל ופקח יער (בנעוריו היה זה מקצועו) שהיה קנינו של יהודי מפשמישל בשם ברנשטין, והוא קבלה וכך זכה הבית הבודד הנ״ל לאכסן משפחה צעירה.

ר׳ יואל מלא את תפקידו משך חמש עשרה שנה באמונה ובמרץ, ביושר, טקט ותבונה. בעברו בכפר היו כל יושביו מסירים את כובעם, ברכוהו, כבדוהו ואהבו אותו. סכסוכי הכפר הובעו לפניו, את פסק דינו מלאו בלי ערעור כי ידעו שפסק דינו צדק הוא. אפילו הנועזים ביותר שבכפר לא העזו לסחוב ענף עץ אחד בלי רשותו. את בהמתם החזיקו הרחק מגבול היער. בעונה היה מעסיק עשרות עובדים מומחים והיה מתהלך ביניהם כשמשון הגבור בזמנו. ביתו היה פתוח לכל דכפין, שמו הטוב הלך לפניו. יהודי נודד שהזדמן לסביבה, כתובתו של ר׳ יואל היתה בכיסו. כאן הוא מצא מטה נקיה להניח את ראשו בלילה, ארוחות מזינות ובשפע וקצת מצלצלים בזמן הפרידה. הוא גידל יתומה, חיתן אותה ושלחה יחד עם בעלה לארצות הברית. בזמן המלחמה כאשר משפחת גרומט, בת אחת עשרה נפשות, נפלו למשכב במחלת הטיפוס ואף שנים מהם מתו, היחידי שטפל בהם היה ר׳ יואל עד שקמו ממשכבם. הוא היה יועץ לבעל האחוזה שבכפר, לשופט הכפר ועזר לכל הנזקקים. רודף שלום, נאמן לביתו ולעם ישראל. יהי זכרו ברוך.

**איסטריק.**

בנויה היא בבקעה, הרים גבוהים סוגרים עליה מכל צד והמשכם הרחוק עד הרי הקרפטים. ככר גדולה ורחבת ידים באמצע בו מרוכזים המסחר, הבלוי ומקומות המפגש. כביש אחד ויחיד מוביל העירה וממנה שחוצה את העיר לאורכה. בתים ומדרכות שונים משני צדדיו כאילו שומרים הם על הכביש לבל יאונה לו כל רע. ביום השוק מתמלאה הככר עד אפס מקום עגלות איכרים מכל הכפרים שבסביבה הבאים לסחור. געית פרות וצהלת סוסים מתמזגות עם רעש הולכי על שנים להבדיל. פתחי החנויות לא נחים לרגע, דלתות בתי המרזח פתוחות לרוחה וקורצות לעוברים. רגלי רבים היוצאים משם מתנודדות ונמצאות פתאום יושבות בשלולית בוץ המגיעה עד הצואר והשוט רחוק ממגע ידם.

לפנות ערב מתרוקנת הככר המכוסה גללי בהמה ושאר ירקות. עופות בודדים מלקטים גרעיני שבולת שיריים של הסוסים הכפריים והשקט שורר בכל. עד יום השוק הבא, השמש והרוח יעשו מאמץ לטשטש את עקבות האי-סדר, ושלום לתושבי העיר. תמורת כל זאת הביא יום השוק רווחה ופרנסה למספר ימים. ביתר הימים מתפרנסים זה מזה וממפעל זקוק הנפט הגדול, תחנת רכבת, מנסרות ומסחר עצים, בית משפט ומלאכה זעירה.

משפחה מסועפת של זופניקים בעיר זו, ידם מגיעה עד הכפר ברהי הסמוך, ששם יושב כבוד ראש המשפחה ר׳ ברל זופניק. יהודי גברתן ממשפחת ענקים, דבורו כשל גוברנטור, הלוכו כשל מצביא, חושו המסחרי כאחד הרוטשילדים. ידו במסחר עצים ויערות. שמונה בנים ושש בנות סמל גבורתו, כולם יודעי ספר, בריאים בגוף ונפש ובלבם סוערת אש לכל דבר לאומי ויהודי, גאים ואמיצי לב. החלק הארי מהם הלכו בעקבותיו במסחר עצים. לשמואל הבכור שלושה אוטובוסים, בזמנים ההם היה זה הישג גדול שפרנס את בעליו בכבוד. שמעו הלך לפניו החל מסאנוק, לינסק עד פשמישל ולבוב. יהודי שזקוק היה לאחת הערים האלה צריך היה רק לבקש מאת אלהים שימצא מקום פנוי באוטובוס, להצטייד במספר זהובים ומבוקשו נתן לו. בערים חיכו רבים באי סבלנות, עיניהם בולשות במרחקים להופעת אור ואחר מרכזים חבילותיהם במהירות ובדאגה רבה. בנו יעקב, אשתו ובתם עלו ארצה וכן שתי בנותיו, קלרה ומרים, אשר הקימו את ביתם בתל אביב וזכו לנכדים ולנכדות ומצבם טוב למדי. גם בנו יעקב ידו היתה במסחר עצים, נוסף לכך קבלן לתקון כבישים והקמת גשרים. שנים מבניו, דוד ויצחק הקדימו לעלות ארצה, התאחזו בה וראו ברכה בעמלם. לדוד נכדה המנעימה את חייהם ובן בצבא הגנה לישראל. גם יצחק חזר ארצה מארה״ב להתישב כאן מחדש ועתידם מובטח. יהושע, בנו השלישי של ר׳ ברל, עלה ארצה עם משפחתו, התישב בחיפה והתפרנס בכבוד. בן אחד נפל כגבור על משמרתו בהגנת העיר העתיקה בירושלים. יתר שני הבנים של יהושע, ממלאים תפקידים חשובים בבנין הארץ. בן אחד של ליבוש זופניק עלה לארץ והתישב בחיפה. אחד מבניו הגר לארגנטינה. יתרם הושמדו ע״י קלגסי היטלר.

תושבי העיר איסטריק הצטיינו במזג רוח טוב, מיושבים בדעתם. המסחר התנהל, ברובו הגדול, ביושר מסויים ואין אוכלים איש בשר רעהו. מפורסמת היא גם בעליזותה, במדה מסוימת הודות למשפחת קנופ שמספר אחים המה ופרנסתם על כנורם ועוד סוגי כלי נגינה, מבוקשים לחתונות בכל הסביבה ולסתם שמחות. בימים שתופשיים הם מעבודה, מטיילים הם בעיר לבושים כבימי חג. אם ארך להם היום, קונים הם שביתה במסעדה של ר׳ בונים, גבאי הקלויז, ועל יד כוס בירה מפזמים להנאת עצמם, שירים ביידיש, לרוב שירי ציון המרטיטים את הלב ומעלים געגועים עד כדי סגירת העפעפים. תוך רגעים ספורים המסעדה מתמלאת עד אפס מקום. אלה שמזלם לא שחק להם, מצטופפים על המדרכה ואף על הכביש.

בפנים המסעדה יושבים בעלי המצלצלים סמוכים בצד האמנים, גם הם לוגמים, חולמים ומעודדים עד שמתחיל אחד מהם ,,יושה! א ברכה אויף דיין קעפאלע, דיינע פינגערלעך זאלן דיר געזונד זיין, זיי א בראט, ברענג דיין פידאלע און א לאנג לעבן

אויף דיר״ והקהל במקהלה „מיר לעכצן נאך א סקריפ פון דיין סמיטשיק. דו וועסט זיך עולם הבא קויפן״. את אשר יושע מחליט, אחיו מקיימים. והוא יושב עדיין ומפזם בשקט, כמעט ולא שומעים, איזה ניגון חסידי, עיניו סגורות וחיוך דק על שפתיו. בנות זרועו של אחד מידידיו על כתפו מנענע אותו ואומר „יושע! דיינע חברים זענען ארום דיר און בעטן דאס פידאלע דיינס, דו האסט דאך תמיד פאר זייערטוועגן א אפן הארץ וואס איז מיט דיר היינט״? במאמץ פותח יושע את עיניו הרכות והחולמות ואומר בטון עייף „שמעתי, שמעתי! תנו רגע לחיות! איך הער, לאזט מיך א מינוט צורו, מיר איז מאדנע אויף דער נשמה, א מינוטקאלע ווארט, איך בעט אייך״. לאחר רגעים מספר פונה הוא לאחיו ואומר „אברהמ׳טשע הבא את הכנור, אין אני יכול לעמוד בהפצרתם יהיה אשר יהיה. הקהל פורץ בצהלה, כוסות בירה, אפונה, דגים מלוחים ובייגאלעך מופיעים בין רגע על השלחנות ואף א געפילט העלזל, רבע עוף או אווז ועוד.

בערב כזה שוכח הנוער את צרותיו, דאגותיו, שכניו מסביב, שפיהם נבול פה ומשטמה, גללי בהמות, את הבוץ והגשם בחוץ וגגות רעועים.

לא רק לעלוז, גם לעמוד על נפשם ידעו הם! זכורני מקרה כשעדיין הייתי בשרות הצבא האוסטרי בתור מומחה במכרות נפט אשר בהושוב הכפר, כעשרה קילומטרים מאיסטריק ותחת פקוחי מספר נפחיות ופועליהם אשר אהבו אותי, אמר לי פועל אחד בסודיות „אל תיסע ביום רביעי הבא העירה, כי יתכן ותהיה התנפלות על היהודים וחבל לי עליך״. הודיתי לו ובטלתי זאת בצחוק באמרי „שטויות, למה יעשו זאת הרי היהודים דשם ישרים וטובים המה״.

כמובן שעוד באותו ערב נסעתי העירה, מסרתי את החדשה והוספתי כי המקור מאד מהימן והנני לשרותם בכל.

בהאיר היום שנועד לפורעניות התחילו עגלות אכרים עמוסות לעייפה מגיעות העירה משני צדי העיר. אנשי המשמר, שמתפקידם היה להרשות רק למספר מסוים להגיע העירה, הופיעו עם אקדוחים ובהתמלא המספר, מנעו כניסת היתר. בהנתן אות ע״י חצוצרה מבית קנופ נגשו בבת אחת שנים שלושה בחורים לכל עגלה כמשיחים לתומם בשאלה: „מה הבאת למכירה?״ ודרך אגב מחפשים ביסודיות בתוך העגלה, כאילו אחרי ביצים ועופות. בכמה עגלות נתגלו גרזנים, פטישים, סכינים, בולי עץ, מוטות ברזל ואף נשק חם. „הה איון! למה לך גרזן ביום השוק? הלמכירה? הביטו! גרזן חד כתער, עמלת קשות, בכמה תמכור?״ ויד ברזל עם אגרופן מפיל מפיו מספר שיניים, מועך את אפו, מזיל מעיניו דם ודמעות. מכל עבר ופינה נשמעו צעקות כמו מדיר חזירים. גורל אחר היה לזה שנמצא אצלו נשק חם. הם הובלו מאחורי בית המרחץ וכאן קבלו שעור חנם בז׳יו-ז׳יצו, התאגרפות ובוקס, כל מכה הוציאה מבטנם הד כמו מחבית ריקה. איון, סטפן, מיכילו! לרצוח יהודים התחשק לך? חיים, משה, יעקב! שבור לו עוד את היד השניה, הכינו עבודה עבור רופא שניים ויברכו אתכם. רצוצים, שבורים, אבלים וחפויי ראש חזרו לכפרם וגם אני לכפר הושוב. למחרת היום עזבתי את הושוב לצמיתות.

כזאת היתה העיר איסטריק שאיננה עוד. הגרמנים סלקו את כל החי, האוקראינים החריבו, בזזו וירשו אותה ולא נשאר מכל היהודים התוססים והטובים האלה זכר, ינקום ה׳ את דמם!

אין בי כח להזכיר את כל ידידי, מכרי ומשפחתי שבסביבה, כי הלב צובט והיד רועדת. ברצוני בל נשכח את אשר עשה לנו העמלק הגרמני „התרבותי״. יהי השם „גרמני״ קללה בפי כל יהודי ויהודי לדורי דורות ולעולמים. שקץ תשקצנו.

**אהרן סגל**

# דאס דארף סערעדניצא

דער מזרח טייל פון פוילן, מזרח גאליציע, איז געווען באזעצט מיט קליינע און גרויסע שטעטלעך און אויך מיט קליינע און גרויסע דערפער, אין וועלכע עס האבן אן אויסנאם געלעבט עטלעכע יידישע משפחות. די יידישע לאנדווירטשאפט-הארעפאשניקעס, וואס האבן זיך מיט זייער ארבעט און באשעפטיגונג נישט אונטערשידן פון זייערע ארומיקע גוישע שכנים, האבן זיך מפרנס געווען און געצויגן זייער חיונה פון דער שווערער ארבעט אין פעלד, נישט געקוקט אויף די שווערע באדינגונגען, ווייט אפגעשיידט פון גרעסערע יידישע צענטערס, ארומגערינגלטע פון אלע זייטן פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג. די יידן האבן זיך געפירט ווי אלע שטעטישע יידן און אפגעהיטן די מצוות מיט גרויס געטריישאפט.

אין איינעם פון די דערפער מיטן נאמען סערעדניצא, וואס האט זיך געפונען צווישן די צוויי יידישע שטעטלעך איסטעריק און לינסק, האט געוווינט מיין זיידע שמואל גוטוויליג ז״ל מיט מיין באבע טויבע גוטוויליג לבית פעלדער, וועלכע זענען געווען באוווסט און באליבט אין די אלע ארומיקע שטעטלעך און דערפער און ער איז געווען דער מנהיג פון די ארומיקע דערפישע יידישע באפעלקערונג, אלס ארענדאר פון דעם סערע-דניצער גוט (הויף) מיט דער גרויסער און רוישענדיקער ווירטשאפט. צוזאמען מיט דער טאג טעגלעכער שווערער ארבעט האט געשטראמט דאס אפגעהיטענע שטרענג רעליגיעזע יידישע לעבן. דאס בית הכנסת האט זיך געפונעןביים זיידן אין הויף. עס איז געווען א שיינער, גרויסער און ליכטיקער בנין איינגעארדנעט אלעס וואס עס פאדערט א בית הכנסת. דער זיידע, א שיינער ייד מיט א שיינער ווייס-זילבערנער בארד און פיאות, איז געווען דער שליח צבור, בעל קורא און בעל תוקע. זיין שיינע שטימע און דאס גוטע דאווענען ווי א בעל תפילה אין געווען זער באוווסט אין אלע שטעטלעך. ער איז אויך געווען א גרויסער בעל הכנסת אורחים. ווען עס איז געקומען א ייד א אורח, א ייד וועלכער איז געגאנגען איבער דער מדינה, א פארשטויבטער און פארשוויצטער, שמוציק אנגעטון אין זער ארעמע קליידער, בעת מיין זיידע ז״ל איז געווען א זויבערער ייד, **זייענדיק דעמאלט דער פריץ פונעם סערעדניצער גוט, האט ער אויפגענומען אזא אורח** מיט גרויס כבוד. ערשטנס איז אזא ייד פארהאלטן געווארן אויף א פאר טעג ער זאל זיך אביסל אפרוען, געגעסן און געטרינקען צוזאמען מיטן זיידן און באקומענדיק א שיינע נדבה, האט דער ייד פארלאזט דאס הויף.

דאס דאווענען בציבור, שבת, יום טוב, אין א יארצייט איז געווען די גרעסטע פליכט נישט געקוקט אויף שלעכט וועטער. נישט דער רעגן, בלאטע און גרויסע שנייען און נישט דער ווייטער וועג צום בית הכנסת האט קיינמאל נישט אויפגעהאלטן די דארפס יידן פון די דריי דערפער : זווינאטש, וואלא ראמאנאווא און סערעדניצא צו קומען דאווע-

נען בצבור. איך געדענק נאך ווי מיין זיידע ז״ל פלעגט אויף די ימים נוראים ארויספארן קיין כעראוו צום כעראוועער רבי האט מען צו דעם צוועק איינגעשפאנט א פאר פערד מיט א גרויסן וואגן און דעם גרעסטן טייל יידן פון די דערפער האט דער זיידע מיטגענומען צום רבין אויף ימים נוראים. א גרויסע ביישטייערונג אין ארגאניזאטארישן, רעליגיעזן און אלגעמיין יידישן לעבן פון די דערפישע יידן האט געהאט די גרויס פארצווייגטע משפחה שאטען. זער אקטיוו איז געווען בערל שאטען וועלעכער איז געווען דער פאר־טרעטער פון מיין זיידן. די בני שאטען זענען געווען גערעכנט פאר אנשי גבורים און אפילו די קריסטלעכע באפעלקערונג פונעם דארף, וואס איז געווען די מערהייט, האט זיי רעס־פעקטירט ווייל זיי האבן זיך געפילט ווי די בעלי בתים פונעם דארף.

אזוי איז אנגעגאנגען דאס נארמאלע יידישע לעבן פון די דערפישע יידן ביז דעם אויסברוך פונעם דייטש-פוילישן קריג אינעם יאר 1939. אין יענער צייט האבן די דער-פישע יידן נאך געהאט דאס מזל אויסצומיידן די בלוטיקע נאצישע חיות, ווייל די מערדע-רישע דייטשן האבן דעמאלט נישט אריינגעדרונגען אין די דערפער און באלד האבן זיי זיך צוריקגעצויגן און דאס רוסישע מיליטער האט אקאפירט די גאנצע געגנט. די ערשטע טעג פון חודש סעפטעמבער 1939, האבן די דערפישע יידן דורכגעלעבט מיט גרויס פחד. די ידיעות וועלכע זענען דעמאלט אנגעקומען פון די ארומיקע שטעטלעך, ווי למשל די ידיעה פון די איסטעריקער יידן וועלכע האבן שוין באלד פון אנפאנג געפילט די דייטשע בעסטיאלישע מערדער מיט זייערע אוקראאינישע מיטהעלפערס וועלכע האבן געשלאגן יידן, געשוירן בערד, געפייניקט און געהרגעט, דערנידריקט און געמאכט די יידן צו שפאט, אט א די אפקלאנגען און ידיעות האבן נאך מער געווירקט אויף די דארפישע יידן, וועלכע זענען געווען צעשפרייט און צעווארפן און על פי רוב צו איינצעלנע משפחות, איינזאמע ארומגערינגלטע פון אלע זייטן פון גויים און האבן זיך געפונען גלייך אין דער פאסטקע. אבער, אזויווי איך האב שוין דערמאנט, זענען די דערפישע יידן געווען דעמאלט די ברי מזל, ווייל די דייטשן זענען געווען זער א קורצע צייט אין דער געגנט, זיי זענען דורכ-געגאנגען מיט א דורכמארש און די צרות האבן דעמאלט געטראפן נאר די ישובים און פונקטן, וועלכע זענען געווען ביים הויפט-וועג (שטראז).

מיט דעם אריינקומען פון דער רוסישער ארמיי האט זיך ביי מיין זיידן ז״ל אנגעהויבן א נייע פרשה. די סיבה פון די צרות איז געווען וואס מען האט אים אריינגערעכנט פאר א גביר (פאמיעשטשיק), א עקספלאטאטער אלס גוטבאזיצער. באלד אין די ערשטע שעה׳ן, אזויווי די רוסן זענען נאר אריינגעקומען, האבן זיי באלאגערט דאס גוט און מען האט דעם זיידן מיט דער גאנצער משפחה ארויסגעווארפן פון דער וווינונג און מען האט זיי נאר דערלויבט צו וווינען אין די קיכן צימערן. דער זיידע מיט דער גאנצער משפחה פון 7 נפשות האבן זיך געוואלגערט אין די צוויי קליינע קיכנצימער אין גרויסער ענגשאפט אָן די געהעריקע זאכן ווי בעטן, בעטגעוואנט א.א.ו., ווייל די רוסישע מאכט האט באלד פארמאכט די אלע וווינצימערן מיט די זאכן, אלעס פארשלאסן און פארבלאמבירט.

נאכדעם זענען די גרעסטע טייל זאכן פאר אייגן געברויך קאנפיסקירט געווארן. דאס איז געווען דאס ערשטע שטאפל. באלד נאכדעם האט זיך אנגעהויבן דער צווייטער טייל; אין איינעם פון יענע טעג האבן די רוסן צוזאמענגענומען אלע גויים פונעם דארף, מאכנדיק א רשימה פון די גויים און מען האט אנגעהויבן צו טיילן פאר זיי דיווירטשאפט. וועמען זיי האבן געגעבן א קו און וועמען א קעלבל. נאכדעם האט מען צעטיילט די פערד



נסיעה לתחנת הרכבת לאיסטריק לרגלי עליתה ארצה של בת משפחת גוטוויליג.

און וועגן, שליטנס, מכשירים, פאר אקערן; שטרוי און תבואה. מען האט צעטיילט און צעשלעפט אלעס אן אויסנאם. זיי האבן געמאכט א חורבן און א תוהו ובוהו און אינגאנצן צעבראכן, סיי פיזיש און זיי גייסטיש די גאנצע טייערע אזוי באוווסטע פאמיליע גוטוויליג. די איינציקע פאר זאכן וואס עס איז זיי דערלויבט געווארן צו נעמען איז געווען איין קו און צוויי זעקלעך ווייץ; צום סוף האט מען די גאנצע משפחה ארויסגעווארפן פון דער וווינונג, זיי זענען געבליבן אן א דאך איברן קאפ. אבער דאנק דער משפחה שאטען שמחה, וועלכער האט אין יענער עת צרה פיל ארויסגעהאלפן, האט דעם זיידענס צעבראכענע משפחה אריינגענומען צו זיך און זיי אפגעגעבן צוויי צימערן פון זיין הויז, באזארגט מיט באשפייזונג און אנדערע באדערפענישן, באשיצט זיי מען זאל זיי נישט פארשיקן, ווייל א זעלעכער האט נישט געהאט קיין רעכט צו פארבלייבן וווינען אין דעם פלאץ און זער פיל אזעלעכע מענטשן זענען געווען געצווונגען צו פארלאזן די איינגעזעסענע היימען אדער זענען אינגאנצן פארשיקט געווארן קיין סיביר. אין דעם פאל האט זער פיל געהאלפן בערל שאטען, וועלכער איז געווען אין יענער צייט דער גאנצער דרייער און מאכער ביי די רוסן. ביי יענעם אומגליק איז נאך געווען דאס ביסעלע גליק וואס דער זיידע איז נאך אינגאנצן נישט געווארן נע ונד. מיין גאטזעליגע באבע (סבתא) טויבע גוטוויליג

איז געוועזן א געבוירענע פון דעם דארף און דארט געלעבט אלע יארן, אן אמת אפגע-
היטענע יידישע פרוי מיט א גוט יידיש הארץ; א גרויס נדבנ'תע, מיט צדקה און מיט
אירע מעשים טובים האט זי גע'שמ'ט אין די ארומיקע ארטשאפטן, און נישט נאר ביי דער
יידישער באפעלקערונג נאר זי פלעגט אויך א סך העלפן דער קריסטלעכער באפעלקערונג.
די גויים האבן שוין געוווּסט; אז מען באדארף עפעס האבן קען מען בעטן ביי דער
פאני טויבע. א חוץ מאטעריעלע הילף איז מיין באבע געוועזן א גרויסע ספעציאליסטן
צו היילן פארשידענע קראנקהייטן. ווו נאר עס האט ערגיץ פאסירט אז א מענטש, סיי
א ייד און סיי א גוי, האט צעבראכן א פוס אדער א האנט, איז מען גלייך געקומען צו
מיין באבן ע"ה. עס האט קיינמאל נישט געטראפן אז זי זאל האבן וועמען אפגעזאגט און
נישט אננעמען דעם פאציענט. פארקערט, טראץ איר שווערער ארבעט פון פארטאג ביז אין
דער טונקלער נאכט ביים פירן די ווירטשאפט, האט זי אזא קראנקן אנגענומען מיט א
אפן הארץ און אים געגעבן די געהעריקע הילף. צו דעם צוועק איז געווען אפגעטיילט א
ספעציעלער צימער מיט א בעט און דער קראנקער וועלכער האט זיך נישט געקאנט
באוועגן איז געבליבן אויף א אומבאגרענעצטע צייט, אים פאלשטענדיק אויסגעהאלטן,
אויסגעהיילט און דאן א געזונטן אהיים געשיקט. מיין באבע ע"ה איז געווען א גרויסע
ספעציאליסטן אין דער לאנדווירטשאפט; מיט שווייס און שווערער ארבעט האט זי
אפגעהיטן און געפירט די ווירטשאפט און דאריבער, בעת די רוסן האבן געמאכט דעם
חורבן, אלעס צוגענומען, א תל געמאכט פון דער פיל יאריקער שווערער הארעוואניע
האט דאס אויף איר זער געווירקט און זי איז קראנק געווארן. מען האט זי אפגעפירט אין
שפיטאל קיין איסטעריק אבער מען האט שוין גארנישט געקענט ראטעווען. מען האט זי
געבערענגט צו קבורה אויפן איסטעריקער בית עולם. „בגן עדן תהיה מנוחתה". אזוי איז
געגאנגען צו גרונד די אזוי הויכגעשעצטע און אנגעזעענע משפחה גוטווייליג.

באלד נאך דעם איז אויסגעבראכן דער רוסיש-דייטשער קריג. די דייטש-אוקראאינישע
רוצחים האבן נישט אויסגעמיטן די יידיש דערפישע באפעלקערונג. זיי האבן איבעראל
געזייעט שרעק, הונגער און טויט. די ליידן און צרות פון די דערפישע יידן זענען נאך
געווען גרעסער, ווייל זיי זענען געוועזן פון אלע זייטן ארומגערינגלט מיט אוקראאינישע
רוצחים, אז דאס מעסער איז שטענדיק געלעגן אויף זייער האלדז. אלע יארן זענען די
דערפישע יידן געוועזן מיט די דערפישע גויים אין גאנץ גוטע באציאונגען. דער גוי האט
געוווּסט אז טאמער דארף ער עפעס האבן, וועט ער ביים ייד שטענדיק אלעס קענען
פועלן. די יידן האבן אלעמאל געזוכט צו לעבן גוט מיטן גוי און זיי אלעמאל געזוכט
צופרידן צו שטעלן, אבער ווען דאס גרויסע אומגליק איז געקומען האט זיך ארויסגעוויזן
ווי די גויים זענען געווען פארמאסקירט. זיי זענען געווען אנגעזאפט מיט שנאה צום
ייד און דורשטיק צו זיין בלוט, זיי זענען געווען די ערגסטע און געפערלעכסטע יידישע
מערדער. דער בעסטער באוויז איז, אז קיין איין ייד האט זיך נישט געקענט ראטעווען
פון דער דערפישער געגנט. לויט די ידיעות וואס מיר האבן באקומען איז דער אומקום
פון די דערפישע יידן געוועזן: א טייל איז דערשאסן געווארן באלד אויף די פלעצער

אין די דערפער און דער גרעסטער טייל איז ארויסגעפירט געווארן קיין אלשאניצע און דארטן אין א טאל זיי אלע דערשאסן. לויט די ידיעות וואס איך האב באקומען איז דער זיידע מיינער הי״ד געווען דער ערשטער קרבן. זיי האבן באפוילן אלע קרבנות זיך אויסצוטון נאקעט פארן שיסן אבער מיין זיידע האט זיך נישט געוואלט אויסטון און זיי האבן אים דעם ערשטן דערשאסן. דערנאך האבן זיי דערשאסן די רעסטלעכע משפחה צוזאמען מיט אלע יידן. אזוי איז פארטיליקט און אפגעווישט געווארן די יידישע באפעל-קערונג צוזאמען מיט אונדזער גאנצער משפחה גוטווילינג.

„תצרור בצרור החיים את נשמותיהם, אנשי הקהילות הקודש, שמסרו נפשם על קדוש השם וינקום נקמת דם טהורים של עם ישראל השפוך״.



שמואל וטובה גוטווילינג הי״ד.

לזכר הורי, אחיותי ומשפחותיהן הי"ד
שנרצחו בידי הנאצים י"ש.

**אסתר מארך לבית גליכר**

## חיי היהודים בכפר

כפר נובושולקי שוכן בין העירות לינסק ובליגרוד. גרו בו 7—6 משפחות יהודים אשר רובם התפרנסו מחקלאות, עבדו בפרך מזריחת החמה עד שקיעתה על חלקות אדמותיהם הקטנות בשטות פרימיטיביות. העוני והדלות היו מנת חלקם, לא רק בשטח הכלכלי אלא גם בשטחים אחרים כגון: חברתי ותרבותי מהם סבל הנוער במיוחד.

אמנם היה בית ספר, שהוקם שנים מספר אחרי מלחמת העולם הראשונה, אך כמעט אף ילד יהודי לא ביקר בו. היהודים היו שוכרים „מלמד", כל חודש היה עליו לעבור לגור אצל משפחה אחרת שם היו מתאספים הילדים ולומדים מפיו: חומש עם רש"י, חשבון, וכתיבה ביידיש ופולנית, מכל מקצוע קצת, כי ה„מלמד" עצמו לא ידע הרבה. מבחינה זו שפר חלקנו, כי היו כפרים עוד יותר נדחים ובם כ-3—2 משפחות יהודים שידם לא השיגה לכלכל ולשלם אפילו למורה כזה למרות ששכרו היה מועט.

הורי, בערל ופריידה גלייכער הי"ד, היו עובדי כפיים ישרי לב, שומרי מצוות ומסורת, והיתה להם חכמת חיים ותבונה רבה. זכור לי יום פרידתנו לרגלי עלייתי ארצה, בקול חנוק מדמעות אמר לי אבי „סעי בתי לשלום, מי יתן ועוד נתראה". אמי באותו מעמד: „סעי ילדתי, הלוואי ויהיו לך חיים יותר טובים מאשר היו לי". לדאבוני הגדול, משאלתו של אבי לא התקימה כי לא ראיתיו יותר ואף לא אחד מקרובי היקרים לי שנשארו בגולה.

אחותי ליבה הנשואה להרשיל זילברמן עם שני ילדיהם, גרו בכפר נובושלצה סמוך לסנוק, גיסי זה עדין נפש ואדם יקר היה. בזמן המלחמה עבר את הנהר סאן על מנת להיות בשטח הכיבוש הרוסי ובדעתו היה להעביר אחר כך את משפחתו, אך אחותי נעמדה על הגדה השניה של הנהר והתיפחה בבכי „הרשיל, למה עזבתני". והרשיל חזר אל משפחתו ונספו יחדיו.

אחותי השניה רבקה, נשואה לשמואל כץ, התגוררו בגרודק יגילונסקי עם שתי בנותיהם. הגיס התחבא אצל גוי במרתף, כנראה עקב חיפוש אחרי גברים, יום אחד הלכה אליו אחותי עם אוכל עבורו, כשחזרה — מצאה את הבית ריק, לקחו את הילדות לתחנת הרכבת. מבוהלת וכל עוד רוחה בה הגיעה לתחנה והתחננה בפני הנאצי שיעלה גם אותה לקרון. בהתחלה סירב אבל אחרי שדולים העלה אותה לקרון ויחד נשלחו לכוון בלתי ידוע. כשנודע הדבר לגיסי — יצא ממחבואו והתהלך בגלוי ברחובות העיר, הנאצים תפסוהו, ענוהו באכזריות עד שיצאה נפשו. כל זה ספרו לי עדי ראייה שנשארו בחיים ונמצאים בארץ. יהי זכרם ברוך.

אינני יודעת אם כאן המקום, אך יש ברצוני והנני מרגישה חובה לציין פרט חשוב



בערל ואשתו פרידה גלייכר הי״ד.

שהודות לו מאות יהודים ואני בתוכם נשארו בחיים עקב עליתנו ארצה בשנות ה-30. ידוע באיזה קשיים נתקלו אלה, שרצו לעלות ורק מעטים הצליחו. למאות אלה ולי עזר שארי היקר מנחם אלדובי ז״ל שפעל רבות בשטח זה והתמסר כל ימי חייו לעניני צבור ולהושטת עזרה לזולת. כל מה שידוע וסופר עליו ועל מעשיו הטובים זה חלק קטן בלבד, יש דברים רבים לזקוף לזכותו אשר רק יחידים יודעים ואשר לא ידוע לרבים. חוב גדול אנו חבים לו — את חיינו.

יהי זכרו ברוך.

נאטאן מארק

# דריי דארפס-חתונות

## ערשטע חתונה

### 1

הגם מרדכי איז דעמאלט געווען א יינגל פון ניט מער ווי 15 יאר בערך, איז ער. א דאנק זיין שיינער און שטארקער שטימע, ביי אלע חתונות, ווו ער איז געווען א מחותן, געווען צווישן די ,,אקייגנ-פארער". אבער אז ער זאל זיין איינער אליין, איז דאס געווען דאס ערשטע און דאס לעצטע מאל. בשעתו איז ער ניט געווען באקלער-פעאיק, זיך אין דעמדאזיקן פאל צו פארטראכטן — ווי אזוי לאזט מען דאס א יינגל אליין אקייגן פארן א חתן! ערשטנס איז דאס אין ערגעץ ניט געהערט געווארן און צווייטנס איז דאס א באליידיגונג פאר די מחותנים! אבער שפעטער ווען ער איז באיאַרט געווארן און פלעגט, ווי דער שטייגער איז, מאנכמאל פונאנאנדערוויקלען די מגילה פון זיינע יינגל-יארן, האט ער ניט איינמאל צעקארבט זיין הויכן ברייטן שטערן, זוכנדיק א שכל'דיקע סברא פאר דעמדאזיקן שריט. היתכן?! ווי אזוי קען דאס גאר געמאלט זיין!!. און אפשר, טראכט ער צוריק, האט זישע קאסטערוויצער, א זשוואווע יידל מיט א מעשן קאזע-בערדל, דער פאטער פון דער כלה וועלעכער האט א חוץ איר געהאט נאך 4 מיידלעך און שוין פון לאנג פארגעשלאגן זיין טאטן זיך מיט אים משדך צו זיין, אפשר האט ער דאס אים בכיוון אנגעטון אזא אומפארגלייכלעכן כבוד, כדי דערמיט צו לייגן נאך א פלאסטער-שטיין אויפן וועג צום הארץ פון זיינע עלטערן...

הקיצור, מרדכי א יינגל מיט א ווייס-רויזעווע פנים אויף וועלעכן יענטע, א שיין מיידל, ווען זי האט אים געזען צום ערשטן מאל האט זי געזאגט צו איר יינגערער שוועסטער: ,,באקן נאר צום קושן" פארט איינער אליין, אנגעטון אין דער זיידענער בעקעשע וועלעכע ער האט באניט צו בר-מצוה, מיט א פאר פעסטע צוגאווצעס וואס דער יידישער פריץ האט צו פארפיגונג געשטעלט, איינגעשפאנט צו דער עלעגאנטעס-טער בריטשקע, און פון אונטער זייערע קאפיטעס פליען פונקען.

פארט ער, אויפן הארצן איז חתונה'דיק און ייגגלדיק און צעלאזט זיין אלט-שטימע אז פעלד און וואלד האבן אפגעהילעכט, אזוי גלייך זייערע אלטגעזעסענע וואלטן דארט געפראוועט א שמחה.

און ווען ער איז פארבייגעפארן פאר ר' משה'לה דאמבראווקערס קרעטשמע, האט ער זיין שטימע צעלאָזט אויף דער סאמע העכסטער אקטאווע, נאר אנשטאט עס זאל ארויס קומען, ווי ער האט זיך גערעכנט, ר' משה'לה, אדער זיינע אייניקלעך וואס האבן גע'שמ'ט מיט זייער שיינקייט, האט ארויסגעכוואליעט א באנדע בגילופינ'דיקע שקצים. די חברה האט אים אזוי ,,מקבל פנים" געווען אז ווען ניט דער קוטשער, א קלוגער און פלינקער גוי, וואלט איידער וואס-און-ווען געגעבן א שמייס-אונטער די קאניעס

אז זיי האבן אויפגעהויבן דאס ברישטשקעלע אין דער לופטן — וואלט ער געוועז זייער מיאוס אפגעשניטן. אבער ווי נאר ער האט זיך דערוויטערט א שטיקל מהלך פון דער קרעטשמע, האט ער זיין געמבע ווידער צעלאזט און מיט נאך מער אימפעט.

ניט קיין סך אפגעפארן, האט זיין געניט אקייגנפארער-אויג ביים שיין פון דער לבנה, באמערקט פון דער ווייטענס די מחותנים. ער איז שנעל געגעבן א שפרונג אראָפּ, א באפעל געטון דעם פארמאן צו שטעלן דאס וועגעלע אין דער ברייט פון וועג. ווען די מחותנים זענען אנגעקומען ביז צו אים, איז ער צוגעשפרונגען זוכן דעם חתן.

די מחותנים, הארעפאשנע דארפס-מענטשן, איז ניט געלעגן אין זינען סטוטשקעס און האבן אים אן שום שהיות, דעם „מלך" ארויסגעגעבן. מ׳האט געגומען א גלעזל משקה, אנגעווונטשן און היידא! ער פאראויס, די מחותנים נאך און מ׳קומט אן אין „הויף" אריין. מיט זיין בריטשקע האט ער געמאכט 7 הקפות און נאכדעם ווי די קלעזמארים האבן אפגעשפילט דעם חתן א ברוך הבא האט ער אים אריינגעפירט און באזעצט ביים טיש ארום וועלעכן עס האבן אויף אים געווארט בחורים און יונגע לייט.

⁂

נאך דער חופה, נאכן טיש, האבן די קלעזמארים, נאכדעם ווי זיי האבן זיך לייטיש אונטערגעלענט דאס הארץ, צעזדראָכעט זייערע כלים און ס׳איז געווען חי-געלעבט!

פלוצים — ווי א טכויער וואס כאפט זיך אריין אין א הינער-שטייג, האט זיך דער־פילט עפעס א שטיקנדיקע לופט. דער עולם האט ניט פארשטאנען וואס אין ווען, אבער דאס שושקען, דאס לויפן ווי פארסאמטע מייז, די שפיזנדיקע בליקן אין די אויגן פון עטלעכע מחותנים — האט פארפאמעלעכט די סמיטשיקס און פארפלאנטערט די פיס פון די טענצער. — — —

פליאסק! פליאסק! פליאסק! פליאסק! צעהודיען זיך אין טאנצזאל 4 פליאסקעס לעהאי רעוואלווער-שאסן — און צוויי טענצער ליגן אויסגעשטרעקט אויף דער פאדלאגע ווי געטראפן פון א דינער.

די צוויי חברה האבן זיך אויפגעשטעלט, געזוכט א מעגלעכקייט עוקר צו זיין — האט שרול דאמבראווקער, א ייד וואָס האָט געווארפן אן אימה אויף א פולע קרעטשמע גוים און מיין טאטע ליפא סטראכאטשינער, וואס האט מיט איין פאטש א גוי קאלט געמאכט, די פעטש איבער געחזרט און די צוויי „גבורים" האבן זיך אויסגעשטרעקט צום צווייטן מאל.

זעענדיק אז זיי זענען ביטער אריינגעפאלן, האבן זיי זיך אונטערגעווארפן דעם גורל און אונטערגעשטורכעט פון סרולן און ליפאן זענען זיי געגאנגען וווהין מ׳האט זיי געהייסן.

2

דער שאמעס וואס איז געקומען פון סאניק מיט דער חופה, האט דערקענט צווישן די טענצער, צוויי שקצים וואס האבן מיט א וואך צוריק אין שכנות׳דיקן דארף, באשיט

מיט הייסן פריסיק דאס פנים פון חתן-כלה בשעת מ׳האט זיי געפירט צו דער חופה, אוואציאנירט פון א כאפטע שקצים וועלכע האבן געיובלט צום „זיג״ פון די „העלדן״. איז שוין דארט די גאנצע שמחה פארשטערט געווארן. פארשטייט זיך אז ביי יידן לייגט מען נישט אפ קיין חופה, עס האט שוין אבער אויסגעזען ווי א „שווארצע חופה״ רחמנא ליצלן. און די נאכווייען, האט מען געשמועסט, וועלן דעם פארפאלק פארבלייבן אויפן גאנצן לעבן.

זענען זיי געקומען אהער, ווייזן נאך גרעסערע „גבורות״. זיי האבן אבער א ביטערן טעות געהאט. זיי האבן ניט אין אכט גענומען אז קאסטערוויץ איז ניט נאווישעליץ. ערשטנס איז נאווישעליץ א דארף מיט פאלאקן און קאַסטערוויץ א דארף מיט רוטענער און ביי זיי איז די מאס פון חוצפה געווען אסך א קלענערע און צווייטנס איז דער פריץ געווען א ייד און פאר א פריץ האט מען דרך ארץ.

דעם זאל אפגערייניקט פון טמאים, האט ער פאוואלינקע אויף זיך ווידער ארויפ-געצויגן דאס חתונה-קלייד. די מוזיקאנטן האבן ווייטער סטעמפעניואיש צעפירט זייערע סמיטשיקעס און די טענצער האבן מיט נאך מער ברען צעזאטן זייערע בלוטן.

3

דאס עכא פון די פעטש האט אפגעקלונגען אויך ביים חתן-טיש. איז מען א קאפעטשקע צערודערט געווארן. באלד אבער האט מען זיך ווידער גענומען פראווען די שמחה אזויווי גאט האט געבאטן. א נייגעריקער איז מרדכי אפיר געשפרונגען פון הינטערן טיש געוווער ווערן וואס עס טוט זיך דא. ער האט אבער אויך געוואלט וויסן וואס עס גייט פאר אינעם חדר מיוחד, ווו מ׳האט די שקצים ארייגעפירט און אט וואס ער האט דארט געזען: ליפא קניט אויפן בויך פון איינעם און סרול אויפן בויך פון צווייטן און באדקענען. צוקאפנס שטייען צוויי פאראבקעס און טשוויאכען מיט רימענעס איבער די פיסקעס בשעת דער בדיקה וועלכע איז געווען באגלייט פון באכעס און שטורכעס און קניפ, האט מען ביי יעדן פון די צוויי געפונען, לאנגע חלף-שארפע מעסערס און באקסערס.

נאך א צוגאב פון א געשמאקן „כיבוד״ האט מען די אויסווורפן געבונדן, זיי אפגע-פירט אין דארפישן ארעסט ווו זיי זענען גבליבן איבער נאכט און אינדערפרי האט מען זיי צוגעשטעלט, געבונדענערהייט, דער זשאנדארמעריע.

## צווייטע חתונה

1

די איז פארגעקומען אין פאשעווע, א דארף אין לינסקער באצירק. אויך צו דער חתונה האט דער יידישער פריץ געשטעלט אין רשות פונעם מחותן, דער פאטער פון דער כלה, דעם געשפאן און דאס „הויף״.

צווישן די אקייגנפארערס בין אויך איך געווען. דער וואגן איז געווען פול מיט יאטן „ווילע יונגען״ און שפיץ פון וועלעכע עס איז געווען מיין פעטער משה׳לה סטאנ-קאווער, א יידל וואס איז געווען דער סאמע אטראקטיווסטער פונקט פון יעדער שמחה בכלל און פון א חתונה בפרט, מיט זיינע חכמות, מיט זיין „תורה״ מיט זיין טאנצן און מיט זיין משמח-זיין פון אלע מינים. דער עיקר אבער האט ער פארהאלטן דעם אטעם פון אלע זייענדיקע, מיט זיין „קריגן זיך״ מיטן בדחן, פארשטייט זיך, אין גראמען. דער בדחן אויף יידיש און משה׳לה אויף פויליש.

זייענדיק אויף א וועג וואס פירט דורך א געדעכטן וואלד. דערהערן זיי א גלעקער געקלאנג, האבן זיי פארשטאנען אז דאס זענען די מחותנים. און ווידער דאס באקאנטע מיטל, אפצושטעלן דעם חתן — שטעלן דעם וואגן אין דער ברייט פונעם וועג. פונעם וואגן זענען ארא͏פגעשפרונגען בלויז צוויי, משה׳לה און סענדערביידע מיט סטאזש פון צענער יארן אין הלכות „אקייגנפארן״.

אבער דאסמאל האבן מיר געכאפט א זער ניט-געשמאקן פסק: די מחותנים פון חתן׳ס צד, זייענדיק פערד סוחרים, איסטריקער, איז פערד-און-וואגן געווען מיט זיי צוזאמענגעוואקסן ווי דער שארבן מיט דער טשערעפאכע. דער אבסטאקל וועלעכן די אקייגנפארער האבן זיי געשטעלט, איז געווען פאר זיי א קינדערשפיל. זיי האבן זיך אפילו אויף א רגע ניט אפגעשטעלט, נאר בליצשנעל ארייגעפארן אין די אונטערשטע רעדער פונעם וואגן, אים איבערגעקערט און גאלאפ ווייטער געפארן. געשטרויכלטע, האבן מיר געלאכט פון אונדזער שלימזלדיקער מערכה און גאט געדאנקט וואס עס איז קיינעם גאר ניט געשען. מילא, פארשמירט די חתונה-בגדים, צעבראכן די פלאש בראנפן — ניט קיין גרויס מאלער, אבער וואס טוט מען איצטער ? אנקומען אנעם חתן ! א חרפה, א בושה.

ווי תמיד איז אויך דאסמאל משה׳לה געווען דער, וואס האט ארויסגעגעבן דעם פסק: „זאלן זיי פארן אליין !״

אפפארנדיק א שטיק וועגס זענען די מחותנים שטיין געבליבן, טאקע מאלאדיעצעס אבער דאס דארף קענען זיי ניט, ווו די חתונה איז ווייסן זיי ניט — וועלן זיי דען ארומפארן איבערן פינצטערן דארף זוכן די חתונה ?

אמר משה, האט משה׳לה געזאגט: „מיר רירן זיך ניט פון ארט. איין פלעשל בראנפן איז נאך דא א גאנצס, דער מסדר קידושין איז אויך מיט אונדז, מיר וועלן טרינקען לחיים און זיי, אויב זיי זענען ווילעיונגען אויף איבערצודרייען א וואגן, וויל איך זען צו זיי וועלן פירן דעם חתן צו דער חופה אן אונדז. איי, די כלה וועט אביסל לענגער פאסטן, לאז זיך איר דאכטן, עס איז יום כפור״, און אלע האבן מסכים געווען.

מ׳אט געמאכט א לחיים, משה׳לה האט צעלאזט זיין הילעכיקן טענאר, איך האב אונטערגעהאלפן מיט מיין לירישן אלט, סענדער איז אריין מיט טיפן באריטאן און עס איז געווען שמחה וששון.

2

חתנ׳ס צד האבן זיך נישט גערעכט אויף אזא נקמה-אקט, זיי האבן געמיינט אז די אקייגנפארער וועלן זיי נאכפארן און דערנאך וועט מען זיך שוין פארגלייכן. די גאנצע גבורה׳שאפט האט זיי שוין באנג געטון.

— מיר וועלן צו זיי נישט גיין — זאגט משה — ביז זיי וועלן ניט קומען אונדז איבערבעטן.

און עס האט ניט לאנג געדויערט, קומען אן דער ברודער, און דער שוואגער פונעם חתן, בעטן צוצופארן איבערנעמען דעם חתן און פארן פארויס.

זאגט משה „מיר פארן נישט ביז אייער אנטרייבער וועט קומען און זיך אריינלייגן אין פאסע אזוי ווי מיר זענען געלייגן״.

מישט זיך אריין סענדער, אליין א איסטריקער נאר א פאשעווער איידעם, „אין זכות פון חתן-כלה, לאמער זיי מוחל זיין״ און טאקער ער גיסט פונדאסניי אן כוסה׳לעך, מ׳פארט צו ביז צו יענע וועגענער, דער חתן קומט ארויף אויפן אקייגנפארער-וואגן און ערשט דעמאלט הויבט זיך אן די אמתע שמחה.

און אזוי זינגענדיק און קלינגענדיק איז מען אריינגעפארן אין הויף. די קלעזמער זענען ארויס און אויפגעשפילט א הילעכיקן ברוך הבא.

## דריטע חתונה

דאס איז געווען אין 1918. דער קריג צווישן די גרויסמאכטן האט זיך שוין געהאט געענדיקט, אבער דער טייל גאליציע וועלעכער איז געווען באפעלקערט מיט פאלאקן איז פונדאסניי איינבארופן געווארן צו מיליטער מצד דעם אויפוואכנדיקן פוילן, צו קעמפן אין מזרח גאליציע אקייגן אוקראאינער. איך, וואס בין ערשט ניט לאנג געהאט צוריקגעקומען פון פראנט און האב זיך געוואונדערט אויפן נס ווי אזוי איך בין געקומען גאנץ — בין געווען פון דער פוילישער זייט. האב איך זיך אויסבאהאלטן אין יענע מקומות ווו עס האבן געלעבט רוטענער, ווייל דארט האט מען אויך די יידן נישט אסענטירט.

האט זיך געמאכט א חתונה אין ראפינקע. פישעלע בדחן איז נאך נישט געהאט צוריקגעקומען פון דער פלוכט און א חתונה אן א בדחן האט א פנים געהאט ווי פורים אן המנטאשן.

פאלט איין מענדלן (מנחם אלדובי ז״ל), היות איך געפין זיך אין א זייטיקן דארף, אין פאשעווע, און היות ער האט געהערט אז בשעת הדחק האב איך שוין ערגעצווו באזונגען א כלה, פאלט אים איין, אז מ׳זאל אינטערוועניִרן ביי מיין פעטער יוקעוו, אז קומענדיק אויף דער חתונה זאל ער אויך מיך מיטנעמען. איי די זשאנדארן — איז מענדל

מיט זיי אויסגעקאכט און ער וועט שוין זען, עס זאל מיר גאר ניט געשען. און איך בין געקומען אויף דער חתונה.

2

איך ווייס ביז היינט ניט ווער עס האט מיר די „טובה" געטון, א גוי זיכער ניט ווייל קיין שום גוי האט מיך דארטן ניט געקענט, איז ניט אנדערש ווי נאר א מסירה מצד א יידן.

ווי נאר מ׳גרייט זיך צום „באדעקנס", גייט אדורך א ציטער אינעם גאנצן הויז — אן אבלאווע. תחילה האט מען געמיינט, עס איז סתם א קאנטראל, אבער דערנאך האט זיך ארויסגעשטעלט אז מען איז געקומען ספעציעל וועגן מיר, ווייל תיכף ווי זיי האבן מיך דערטאפט, האט מען שוין ווייטער ניט געזוכט.

מענדל האט, וואס אמת, זיינס געטון — ער האט אפגעבעט דעם קאמאנדאנט אז ער זאל בכלל קיין פאטראל ניט שיקן, אבער קייגן א מסירה האט דער קאמאנדאנט בכבודו ובעצמו גאר ניט געקענט טון און אן שפיץ פון עטלעכע זשאנדארן איז ער גופא געקומען „זוכן". ווען ער האט זיך אנגעשטויסן אן מיר, האט ער מיר געטון א שעפטשע „באהאלט זיך", עס איז אבער שוין געווען צו שפעט ווייל דער זשאנדאר הינטער אים האט תיכף אויף מיר א לייג געטון די האנט. די גאנצע חתונה איז פארכמארעט געווארן. דאס האט אבער ניט לאנג אנגעהאלטן; מענדל האט געפועלט ביים קאמאנדאנט, מ׳זאל מיך פריילאזן ביז אינדערפרי אויף זיין גאראנציע.

פאר פרייד וואס איך בין דערוויל ניצול געווארן, האב איך באזונגען ניט בלויז די כלה, נאר אויך יעדן מחותן עסקטרע; און דעם גאנצן עולם אזוי משמח געווען, ווי גלייך עס וואלט אויף מיר געווארט א שפאציר ערגעץ אין א שלאראפנלאנד, ניט אין א פאר־נעפלטן טונקלען און אפשר אייביק פינצטערן מארגן...

ווי געוואלטיק עס איז דער כוח פון יונגקייט!

## חלק ב׳

# יד לנספי השואה

### צום אנדענק פון די פארטיליקטע
### אין דער צייט פון אומקום

# הערות

על תקופת הכבוש הגרמני הראשון, בערך 3—2 שבועות, עד כניסת הרוסים, הידיעות הן קלושות. ידוע לנו רק שהם התנהגו בצורה גסה מאד והשתדלו להשפיל את היהודי ולדכאו. מספרים שלקחו את שרולע (ישראל) סגל, מן העיר לינסק, בנו של גרשון סגל, העמידוהו על שולחן באמצע הרחוב והכריחוהו ע״י מכות, לרקוד. תפסו יהודים, ודוקא בשבת והכריחו אותם לרחוץ את מכוניותיהם ע״י הבאר הפתוחה בשוק, אם כי המכוניות היו נקיות. ביום כניסתם אספו את הכפריים האוקראאינים העירה, פרצו אי אלה חנויות יהודיות ועודדו את הכפריים לשדוד מכל הבא ליד. באותו יום תפסו 4 יהודים ואת הרוקח הנוצרי, בתור בני ערובה, הושיבו אותם תחת משמר על הספסל ע״י בית המרקחת והתרו בהם, אם במקרה יארע איזו שהיא תקלה לצבא, יירו. בני ערובה אלה ישבו בלי אוכל ובלי שתייה 36 שעות ורק אחר כך שחררו אותם.

בלוקוויצה תפסו שנים ממשפחת פרנק, אב ובנו, קשרו אותם בחבלים לג׳יפ, עברו אתם דרך רחובות העירה והביאו אותם לאיסטריק. שם ירו בהם אחרי ענויים.

מתקופת השואה גופא בעירה הידיעות הן מעטות. בשנת 1962 בקר בארץ ד״ר וואלאך מסנוק, שחי בתקופת השואה בלינסק וניצל שם. הוא אז מסר לנו, למנחם אלדובי ז״ל ולי, אי אלה פרטים על „האקציות״ בעירה, מהתקופה לפני שהתחבא והם: עוד לפני שגרשו את כל היהודים לזאסלאוו, תפסו 1000 יהודים, אנשים, נשים וטף, ביניהם זלמן גינצבערג, אשתו וילדתם הי״ד והעבירו אותם ישר לבעלזיץ. ועוד ספר: תפסו בערך 70 יהודים, ביניהם גם נשים, הלבישו אשה אחת טלית ותפילין, צוו עליה לרקוד וירו בכולם. אחרי האקציה הזאת דרשו ממנו, בתור רופא, ומרב העיר לאשר בכתב, שהאנשים האלה מתו כולם מיתה טבעית.

מהתחלת הגרוש, מהמתרחש במחנה זאסלאוו, מקום שמה גרשו את כל יהודי הסביבה, מהמתרחש בבליגרוד בתקופת הכבוש הנאצי י״ש ובכפרי הסביבה, ישנו בספר הרבה חומר מצד בורחי זאסלאוו ומניצולי העירות מהסביבה. כמו כן מתקופת הכבוש הראשון באיסטריק, מה שמסר מר צפניק. על החוזרים שלנו לניצולי לינסק גופא, שנצלו בלינסק ובסביבה, למסור לנו פרטים מהתקופה הנ״ל לא קבלנו לדאבוננו כל תגובה.

לבסוף הערה: כל המאמרים בספר מופיעים על אחריות הכותבים ובאותה השפה שבה נכתבו, מי שכתב עברית ומי שכתב יידיש. המאמרים והרשימות מתקופת השואה, מופיעים בשתי השפות, עברית ויידיש. מה שנכתב עברית תורגם ליידיש ומה ביידיש — לעברית, היות ואנו סבורים שרצוי מאד שכל אחד יקרא את החומר הזה, בשפה המובנת לו. אלו בארץ שיודעים עברית וביחוד בנינו ונכדינו, שלא יודעים יידיש, יקראו את כל המאמרים בעברית ואילו אנשי עירותינו בחו״ל, שלא יודעים עברית, יוכלו לקרוא ביידיש. התרגומים הם תרגומים חפשיים, לא תרגום מלה במלה.

**בשם המערכת**

## מר לוי איריס ואשתו לאה מהכפר סיקיואטע מספרים

ביום, בו יצאה הגזרה, שעל כל יהודי באליגרוד לעזוב את העירה ולצאת לזאסלאווע, החלטתי לברוח עם כל משפחתי ליערות סיקיוואטע. היציאה לזאסלאווע היתה צריכה לצאת לפועל בשבת. ביום ששי בהשכמה שלחתי את אמי עם שני ילדי ליער ע"י בית הקברות, וכדי שלא ירגישו בהם, שמתכוננים הם לברוח, עליהם היה כאילו ללקוט גרגרי שדה והסכמנו בינינו, שהיא עם הילדים תחכה לנו, לי ולאשתי, בשולי היער עד הערב, עד שנבוא. כשהחשיך שלחתי את אשתי ומאוחר יותר, יצאתי אני לדרך, בקחתי אתי ילקוט גב עם מעט הלבשה והתחמקתי היערה. מצאתי שם את אשתי, אבל אמי והילדים לא היו במקום. אחרי שחפשנו אותם כל יום המחרת ביער, החלטנו לגשת לסיקיוואטע, אולי הם נמצאים שם אצל גוי. אחרי הליכה ביער כל היום, הגענו לפנות ערב לכפר. נגשתי לקצה היער קרוב לגוי, שאצלו קויתי למצוא את אמא והילדים, והנה ראיתי לא רחוק מדורה קטנה ביער. התקרבתי בלאט למקום והכרתי את אמי וילדי. מצאתי שם גם את משה איזן ומשפחתו, את מנדל דים, אשתו, שלושת ילדיו ואת אביו שמעון, ואת ליביש וחוה דים, כולם מקלניץ וגדולה היתה השמחה. בשבועיים הראשונים חיינו רק ממים ותפוד אחד ליום, כולנו היינו נפוחי בטן. אחרי השבועיים האלה, היינו מביאים בלילה מעט תפודים מהשדות.

פעם בלילה יצאנו, אני והרמן איזן להביא תפודים מהשדות ובחזרנו שמענו מרחוק ירית רובה. נעמדנו, היריה לא מצאה חן בעיני. הרמן אמנם חשב שזו יריה של שומר היערות, אבל אני לא הייתי שקט. הורדתי את ילקוט הגב והתקרבתי לאט לאט, בחושך, בין העצים למקום שהשארנו שם את משפחותינו. כשהתקרבתי יותר ראיתי גויים עם מקלות, משטרה אוקראינית וגסטפו. הבינותי שהם ערכו חפוש ביער ומצאו את משפחותינו. התחמקתי משם, חזרתי לאיזן ומיד התרחקנו מהמקום. למחרת בלילה נגשתי בלאט למקום החפוש ולא מצאתי שם כל נפש חיה. מצאתי את משה איזן ובנו ליב הרוגים מיריות, ערומים, רק בלבנים. שני ימים הסתובבנו יחידים ביער מבלי שאדע מה קרה עם בני משפחתי. במוצאי שבת התקרבתי לבית גוי במעלה ההר המוביל להיצוויץ. דפקתי בלאט בחלון והגוי פתח לי, הכניס אותי פנימה וסגר את הדלת אחריו. על שאלתי, אם לא ידוע לו גורל האנשים שנתפסו ביער, ענה לי ברוגזה — לקחו אותם משם ויותר אני לא יודע. הוא נעמד ע"י הדלת והוסיף — אני לא אתן לך לצאת מפה. בקשתי מאשתו מעט מים, כי השפתים בערו לי מיובש, כי זה שלושה ימים לא באו לפי לא אוכל ולא מים. הגויה רחמה עלי והגישה לי מעט מים. התחננתי בפני הגוי שיתן לי לצאת והוא באחת — אתה לא תצא מפה, מחר אמסור אותך למשטרה. לא רציתי לנסות לצאת בכוח, כדי לא ליצור בהלה בכפר, אבל כל תחנוני היו לשוא. הייתי מוכן כבר לשפוך עליו את כל זעמי שהצטבר בלבי בשלושת הימים האלה, אבל אשתו נגשה אליו, דחפתו מהדלת ואמרה לו, — מה זה עסקך? היא פתחה את הדלת ויצאתי. התקרבתי בלאט לבית גוי, שעבד פעם אצלי וחכיתי מאחורי הבית, אולי יצא מישהו מהבית. אחרי זמן קצר יצא

אחד משני האחים עם פנס בדרכו לרפת. קראתי בשמו והוא הכירני לפי קולי ורמז לי בידו לגשת למתבן. בעוד רגע הוא בא ואמר לי שהוא מפחד מאביו החורג, לקחת אותי לביתו, כי הוא עלול להלשין. הוא ספר לי שכל היהודים שנתפסו ביער, נלקחו לזאסלאווע והוסיף, שעד כמה שידוע לו, הם עוד כולם חיים שם. הוא ספר לי גם שאיש הגסטפו הכה את אשתי בזמן מאסרה, החזיק את אקדחו מול לבה ודרש ממנה שתגיד לו איפה בעלה מתחבא, אבל — הוסיף הגוי — היא לא אמרה דבר. החלטתי ללכת לזאסלאווע למשפחתי. האחים ציידו אותי עם קצת מזון ונתנו לי גם 20 מרק. חזרתי ליער, למקום בו השארתי את מנדל וחוה דים ואת הרמן איזן והלכנו ביערות לכוון זאסלאווע. למחרת הגענו לשער המחנה והקפו דוד פעלד אסר אותנו. אחרי כמה שעות בא הארכי־רוצח, פוק, ימח שמו וזכרו מדד אותנו בעיניו הסדיסטיות ואמר: לעבודה! כל אחד עבד. אותי שלחו לנפחיה. פגשתי שם את אמי, אשתי וילדי.

כל שבועים סדרו הנאצים י״ש „אקציה". (ככה נקראה במחנה ההמתה בהמון) העמידו את כל אנשי המחנה בשורה ואחרי הסלקציה חולקו לשתי שורות, אלה שנשלחו לצד ימין — נשארו עוד לעבוד, ואלה שלצד שמאל, בערך 300 כל קבוצה, — הובלו ע״י הגסטפו, בעזרת שוטרים אוקראינים, לחורשה הקרובה ונורו שם.

כשבוע אחרי בואנו לזאסלאווע, נערכה „אקציה" כזאת ובין 800 ההרוגים היו גם אמי ושני ילדי הי״ד. אותי ואת אשתי שלחו לצד ימין, היא עבדה במתפרה. את ה־800 מצד שמאל הקיפו אנשי גסטפו ומשטרה אוקראינית, הובלו ליער, הועמדו ליד תעלות ארוכות שהוכנו מראש ונורו במכונות יריה מאחור. אחרי אלה שנסו לברוח ירו בראשם בכדורי דום דום שפצצו את גולגולותיהם והמח נשפך החוצה. אחרי האקציה שלחו את אלה, שנשארו לעת עתה בחיים, למקום ההריגה, לזרוק את ההרוגים לבורות ולכסות אותם. עליהם היה גם ללקט את שברי הגולגלות של אלה שנסו לברוח. בין אלה שקברתי אחרי האקציה הזאת, היו גם שני ילדי היקרים והאהובים. בזמן שעסקנו בקבורה, התרוממה פתאום אשה אחת, טייך מלינסק ונשארה יושבת. ראה את זה מרחוק הכלב הנאצי פוק י״ש, התרחק קצת מהמקום, עלה על גבעה ונסה את כוחו בקליעה למטרה, ירה בה ישר לראשה והיא נפלה ישר לתוך הקבר. מצאנו גם את ליביש דים מקלניץ בעודו מפרפר ולא ידענו מה לעשות בו. לא רצינו להודיע על זה לגסטפו ובאין ברירה, כסינו אותו ככה. פתאום ראינו ראש בחורה מתרומם מתחת לערימת בגדים, היא היתה רק בכותנתה. הוצאנו אותה מתחת לערימה והחזקנו אותה על ידינו. כשכסינו את הבורות, עלה דם ההרוגים למעלה והאדמה צפה על פני הדם.

כל שבועים סדרו הנאצים י״ש אקציה כזאת ולאט לאט התרוקן המחנה. התחילו להביא להשמדה, קבוצות יהודים שעבדו מחוץ למחנה, בבליגרוד, בצ׳יסנה ובטרפצ׳ה ע״י סנוק. הבינותי שבאקציה הבאה בטח יחסלו כבר את כל הנשים שנשארו עוד במחנה ואת אשתי בתוכן. חשבתי שאותי ישאירו עוד, כי עבדתי עבודה אחראית. לילה לפני האקציה לא ישנתי כבר וטכסתי עצה איך להציל את אשתי הפעם. באמצע הלילה קמתי, לקחתי אתי את מפתחות הנפחיה, שהיו תמיד אתי, נכנסתי לבלוק הנשים, למקום לינת

אשתי והערתי אותה. צויתי לה לקום וללכת אתי. היא היתה עיפה מאד, מעבודה ומרעב, והיתה עוד תחת ההלם שקבלה, בעת שהתלינים הנאצים י״ש, לקחו ממנה בכוח את שני ילדיה היקרים והובילו אותם להריגה. היא נמצאה כבר במצב אפטי כזה שלא היה אכפת לה שום דבר ולא רצתה לקום ולצאת אתי. הוצאתי אותה בכוח מהמיטה והלכנו לנפחיה, למקום עבודתי. שם היתה כעין מנהרה, דרכה הוציאו את העשן מהמפוח. פתחתי את המנהרה, נקיתי אותה מחתיחות ברזל שנצטברו שם, דחפתי את אשתי בכוח לתוכה וסגרתי אותה מבפנים. אויר היה לה מהצד השני של המנהרה, מבחוץ. סגרתי חזרה את הנפחיה וחזרתי לבלוק שלי.

בבוקר הביאו קבוצת יהודים שעבדו בטרפצ׳ה והתחילו לאסוף את אנשי המחנה ביחוד את כל הנשים מהבלוק, שאשתי היתה גרה שם, בדיוק כמו שחשדתי. הרבה נשים נסו לברוח ונורו מאחור ע״י הגסטפו בכדורי דום דום וכל הבורחות נפלו ברחובות המחנה עם גולגלות מנופצות. את הנשארים הובילו ליער והאקציה הזאת עברה כמו כל האקציות.

אחרי האקציה הזאת החלטנו לברוח בלילה מהמחנה, כי נוכחנו שאלה הם הימים האחרונים לחיינו, אם נשאר פה. בין הבורחים היו: אברהם פרנק מסרדנע, מנדל וחוה דים מקלניץ וישראל רנד מחיצנע עם בת אחותו מסרדנע. הכינותי בנפחיה מספרים לחתוך את חוטי הגדר של המחנה. בלילה התאספנו כולנו, הוצאתי את אשתי מהמנהרה, נגשנו למקום שלא היו שם שומרים, חתכתי במספרים את החוטים ויצאנו מהמחנה. הלכנו דרך היערות עד שהגענו ליערות קלניץ ושם נפרדנו. כל אחד נגש לכפרו בתקוה למצוא מקום-מחבוא אצל גוי מכר, איפה שכל אחד השאיר את חפציו, לפני עזבו את הכפר.

אני ואשתי נגשנו בלילה לביתם של שני האחים שעבדו פעם אצלי, שהזכרתים לעיל. פגשתי אחד מהם ע״י הבית ותארתי לפניו את מצבנו כעת. הוא אמר לי שהוא מפחד להחביא אותנו בביתם, כי אביו החורג עלול להלשין עלינו ואז יבוא הקץ לחיינו אנו וגם לחייו הוא. הסברתי לו שאין בכוונתנו להיות אצלם, אנו נשאר ביער, רק בקשתנו היא, שהוא יעזור לנו בהשגת האוכל. הוא הסכים להצעתנו והחביא אותנו לעת עתה במתבן מתחת לקש. למחרת בלילה יצאנו היערה ובעזרת שני האחים מצאנו מקום נסתר ביער, בין הרים ואבנים ואחרי הרבה יגיעות וזעה, הצלחנו לחפור בונקר בין האבנים ונדחסנו לשם. למזלנו ירד גשם למחרת ומחק ושטף את עקבות החפירה. התנאים בבונקר היו איומים; הוא היה קטן ואי אפשר היה להסתובב מצד לצד. אסור היה לנו להראות בחוץ במשך כל היום וגם לא לדבר מבפנים, כי מי שהוא עלול היה לשמוע אותנו.

אחרי כמה ימים נודע לנו, סופו המר של מנדל דים מקלניץ. כשנפרדנו ביער אחרי הבריחה, פנה הוא לכפרו, בתקווה למצוא שם מקום מחבוא, אבל הגוי המכר לא רצה להחביא אותו. באין ברירה החליט הוא לחזור לזאסלאווע. הגוי יעץ לו, היות ובנו של ליביש דים מקלניץ עוד עובד אצל הגיסטפו בתור עגלון והוא נמצא כעת בכפר השכן — לחכות לו ע״י הכפר ויוכל אתו לחזור למחנה. הוא נעמד בחורשה ע״י הכביש וכששמע

עגלה מתקרבת, יצא לכביש ורמז בידו לעצור, כי הוא היה בטוח שזאת היא העגלה שהוא מחכה לה. לאסונו היתה זאת עגלת-חורף של הגיסטפו והם מיד אסרו אותו וקשרו אותו לעגלת-החורף מאחור, האיצו בסוסים לרוץ והוא נגרר על הכביש. הביאו אותו לאיזה בית בכפר וחקרו אותו למקום מחבואו ולמחבוא של עוד יהודים. הם ענו אותו בעינויים איומים, שרפו את בשרו בברזל לוהט והכניסו מחטים מתחת לצפרניו. זעקותיו האנושיות החרידו את כל הכפר ורק לפנות בוקר ירו בו.

חדשים על חדשים המשכנו לשבת בבונקר. בחורף בכלל אי אפשר היה לצאת ממנו, לא התרחצנו כל הזמן ותולעים וכינים רחשו על גופינו ואכלו אותנו.

ביולי—אוגוסט 1944 התקרבה אמנם החזית לסביבה שלנו ואנו קוינו, כי הנה בא הקץ לצרותינו, אבל מצבנו הורע דווקא בתקופה ההיא. התחילו להסתובב ביער חבורות „בנדרובצים". פעם בלילה יצאתי מהבונקר ובשכיבה זחלתי לעבר גבעה, לראות מה מתהווה שם. פתאום מצאתי את עצמי מול „בנדרוביץ" שעמד על המשמר. הוא הביט עלי, אבל כנראה שהוא נבהל מהפגישה הזאת ופחד להתקרב אלי. בין רגע זזתי לעבר השני של הגבעה וברחתי לכוון הפוך, כדי שלא ידע את מקום הבונקר. רק אחר כך חזרתי לאט לאט לבונקר.

החזית התקרבה. הרוסים עמדו כבר ע"י סנוק. ביער הסתובבו אוקראינים ופרטיזנים. אסור היה לצאת מהבונקר. גם לגוי, שהביא לנו אוכל מזמן לזמן, היתה הגישה אלינו בחזקת סכנה. החלטתי לצאת מהבונקר ולעבור דרך החזית לצד הרוסים, אבל הגוי, אחרי שספרתי לו מה שאני חושב לעשות, לא נתן לי בשום אופן ללכת. אתם התחמקתם מהם כל הזמן, — אמר — אתם רוצים כעת, לקראת סופם הבטוח, ליפול לידיהם? חכיתם שנתים, תחכו עוד כמה ימים. אתם רוצים לרוץ ישר לאש? — המשיך — לפי דעתי, יגמר כל הענין בעוד כמה ימים, כי הרוסים עומדים כבר ע"י לינסק.

למחרת בערב שמענו כבר יריות מקרוב ובאמצע הלילה התחילו תותחים ומקלעים לירוק אש והכדורים נפלו קרוב לבונקר שלנו. ע"י הבונקר שכב חיל גרמני וירה, כדור פגע בו לפתע והוא התדרדר על הבונקר. לפנות בוקר נפסקו היריות.

בבוקר בא הגוי לרוץ בשמחה וצעק מרחוק, „אתם כבר חפשים". הוא ספר שהגרמנים ברחו והרוסים נמצאים כבר בכפר.

יצאנו מהבונקר והבטנו אחד אל השני. ברגע הראשון לא יכולנו להאמין לנו אם אמנם אנו כבר חפשים!

אלה הם המאורעות והיסורים שעברו על לוי איריס ואשתו לאה מסיקיוואטשע, בסביבת בליגרוד, בתקופת הכבוש הנאצי ימח שמם וזכרם בשנים 44—1942.

רשם דוד קסלר מבליגרוד ותרגם מיידיש שמעון פרידלנדר.

# די טראגישע איבערלעבונג פון ה׳ לוי איריס און זיין פרוי לאה אין זאסלאווע און אין די סיקיוואטע וועלדער.
# נעבן באליגראד.

דעם פרייטיג ווען ס׳איז ארויס די גזרה, אז שבת וועט מען אלע יידן אוועקפירן קיין זאסלאווע, האב איך באשלאסן, מיט דער גאנצער פאמיליע צו אנטלויפן אין די סיקיוואטע וועלדער אריין. באלד אין דער פרי האב איך געשיקט מיין מאמען מיט מיינע צוויי קליינע קינדערלעך ארויף צום וואלד, מכלומ׳פערשט צו קלויבן יאגדעס ביים הייליקן ארט, כדי מען זאל נישט באמערקן אז מען אנטלויפט און געהייסן איר ווארטן ביים עק וואלד ביז פארנאכט, ביז מיר וועלן נאכקומען. ווען עס האט אנגעהויבן נאכט צו ווערן, איז אוועק מיין פרוי לאה. ווען ס׳איז גוט פינצטער געווארן, האב איך גענומען מיין רוקזאק מיט אביסל קליידונג און איבער-געשווערצט זיך אין וואלד אריין. דארט האב איך געפונען מיין ווייב, אבער די מאמע מיט די קינדער האבן מיר נישט געטראפן. נאכן ארומזוכן זיי דעם גאנצן טאג אין וואלד, האבן מיר דעם צווייטן טאג באשלאסן צו גיין קיין סיקיוואטע, אפשר זענען זיי אין דארף ביי א גוי. גייענדיק מיט די וועלדער, זענען מיר פארנאכט צוגעקומען ביזן דארף. איך בין צוגעקומען צו דער זייט וואלד וואס איז געווען נאענט צו דעם גוי, ווו איך האב געקלערט צו געפינען מיין מוטער מיט די קינדערלעך. ווען איך בין נענטער צוגעקומען האב איך באמערקט א פייערל אין וואלד. איך האב זיך לאנגזאם צוגערוקט צום פייער און באמערקט דארט מיין מאמען מיט די קינדערלעך, משה אייזן מיט זיין משפחה, מענדל דים מיט זיין ווייב און 3 קינדערלעך און זיין פאטער שמעון פון קאלניץ, ווי אויך לייביש און חוה דים. מיר האבן זיך אלע זייער געפרייט.

די ערשטע 2 וואכן האבן מיר געלעבט בלויז מיט וואסער און איינציקע קארטאפל מיר זענען געשוואלן געווארן פון הונגער. נאך די 2 וואכן האבן מיר ביי נאכט, געבערענגט צו ביסלעך קארטאפל פון פעלד.

איינמאל בין איך מיט הערמאן אייזן אוועק ברענגען קארטאפל פון די פעלדער און צוריק גייענדיק האבן מיר געהערט א געווער-שאס. הערמאן האט געגלייבט, אז דאס האט דער וואלד-וועכטער געשאסן, אבער מיך האט דער שאס אומרואיק געמאכט, ער איז מיר נישט געפעלן. איך האב פון זיך תיכף אראפגעווארפן דעם רוקזאק און לאנגזאם, צווישן די ביימער אין דער פינצטער, זיך צוגעשארט צו דעם פלאץ, ווו איך האב מיין פאמיליע איבערגעלאזט. ביים דערנענטערן זיך האב איך באמערקט, אז עס שטייען דארט גויים מיט שטעקנס און אויך דייטשע און אוקראינישע פאליציי, און איך האב אויך געהערט אונדזער חברה צווישן די גויים. איך האב תיכף פארשטאנען, אז מ׳האט אין וואלד געמאכט א אבלאווע און זיי אלע געכאפט. מיר האבן זיך באלד אפגעטראגן פונעם פלאץ. דעם צווייטן טאג ביינאכט האב איך זיך צוגעשווערצט צו דעם פלאץ, ווו די גאנצע גרופע

איז געזעסן און ליידער קיין לעבעדיקן נפש דארט נישט געטראפן. איך האב געפונען משה אייזן מיט זיין זון לייב ליגן טויט, דערשאסן, נאקעט אויסגעטון, בלויז אין די אונטערוועש. צוויי טעג האבן מיר זיך אליין ארומגעדרייט אין די וועלדער, נישט וויסנדיק ווו מיין משפחה איז אהין געקומען. מוצאי שבת בין איך צוגעקומען צו א גויישער שטוב, אויפן בארג ביים וואלד וואס גייט קיין היצוויץ. כ׳האב שטיל אנגעקלאפט אין פענצטער, דער גוי האט מיר געעפנט און איך בין אריין. אזויווי איך בין נאר אריין, האט דער גוי פארמאכט די טיר. אויף מיין פראגע, אויב ער ווייסט נישט עפעס, וואס ס׳איז געשען מיט די יידן וואס מ׳האט געכאפט אין וואלד, האט ער מיר מיט א רוגזה געענפערט, מ׳האט זיי אוועקגעפירט מיט וועגענער, וואהין ווייסט ער נישט. ער האט זיך אנידערגעשטעלט ביי דער טיר און געזאגט צו מיר, „איך לאז דיך מער נישט ארויס, מארגן גיב איך דיך איבער דער פאליציי״. איך האב זיין ווייב געבעטן א ביסל וואסער די ליפן צו באנעצן, זיי האבן מיר זייער געברענט, ווייל שוין 3 טאג ווי איך האב נישט געגעסן און אפילו אביסל וואסער נישט געטרונקען. די גויה האט מיר דערלאנגט א ביסל וואסער און איך האב זיך ביים גוי געבעטן, ער זאל מיך ארויסלאזן, אבער ער האט נישט געוואלט. איך האב אים געבעטן מיט גוטן, ווייל איך האב נישט געוואלט עס זאל ווערן א רעש אין פאל ווען איך וועל זיך באנוצן מיט כוח, אבער ער האט זיך געהאלטן ביי זיינעם ; איך וועל דיך איבערגעבן צו דער פאליציי. איך בין שוין גרייט געווען מיין ביטער הארץ אויף אים אויסצולאזן און דא ערשט האט זיך די גויה אריינגעמישט און געפרעגט פארוואס ער לאזט מיך נישט ארויס. „וואס איז דאס דיין עסק״ ? האט זי געזאגט, זי איז צו צו דער טיר אים פון דארט אוועקגעשטופט און מיר געעפנט די טיר.

איך האב זיך צוגעשווערצט צו א גוי, וואס האט אמאל ביי מיר געארבעט. איך בין צוגעגאנגען צו זיין הויז און זיך געשטעלט אין דער זייט ווארטן, אפשר וועט עמיצער ארויס. איינער פון די 2 ברידער איז ארויס מיט א לאמפ, צו גיין אין שטאל אריין. איך האב אים שטיל א רוף געטון, ער האט מיך גלייך דערקענט און מיט דער האנט מיר געוויזן, איך זאל צוגיין צום סטויג שטרוי. ער איז מיר באלד נאכגעקומען, זיך מיט מיר געפרייט און מיר געזאגט, אז ער האט מורא מיך אריינצונעמען אין שטוב אריין, כדי זיין שטיף-פאטער זאל נישט וויסן פון דעם. ער האט מיר דערציילט אז מיין פאמיליע און די גאנצע גרופע, וואס מ׳האט געכאפט אין וואלד, געפינען זיך אין זאסלאווע און אז אלע לעבן. ער האט אויך דערציילט, אז ווען מ׳האט זיי געכאפט האט דער געסטאפו-מאן געשלאגן מיין ווייב, איר דעם רעוואלווער צוגעשטעלט צום הארץ און זי געפארשט, ווו איר מאן געפינט זיך. איך האב דאן באשלאסן אויך צו גיין קיין זאסלאווע. דער גוי מיט זיין ברודער האבן מיר צוגעגרייט א פעקל מיט עסנווארג און מיר געגעבן 20 מארק. איך בין צוריק אין וואלד, ווו איך האב איבערגעלאזט הערמאן אייזן, מענדל, לייביש און חוה דים און מיר זענען אוועק מיט די וועלדער קיין זאסלאווע. דעם צווייטן טאג זענען מיר אנגעקומען קיין זאסלאווע און גלייך צו צום טויער. דארט האט אונדז דער קאפו דוד פעלד איבערגענומען און גלייך ארעסטירט. א פאר שעה שפעטער איז געקומען

דער געסטאפּו הויפּט רוצח, פוק י״ש, אונדז אפּגעמאסטן מיט זיינע סאַדיסטישע אויגן און געזאָגט : „צו דער אַרבעט!״.

יעדער איז געוואָרן צוגעטיילט צו אַ אַרבעט. מיך האָט מען צוגעטיילט אין אַ קוזשניע. איך האָב זיך דאָרט געטראָפן מיט מיין גאַנצער משפחה.

אין זאַסלאַוועו איז יעדע 2 וואָכן פאָרגעקומען אַ „אַקציע״. מ׳פלעגט אַרויסרופן אַלע יידן און זיי אויסשטעלן אין 2 רייען. די, וועלכע מ׳האָט געהייסן גיין אין דער רעכטער זייט, זענען איבערגעבליבן צו דער אַרבעט און די אין דער לינקער זייט, צו 3 הונדערט, האָט מען אַוועקגעפירט צום וועלדל און אויסגעשאָסן.

באַלד די ערשטע וואָך ווען מיר זענען געקומען, איז געווען אַ אַקציע און צווישן די 8 הונדערט געשאָסענע זענען אויך געווען מיין מאַמע און מיינע 2 קינדערלעך הי״ד. מיך און מיין ווייב, האָט מען דערווייל אַוועקגעשטעלט אין דער רעכטער זייט, מיין ווייב האָט געאַרבעט אין דער שניידעריי. די 800 האָט מען אַרומגערינגלט מיט אוקראַאינישע פּאָליצײַ און מיט געסטאַפּאָ און אַרויסגעפירט צום וואַלד, ווו עס זענען שוין געווען צוגעגרייט מאַסן-גרעבער. עס זענען געווען וועלכע האָבן געפּרוּווט צו אַנטלויפן, האָט מען נאָכגעשאָסן מיט דום דום קוילן, וואָס פלעגן צערייסן דעם קאָפּ אויף שטיקלעך. מ׳האָט אַלע אויסגעשטעלט ביי די צוגעגרייטע גרעבער און געשאָסן אויף זיי מיט מאַשינגעווער. שפּעטער האָט מען אונדז, די איבערגעבליבענע, גענומען אויף דעם פּלאַץ און מיר האָבן געמוזט אַריינוואַרפן די געשאָסענע, אין די גריבער אַריין, און זיי פאַרשיטן מיט ערד. מיר האָבן אויך געמוזט צוזאַמענקלויבן די שטיקלעך שאַרבנס, וואָס האָבן זיך צעשפּרונגען, פון די מענטשן וואָס האָבן געפּרוּווט צו אַנטלויפן און זייערע קעפּ זענען צעשפּרונגען געוואָרן פון די דום דום קוילן. צווישן די וואָס איך האָב באַגראָבן זענען אויך געווען מיינע צוויי טייערע קינדערלעך (ביידע יינגלעך). ביים פאַרשיטן די גרעבער האָט איין פרוי, די טייך פון לינסק זיך אויפגעזעצט ביי דער פּאַסע און געבליבן זיצן. דער געסטאַפּאָ הונט ימח שמו, פוק, האָט דאָס גלייך דערזען, ער האָט זיך אַביסל דערווייטערט, אַרויף אויף אַ בערגל, כדי צו פּרוּוון צי ער קען גוט צילן און איר גלייך געטראָפן אין קאָפּ, זי איז גלייך אַריינגעפאַלן אין גרוב. מיר האָבן אויך געטראָפן לייביש דים פון קאַלניץ, ער האָט זיך נאָך געוואָרפן. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טון, מיר האָבן נישט געוואָלט מעלדן דער געסטאַפּאָ און מיר האָבן קיין ברירה נישט געהאַט און געמוזט אים אַזוי צודעקן. מיר האָבן פלוצים באַמערקט, ווי פון אונטער אַ באַרג קליידונג און אַנדערע פאַרשידענע זאַכן, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ קעפּל פון אַ מיידל, וואָס האָט זיך אַרויסגעשטופּט פון אונטער דעם שטויס קליידער, זי איז געווען בלויז אין אַ העמדל. מיר האָבן זי אַרויסגעצויגן און זי געהאַלטן נעבן אונדז פאַרדעקנדיק די גריבער, איז דאָס בלוט אַרויס פון אויבן און די פאַרשיטע ערד, האָט זיך געוויגט אין בלוט.

אַ יעדער צוויי וואָכן זענען פאָרגעקומען דיזעלבע אַקציעס און דער לאַגער האָט זיך צוביסלעך אויסגעלערט. מ׳האָט שוין אָנגעהויבן צוזאַמענברענגען פון די „פּלאַצאָוו-

קעס", דאס הייסט, די יידן וואס האבן געארבעט אויסער דעם לאגער, אין דער געגנט פון באליגראד, טשיסנע און אין דער געגנט פון טרעפטשע ביי סאניק. איך בין אבער זיכער געווען, אז אין דער נאענטסטער אקציע וועט מען אלע פרויען פארנעמען, צווישן זיי אויך מיין ווייב. די נאכט פאר דער אקציע בין איך שוין נישט געשלאפן און געקלערט וואס צו טון. אין דער האלבער נאכט בין איך אויפגעשטאנען, גענומען די שליסל פון דער קוזשנע, וואס איך האב ביי מיר אלעמאל געהאט, אריין אין בלאק, וווּ מיין ווייב האט געשלאפן, זי אויפגעוועקט, געהייסן זיך אנטון און גיין מיט מיר. זי איז געווען מיד פון דער ארבעט, פון הונגער און דאס הארץ איז ביי איר געווען פארשניטן, נאכדעם ווי די תלינים-סאדיסטן האבן איר פון דער האנט די 2 טייערע קינדערלעך ארויסגעריסן און זיי אזוי ברוטאל דערשאסן. זי איז שוין געווען גלייכגילטיק צום לעבן און נישט געוואלט גיין מיט מיר. איך האב זי אנגענומען ביי דער האנט און מיט כוח זי ארויסגעצויגן פון בעט און מיר זענען אוועק אין דער קוזשניע, ווו איך האב געארבעט. דארט איז געווען אזא מין טונעל, ווו מען האט ארויסגעצויגן דעם רויך פונעם בלאָזזאק. איך האב דעם טונעל געעפנט, אים אויסגערייניקט פון די שטיקער אייזן און זי דאן דארטאהין אריינגעשטופט. איך האב דעם טונעל פארדעקט פון אינעווייניק, לופט האט זי געהאט פון דרויסן, פון דער צווייטער זייט. איך האב צוריק פארשלאסן די קוזשניע און אוועק צוריק אין מיין בלאק. דעם צווייטן טאג אין דער פרי האט מען געברענגט די יידן וואס האבן געארבעט אין טרעפטשע, צווישן זיי איז אויך געווען ישראל שטיין, מ'האט צוזאמענגענומען אויך אלע פון לאגער, איבערהויפט אלע פרויען פונעם בלאק, ווו מיין ווייב איז געווען, אזויווי איך האב געקלערט אז עס וועט טאקע אזוי זיין. די פרויען האבן אנגעהויבן צו אנטלויפן. די געסטאפו, וואס זענען געשטאנען ביי די בלאקן האבן זיי נאכגעשאסן און אלע אנטלויפעריננס זענען געהרגעט געווארן און געפאלן אין די גאסן פונעם לאגער. אלע איבריקע, א חוץ די וועלכע האבן געארבעט ביי נויטווענדיקער ארבעט, האט מען ארויסגענומען אין וואלד און די אקציע איז אדורך ווי אלע אנדערע אקציעס. נאך דער אקציע האבן מיר, איך, אברהם פראנק פון סרעדנע, מענדל און חוה דים פון קאלניץ, ישראל ראנד פון חיצנע און זיין שוועסטערס מיידאלע פון סרעדנע, באשלאסן ביי נאכט צו אנטלויפן, ווייל מיר האבן געזען אז דאס זענען די לעצטע טעג פון אונדזער לעבן. איך האב צוגעגרייט א שער, וואס איך האב גענומען פון דער קוזשניע, כדי דורכצושערן די דראטן פונעם לאגער. ביי נאכט זענען מיר זיך צוזאמענגעקומען, איך האב ארויסגענומען מיין לאה'ן פונעם טונעל און מיר זענען צוגעקומען צו א פלאץ, ווו עס איז נישט געווען קיין וואך, איך האב אויפגעשניטן די דראטן און מיר זענען ארויס פונעם לאגער. מיט די וועלדער זענען מיר געגאנגען ביז צו די קאלניצער וועלדער און דארט זיך צעשיידט. א יעדער איז אוועק אין זיין דארף, מיט דער האפענונג, אז יעדער וועט זיך קענען דארט באהאלטן ביי א היימישן גוי, א שכן, ווו מ'האט ביי אים פיל זאכן איבערגעלאזט ביים פארלאזן די היים. איך און מיין ווייב זענען ביי נאכט אוועק צו די 2 ברידער, וועלכע האבן ביי מיר אמאל געארבעט. איך האב איינעם פון די

ברידער געטראפן אין דרויסן ביי דער שטוב, אים דערציילט פון אונדזער לאגע. ער האט מורא געהאט אונדז אין שטוב אריינצונעמען, ווייל זיין שטיפ-פאטער וועט אונדז אויסגעבן און דעמאלט איז אונדזער און זיין לאגע א פארפאלענע. איך האב אים געזאגט, אז מיר האבן נישט געקלערט ביי אים צו בלייבן, מיר וועלן זיין אין וואלד, נאר מיר ווילן אז ער זאל אונדז העלפן מיט עסן. ער האט מסכים געווען און ערשטנס האט ער אונדז באהאלטן אין שטאל אין שטרוי. די צווייטע נאכט בין איך מיט די צוויי ברידער אוועק אין וואלד, איך האב געפונען א פלאץ צווישן בערג און שטיינער און מיר האבן זיך גענומען גראבן א בונקער. מיט שווערער מי און פיל שווייס איז מיר ענדלעך געלונגען אויסצוגראבן א גרוב צווישן שטיינער. מיר האבן זיך ביינאכט דארט אריינגעשטופט. אויף אונדזער גליק איז באלד אויפן צווייטן טאג געווען א שטארקער רעגן, וואס האט אפגעווישט און אפגעשווענקט אלע שפורן פונעם גראבן. די באַדינגונגען זענען געווען שרעקלעך, עס איז געווען ענג, מ'האט זיך קוים געקענט איבערדרייען. א גאנצן טאג האבן מיר געמוזט זיצן שטיל און איבערהויפט נישט געטארט זיך ארויסווייזן.

מיט א פאר טאג שפעטער בין איך געוווירער געווארן, אז מענדל דים פון קאלניץ האט נישט ווו צו זיין, ווייל זיין גוי האט אים נישט געוואלט באהאלטן און ער האט באשלאסן צוריק צו גיין קיין זאסלאוו. דער גוי האט אים געזאגט, אז לייביש קאלניצערס זון ארבעט נאך אין זאסלאוו ביי דער געסטאפו אינעם צווייטן דארף, ער זאל אויף אים ווארטן ווען ער פארט צוריק, וועט ער מיט אים פארן קיין זאסלאַוו. ער האט זיך אוועקגעשטעלט אין וועלדל ביים וועג און געווארט אויף אים. ער האט געזען א וואגן זיך דערנענטערן און ער איז זיכער געווען אז דאס איז זיין וואגן איז ער ארויס פונעם וועלדל, זיך געשטעלט אויפן וועג און געוויזן מיט דער האנט אז מ'זאל שטיין בלייבן. דער וואגן אבער איז נישט געווען פון די קאלניצער נאר פון דער געסטאפו. זיי האבן אים געכאפט, צוגעבונדן צום שליטן און אנגעטריבן די פערד מיט דער גרעסטער שנעליקייט, נאכשלעפנדיק אים אויף דער ערד נאכן שליטן. זיי האבן אים צוגעפירט צו א הויז און אים געפארשט ווו עס איז דא נאך יידן און ווער עס באהאלט זיי. זיי האבן אים א גאנצע נאכט שרעקלעך געפייניקט, זיינע יעמערלעכע געשרייען האבן זיך געהערט איבערן גאנצן דארף. זיי האבן אים געבראטן מיט גליענדיקע אייזנס, געשטופט נאדלען אונטער די נעגל און ערשט אין דער פרי האבן זיי אים דערשאסן.

מיר זענען אזוי די גאנצע צייט געזעסן אינעם גרוב. ווינטער האט מען איבערהויפט נישט געקענט ארויסקומען פונעם גרוב, זיך נישט געוואשן, די ווערם און די לייז זענען אויף אונדז ארומגעקראכן און אונדז געפרעסן לעבעדיקערהייט. אין יולי אוגוסט 1944 האט זיך דער פראנט דערנענטערט צו אונדזער געגנט און מיר האבן געהאפט, אז עס דערנענטערט זיך שוין דער סוף צו אונדזערע צרות, אבער אונדזער לאגע איז נאך פיל ערגער געווארן. עס האבן זיך אנגעהויבן צו דרייען אין וואלד אוקראינישע באנדעראוועצעס. איך בין איינמאל ביינאכט ארויס פון בונקער און ליגנדיק, זיך אוועק-

גערוקט אויף א בערגל, צו זען וואס עס טוט זיך אין דרויסן. אין דעם האב איך דערזען א באנדעראוויעץ שטייט אויף דער וואך און קוקט אויף מיר. ער האט זיך, ווייזט אויס, דערשראקן פאר מיר און מורא געהאט זיך צו דערנענטערן צו מיר. איך האב זיך גלייך געגעבן א רוק אראפ פונעם בערגל, אין דער צווייטער זייט אריין און דאן אנטלאפן אין א אנדערע ריכטונג, כדי ער זאל נישט באמערקן ווו דער בונקער איז. ערשט נאכדעם האב איך זיך לאנגזאם צוריקגעקערט אין בונקער.

דער פראנט האט זיך דערנענטערט נאך מער. די סאוויעטן זענען שוין געשטאנען נעבן סאניק. אין די וועלדער האבן זיך געדרייט, באנדעראווצעס און פארטיזאנער, מ'האט נישט געקענט ארויסווייזן זיך פונעם בונקער. אונדזער גוי, וואס פלעגט אונדז עפעס ברענגען צו עסן, האט אויך געהאט גרויסע שוועריקייטן צוצוקומען צום בונקער. איך האב באשלאסן ארויס צו גיין פונעם בונקער און זיך דורכצושווערצן צו די סאוויעטן, אבער ווען דער גוי האט געהערט פון מיין באשלוס איז ער געוועזן שטארק דאגעגן און מיך געווארנט, דאס נישט צו טון. אויב איר האט שוין אויסגעווארט ביז איצט, האט ער געטענהט, זאלט איר האבן נאך א ביסל געדולד און ווייטערווארטן. וואס ווילט איר, האט ער זיך געהיצט, לויפן גלייך אין פייער אריין? נאך זיין מיינונג, וועט עס מער נישט דויערן ווי א פאר טאג, ווייל די סאוויעטן שטייען שוין ביי לינסק.

דעם צווייטן טאג ביינאכט, מוצאי שבת, האט מען שוין געהערט שיסן גאנץ נאענט און נאך דער האלבער נאכט, האבן מיר שוין געהערט, נעבן אונדז אין וואלד רעדן דייטש. עס האט זיך אנגעהויבן א שטארקע באמבארדירונג פון קאנאנען גאנץ נאענט צו אונדזער בונקער. נאענט ביים בונקער איז געלייגן א דייטשער זעלנער און געשאסן, עס האט אבער באלד אין אים ארייגעזעצט א קויל און ער האט זיך איבערגעדרייט אויפן בונקער. גאנץ פרי איז שטיל געווארן. אין דער פרי איז אונדזער גוי געקומען צו לויפן מיט א שמחה און געזאגט „איר זענט שוין פריי", די דייטשן זענען אוועק און די סאוויעטן זענען אין דארף.

מיר זענען ארויס פונעם בונקער און געקוקט איינער אויפן צווייטן, גלייך ווי מיר וואלטן זיך זעלבסט נישט געקענט גלויבן, צי איז דען מעגלעך, אז מיר זענען פריי.

אויפגעצייכנט דורך דוד קעסלער פון באליגראד.

**מנחם דרורי (ליבר)**
**בליגרוד**


תמונת המחבר


תמונת אחותו רייזל ליבער.

# הקדמה

אחים ואחיות היקרים! כעת עלינו החובה שמקומו של הספר „יזכור" לא יהיה רק בארון הספרים, אלא בזכרוננו ובלבנו ובזכרון ילדינו והדורות הבאים, למען ידעו מה שקרה לנו בדרך הארוכה הזאת, מהגלות עד שהגענו אל המנוחה ואל הנחלה. ולמען שידעו את התלאות, את הסבל, את הצרות ואת המחיר היקר ששלמנו אנו ואבותינו בדם ובנפש בכל תקופות הגולה ובימי השואה במיוחד, על „החטא" שלעולם לא הכחשנו את מוצאנו היהודי ובוקר וערב התפללנו, אבותינו ואנו לשיבת ציון. עלינו להשפיע על ילדינו והנוער שלנו שגם הם יקראו ספר יזכור זה וישננו אותו היטב למען יזכרו וידעו למסור את תכנו לדורות הבאים בכדי להנציח את זכרם של אבותינו מהגולה ואת זכרם של אלה אשר מסרו את נפשם על קדושת השם בימי השואה.

## ראיתי וחייתי

בחגים בשנת 1939 נכנסו הגרמנים לבליגראד. מובן שזה עורר בהלה בעירה, כי כבר היה ידוע לנו, מה שעוללו הרוצחים בהכנסם ללינסק ואיסטריק; שדדו, הכו ורצחו. אולם להפתעתנו באו הקצינים הראשונים, עברו ע"י בית הכנסת, פנו בברכת שלום ושאלו, אולי ידוע לנו אם נמצא איזה כוח צבאי פולני בסביבה. בהתחלה התנהגו באדיבות. כעבור כמה שבועות התחלף הצבא ובמקום הראשונים האדיבים, באו חוליגנים צעירים, סדיסטים נאציים ואז התחילו הצרות. הגיעו גם אנשי הגסטפו וארגנו מיליציה אוקראינית (שצובי־קים). יצאה פקודה שכל יהודי צריך לשים סרט לבן על יד ימינו. אנשי הגסטפו הסתובבו

בכל מקום, ברחובות ובסמטאות, גזזו זקנים ופאות בעינויים, מבלי להתחשב עם זקנים וקשישים. מפני כל חיל היה היהודי צריך להסיר את כובעו, מי שלא הסיר את הכובע, קבל מכות רצח ולפעמים גם כמה שעות מאסר. קבל מכות גם אם הסיר את כובעו ונוסף לכך גם השמצה כגון: יהודי מלוכלך! אני חבר שלך? לעתים קרובות ערכו גם בקורי בית והכו במקלות, באגרופים ובעטו במגפיהם באכזריות שאין לתאר, לפעמים עד לידי התעלפות, מבלי להבדיל בין נער וזקן ובין ילדה ואשה הרה.

בועד היהודי (יודנראט) היו: ד״ר הופמן, יאָוויטש, יצחק גליקסמן, קנבלברד. כל פעם שהועד היה צריך להתיצב לפני הגסטפו, כדי לקבל הוראות, היו מקבלים אותם במקלות ובמכות. פעם הופיעו השוציאביקים אצל ד״ר הופמן, עם פקודה מהגסטפו, שעליו תו״מ להופיע אצלם. הוא רצה להחליף את בגדיו ובקש מהם לחכות לו רגע, אבל השליחים לא רצו לחכות וסחבו אותו בכוח. הוא התנגד בחריפות להתנהגותם הגסה. הם הלשינו עליו בגסטפו, והרוצח הנאצי שלף את אקדוחו וירה בו במקום. הוא היה הקרבן הראשון שנהרג על קידוש השם.

לקחו לעבודת פרך ולא שלמו בכלל. מזון קבלו מנות קצובות שבועיות, אבל המנה הספיקה בקושי ליום אחד.

כמה צעירים, וביניהם דוד מלך זינגר, ברחו לעבר הסאן, לצד הרוסים, אבל היו גם כאלה שחזרו.

המצב הזה נמשך עד יוני 1941, עד פרוץ המלחמה עם רוסיה וגרושה מאדמת פולין. מאז התחילו זמנים עוד יותר קשים. הצרות והרדיפות התגברו. הגיעו שמועות על אקציות-השמדה. לפי השמועה, שהתהלכה באיסטריק, אסף איש גסטפו אחד בעזרת האוקראינים את כל יהודי הסביבה בלילה אחד, רכזו אותם ע״י היער בסביבת הכפר לשניטץ ורצחו אותם ביריות מקלעים. כמו כן ערכו חפושים בבתים, שדדו והשמידו ספרי תורה ובכלל כל ספרי קודש. בשנת 1942 החמיר המצב עוד יותר. אסור היה להסתובב ברחובות, הקטינו את מנת הלחם, רכזו את כל יהודי הסביבה לבליגראד, הרעב גדל, היה פחד לצאת מן הבית.

**זכרונות של עינויים בעבודה.**

לקחו קבוצות לעבודות מתיחת חוטי טלפון. היו צריכים לסחוב סלילי חוטים דרך נחל, לא נתנו לעבור דרך גשר או במקום צר, אלא דחפו אותם במכות רובים לתוך המים ובבגדים ונעלים רטובים, היינו צריכים להמשיך ולעבוד, במשך כל היום, מבלי להחליף את הבגדים ומבלי לחבוש את הפצעים והסריטות שקבלנו מהסלעים במים, עד זוב דם.

לקחו אותנו לעבודה במחנה צבא, לנקות את אבזמי הסוסים. אף חיל לא היה עובר על ידנו מבלי לבעוט בנו, אם זה בפנים ואם זה בבטן, איפה שהיה לו נוח יותר.

לקחו קבוצות לעבודה במנסרות, לנסר בולי עץ ללוחות. הפקוח היה בידי החוליגנים האוקראינים שהעבידו אותנו בפרך בלוית מכות כשהם עומדים וצוחקים.

כשהגיעו אנשי הגסטפו בפעם הראשונה לבליגראד, כוונו אותם החוליגנים האוקר-אינים לבתיהם של ר׳ ליפא מיזלס, לרב ר׳ חיימל רבין ולר׳ איטשע דיין ז״ל. עשו אצלם חפושים, הוציאו כמעט את כל הסחורות מהחנויות, סחבו את ר׳ ליפא בן השבעים בזקנו וגזזו לו את זקנו הלבן. הוא התחנן בפניהם בבכי שיכו אותו, אבל שלא יגזזו את זקנו, ברם ללא הועיל. ערכו חפושים אצל אנשים שהיו ידועים בתור ציונים, החרימו כל ספר ציוני ואסרו לחקירה את בעל הספר, בטענה שהציונים הם קומוניסטים. אחרי חקירה כזאת היו הנחקרים חוזרים בלי שינים או ביד שבורה. השיצוביקים אסרו את לייבל מזאצ׳ב, החזיקו אותו כמה ימים במאסר והכו אותו. אחרי שהחזירו אותו הביתה, שכב עוד שבועיים במטה ומת. לקחו את המאפיה של יוסף העריגג ומסרו אותה לאוקראיני.

בשנת 1942 רכזו את כל יהודי הסביבה לבליגראד וזה גרם לצפיפות גדולה מאד, בבית אחד גרו כמה משפחות. הרעב גדל והתנאים היו איומים. את הבגדים האחרונים היו נותנים בעד פרוסת לחם או בעד תפודים אחדים. יהודי הכפרים, אכרים מדורי דורות, היו מוכרחים לעזוב את ביתם ואת כל רכושם, שרכשו להם בזיעת אפם ובזיעת אבותיהם מזה כמה דורות, בעבודה חקלאית מפרכת, והכריחו אותם למסור את בתיהם ואת כל רכושם לגויי הכפר ולחתום על חוזה של מכירה מרצונם הטוב. גם בבליגראד הכריחו את כל אלה, שהיו להם בתים או שדות, לחתום על חוזה דומה. הסבל היה קשה מאד, אין לתאר את הרעב ואת תנאי העבודה הקשים, המלווים מכות, עינויים ובזיונות על כל צעד ושעל. את בתי המדרש הפכו למחסנים ואת בית הכנסת הגדול — למחסן של בשר חזיר.

בשעת הרגיסטרציה בפנים המשרד, מלאו רשימה עם כל הפרטים ואחד מהגסטפו, שם חותמות, אבל לא לכולם, רק לפי ראות עיניו, לאלה אשר אפשר היה עוד לנצל אותם לעבודה. לאלה אשר לא קבלו חותמות, ניתן רמז להיות מוכנים למשלוח להשמדה. הרגיסטרציה נגמרה לפנות ערב בלי קרבנות רק הודות לליב ורנר, ראש היודנראט הסנוקאי, שהגיע בשעה 11 לבליגראד. עם הגיעו נפסקו קצת המכות, הוא הצליח במקצת להרגיע את החיות הטורפות ובזה מנע קרבנות באותו יום. כעבור כמה ימים לקחו את הנגרים לזאסלאוו לעבודה, לבנות את הצריפים שהכינו עבור יהודי באליגראד, לינסק, ליטוביסק, סנוק והסביבה.

מיום ליום החמיר המצב והרגישו כבר שהימים הם ספורים. הקץ התקרב. רק הרצון החזק לחיים, החדיר עוד איזשהו נצוץ של תקוה, אולי בכל זאת יקרה איזה נס מהשמים, אולי ישאר לכל הפחות אחד ממשפחה, שיוכל לספר כיצד נחרב ישוב יהודי ושיוכל למסור את הצוואה האחרונה: נ ק מ ה! התלינים השתוללו בלי גבול, ערכו טבח בלינסק, ירו ממש ברחובות. בוואלי מיכאווע אספו את כל היהודים למקום אחד, חלקו אותם לשני מחנות, והפרידו בין משפחות וילדים. מחנה אחד שלחו לזאסלאוו ואת המחנה השני סגרו בבית הכנסת ואחר כך הוציאו אותם למקום שהכינו מראש, הרגו אותם ביריות וזרקו אותם לתעלות שהכינו מקודם. אלה שלא נהרגו, רק נפצעו, נקברו חיים.

כעבור כמה שבועות, ביום ששי, ערב שבת, יצאה פקודה להעביר את כל יהודי באליגראד והסביבה, לזאסלאוו. אחרי הצהרים אותו יום הגיעה בשורה שבטלו את הצו. על סמך הבשורה הזאת התפשטו כבר בעירה כל מיני שמועות בדויות ואחת מהן, שבגרמניה פרצה מהפכה. העובדים בזאסלאוו, הנגרים ישעיהו, יוסף ובנימין שפירא, משה ומנדל רודי ועוד נגרים קבלו חופשה ביום ששי זה וספרו על ההכנות שעשו שם, סדרו צריפים והכינו תעלות ארוכות. אחרי מספר ימים נודע שהצו לא בוטל, הגזרה בעינה עומדת, אלא נדחתה. ביום ששי הבא, יצא הצו הגורלי מאת פרנק ימח שמו וזכרו. להעביר את כל היהודים לזאסלאוו.

הגזרה יצאה ולא קרה כל נס. אי אפשר לתאר ואי אפשר להשיג את יום הששי הטרגי הזה, את הצער האיום והכאב של האבות והאמהות לגבי ילדיהם, לגבי הטף שלא הבין עוד שום דבר. היה כבר ידוע לכולם, בשביל מי הוכנו כבר לפני שבוע התעלות הארוכות האלה בזאסלאוו. אנשי העירה צעקו ובכו מרה. האמהות רצו לבית הקברות לעורר את רחמי שמים. הבכיות והצעקות שוברות הלב, נשמעו בכל העירה. מיד הופיעו סדיסטים גרמנים וגרשו את האמהות מבית הקברות במכות רצחניות. הבכיות המרות גברו מרגע לרגע. נשמעו קולות של האמהות שבאו בטענות כלפי מעלה. „רבונו של עולם — צעקו האמהות — תן רחמיך לשיות הקטנות האלה שטרם חטאו. איך תוכל להביט מלמעלה לצער של השיות התמימות האלה הזכות והטהורות, איך תוכל להביט לצער התהומי של האמהות ולהחריש? אין תשובה! השעות זזו, לא עמדו במקומן, הגיע כבר לפנות ערב ולא נשקפה כל תקוה, לא קרה הנס. לא עזרו הבכיות, היללות והתפילות. השמים היו אמנם בהירים, אבל שערי השמים היו סגורים על מסגר במנעולי עשת קשה. ברחוב טילו האוקראינים והפולנים המקומיים, שגדלו על הלחם היהודי, צחקו, שמחו והתלוצצו על משבתינו. באי סבלנות חכו כבר לרגע, שיוכלו להתחלק ברכוש היהודי, שנרכש בהרבה עמל וזעה ושנשאר כעת הפקר.

הזמן לא עמד. השאיפה לחיים הולידה אצל כל אחד תכניות משונות, פנטסטיות. המוח עבד בלי הרף, איך להנצל משיני החיות הטורפות האלה; אולי לארגן התקוממות כללית ואולי לברוח ליערות, אולי זה ואולי זה, אבל כל אלה היו תכניות הבל, שאינן בנות בצוע. איך אפשר אפילו לחלום על התקוממות בלי נשק, בלי עזרה מבחוץ, בסביבה עוינת ושכל אחד מטופל בהרבה ילדים קטנים? יכול להיות שמפני הגרמנים אפשר היה להתחבא ביער, אבל מהגוים המקומיים לא היתה כל אפשרות להתחבא שם, כי הם מכירים את היער יותר טוב מהיהודי. חוץ מזה היה ידוע באילו מיתות משונות הנאצים היו הורגים יהודים שברחו ונתפסו, בזמן שהוציאו את יהודי הכפרים לבליגראד. אחרי שתפסו יהודי כזה היו שורפים את בשרו בברזל לוהט, ענו אותו בעינויים אכזריים, חתכו ממנו חתיכות אצבע עד שיצאה נשמתו. המיתות האכזריות האלה הפחידו הרבה מלברוח, אבל בכל זאת החליטו הרבה לברוח ליערות, הגם שהיו בטוחים, שהבריחה לא תציל אותם ממות, — הם לא רצו לראות במות יקיריהם. ועוד דבר, לפי הידיעות מהחזית הרוסית קוו הרבה שהסוף של הגרמנים קרוב, זה רק ענין של כמה חדשים.

חכו כבר בכליון עינים ללילה כדי שיוכלו לברוח, אבל החוליגנים שמרו על כל מבוא בית יהודי, למנוע מהם לברוח ליערות. הם תפסו הרבה יהודים שנסו לברוח ומסרו אותם לידי המשטרה. למשפחות אחדות עלה בכל זאת לברוח ליערות.

בין המשפחות שהחליטו לברוח היה גם אחי הערש מלך וקבוצה של המשפחות שיוביצים מוואלי מיחאבי. אחי הערש מלך אמר לי, לאחותי ולאח הצעיר שמואל, להיות מוכנים לברוח. נפרדנו בדמעות ובנשיקות מאבינו הזקן. הוא אמר לנו, בקול חנוק מדמעות „לכו ילדי, אני כבר זקן וחלש, לא אוכל ללכת אתכם, אני לא רוצה להיות לכם למכשול בדרך. לכו ילדי והקב״ה יוביל אתכם בדרך הטובה ויציל אתכם משיני החיות הטורפות. הלואי שתוכלו להחזיק מעמד ולהשאר בחיים. אנו לא נתראה, יש לי ההרגשה שאנו נפרדים לנצח, אבל זכרו ילדי את המלים האחרונות שלי: **מי שישאר מכם בחיים, עליו לקחת נקמה!** נקמה בעד הצרות והבזיונות ועל הדם היהודי השפוך כמים״. בלב כאוב וקסוס השארנו את אבינו הזקן ויצאנו לדרך.

לפני שירד הערב התאספנו אצל הדוד, עקיבא רודר, בבית שהיה פעם משרד המשט-רה. בלילה, בזמן שרצינו לצאת לדרך נוכחנו שהחוליגנים האוקראינים העמידו מתנדבים על יד כל בית יהודי ולא נתנו לצאת. הם שמרו במקלות ובגרזינים וברחובות הסתובבו גם שוטרים גרמנים ואוקראינים. הלילה עבר וכשעלה השחר, הסתלקו החוליגנים מהשמירה, בהיותם בטוחים שביום לא ירהיבו לברוח. השיוביצים מוואלי מיחובי ותרו על הבריחה. אנחנו נפרדנו מהנשארים ויצאנו. עברנו מהר ע״י בית הקברות, נפרדנו גם מהם וקנאנו בהם על שמתו מיתה טבעית על מטותיהם ונמצאים כבר בעולם האמת. נכנסנו ליער, מהרנו ורצנו עד שכמעט נפלנו. ישבנו לנוח וטכסנו עצה, מה יהיה הלאה אתנו, בלי בגדים, מלבד באלה שהיינו לבושים, בלי מזון, בלי תקוה שנוכל להתקיים. מחשבות נוגות ואיומות רדפו אחת את השניה. התגעגענו למשפחה! השארנו שם את אחינו הבכיר עם ילדיו הקטנים ואת אחיותנו. היינו בסך הכל 5 נפשות: אחי הערש מלך עם אשתו, בתו של הדוד עקיבא רודר, אחותי ריזל, אחי הצעיר שמואל ואני. עזבנו לצמיתות את עירתנו באליגראד, הלב כאב מגעגועים ומצער.

התחיל להחשיך, היער הפיל אימה, גשם התחיל לרדת ואנו המשכנו ללכת לכוון העירות של הכפר ראבעך, היות ואחי, הערש מלך ושמואל, ידעו את שבילי היערות האלה. הם חיו שם כל השנים אצל הדוד זלמן מראבעך, עד שהנאצים גרשו אותם לבליגראד. סו״ס באנו בדרך היערות לראבעך. הגשם הלך והתחזק. הערש התגנב בלאט לאיזה בית גוי, שכנו לשעבר, ששררו ביניהם יחסי שכנות טובה ושלידו גם מסר, לפני הגרוש, חפצים לשמירה. הוא דפק בלאט בחלון והגוי יצא. הערש מלך בקש אותו שיתן לנו להכנס למשך הלילה לרפת, עד שיפסק הגשם. הגוי פחד ובקש מהערש שבל יתקרבו סמוך לביתו, כי אם ישמעו השכנים, ילשינו עליו ומחכה לו אז מות בטוח. הגוי ספר לו שהגרמנים גיסו לשבת זו בכל הסביבה עגלות עם סוסים; יצא שעל כל אחד להעלות על העגלות את כל מטלטליו של המגורשים, זה היה כנראה טכסיס לבלבל

את החושים של המגורשים, כי אם דורשים מהם להביא את מטלטליהם, בטח לוקחים אותם לעבודה ולא להמתה, כדי שלא יברחו.

הערש מלך חזר עם הבשורה, שאנו מוכרחים להכנס ליער. הגשם התחזק עוד יותר, הגענו לרפת שנמצאת רחוקה מהכפר וישבנו שם כמה שעות, עד שהגשם חדל ומהרנו להגיע ליער. בבואנו ליער התחיל הגשם מחדש. מצאנו שם עץ חלול מבפנים מונח על הארץ, (אנשי הכפר קראו לעץ נבוב כזה „קאלאדע״) כסינו את העץ מלמעלה בענפי עצי אורן וכל חמשתנו נדחקנו פנימה. בתוך העץ הזה ישבנו שבוע. הגשם חדל. הקמנו סוכה מענפים ובלילה יצאנו לשדות לחפש תפודים. באצבעותינו חפרנו באדמה, השתדלנו להוציא מתוך האדמה את התפודים ולהשאיר את הירק הגדל מלמעלה, כדי לא להשאיר עקבות. אחרי עבודה כזאת, חזרנו עם אצבעות נפוחות וצפרנים פצועות עד זוב דם.

ראש השנה הגיע, ראש השנה הראשון ביער. הלב קסס מכאב, נדמה היה לנו, כאילו אנו נחנקים מכאב וצער, בזכרנו את ראש השנה האחרון, בהיותנו כולנו ביחד בבית והתפללנו בבית המדרש של ר׳ ליפא מיזלס ע״ה, כמה דמעות שפך הוא בתפילתו! ר׳ אליעזר לעפלשטיל התפלל „שחרית״ ובתפילת „לאל עורך דין״, נחנק כמעט מדמעותיו, ר׳ ליפא התפלל „מוסף״ ובתפילת „ונתנה תוקף״, טבל ממש בדמעותיו, כאילו הרגיש שזה לו ה„נתנה תוקף״ האחרון שלו. בזכרונותינו עברו ראשי השנה הקודמים, הקדושה שהרגישו בעירתנו בימים ההם. ראינו בדמיוננו את בית הכנסת הגדול, האותיות המוזהבות המצוירות בכניסתו „מה נורא המקום הזה״, החיות הקדושות, המצוירות מלמעלה, הביטו כאילו חיות הן, בקדושה וברחמים, מעל לבית הכנסת. קולו השובר לבבות של ר׳ אליעזר לעפלשטיל וה„מן המצר״ לפני התקיעות של ר׳ חיימל הדין, חדרו אז עמוק לכל לב יהודי. והיום? יחידים ביער, כמו כל חיות הטרף, ללא בית ללא משפחה, נרדפים על שהננו יהודים. הלב חשב להשבר מכאב! ישבנו ע״י מדורה קטנה, אלמים, לא יכולנו להוציא הגה, רק דמעות התגלגלו מעינינו העיפות. שכבנו לישון בתפילה יחידה, הלואי ונישן ככה עד עולם ולא נקום יותר. אבל רצוננו זה לא נתקים. ישנו על קרקע רטוב וקר וקמנו בכל זאת בריאים, לא מקוררים, אבל הרגשנו מועקה בלב, לא נעמו לנו החיים. לא נעמה לנו השמש היפה, שהביטה עלינו בקרניה המאירות והעוינות, הקרנים הטילו פחד עלינו רצינו שיהיה חושך תמיד, שהשמים יהיו מעוננים, שישרור בעולם ליל נצחי, כמו שהיה מצבנו, חשוך ואפל.

עברו ה„ימים הטובים״. בסוכות התחילו יורדים גשמים. הסוכה שלנו נשרפה, ברחנו מהמקום, פחדנו אולי מישהו ראה את האש. שלג התחיל לרדת, אבל לא יכלנו להקים בונקר, כדי שלא יכירו את עקבותינו בשלג, היינו נעים ונדים, איפה שנחנו בלילה לא שהינו ביום.

הערש היה מבקר בלילה אצל הגוי המכר, כדי לדעת מה מתהווה בחוץ. לפי מה שספר לנו הגוי, נשארו כבר מעט מאד יהודים בזאסלאוו. הרבה יהודים נורו במקום וחלק גדול נשלח לקרמטוריום בבלזץ. נודע לנו גם שאחינו הבכיר, לוי, עם ילדיו, חותנו וחותנתו, ברחו גם כן ליערות, אבל הגוים רדפו אותם. והיות ולא יכלו לראות בצער ילדיהם

הרעבים, מסרו את עצמם למחנה זאסלאוו. מהגוי נודע לנו, שביערות מסתובבים פרטיזנים ובלילות הם מתנפלים על הכפרים ושודדים מזון. החלטנו למצוא קשר עם הפרטיזנים, אולי יקבלו אותנו ונלחם ביחד. בליל נובמבר אחד נפגשנו אחי, הערש ושמואל אתם בכפר. מהם נודע לנו שהם לא פרטיזנים-לוחמים, אלא חיילים רוסים שהתחמקו מהשבי הגרמני, מתנפלים על הכפרים עם נשק ושודדים מזון. אחינו תארו להם את מצבנו והם החליטו לעבור לבונקר שלנו, שהכינונו בינתים, לקראת החורף, אחרי שהשלג הראשון נמס. חיינו ביחד אתם ובלילה השתתפנו אתם בעבודתם! (ככה הם קראו להתנפלויות שלהם). הם בנו להם בונקר לא רחוק מאתנו.

פעם, בעברם ביער פגשו גוי אחד ובפחדם, שמא הוא ימסור אותם לגרמנים, לקחו אותו לבונקר, ירו בו והרגוהו. אחרי המקרה הזה יעצנו להם, לעבור למקום אחר, כי בטח יצאו לחפש את הגוי הזה. אבל הם צחקו מאתנו — מי זה ילך לחפש פלח? — התלוצצו הם. ביום השלישי אחרי המקרה הזה יצא אחינו שמואל מהבונקר לעשות את צרכיו ופתאום נפתחו יריות עלינו. הכדורים שרקו מעל לראשינו, ברחנו קצת לאחור והשבנו אש. היריות פסקו ואנו והפרטיזנים ברחנו לכוון יערות רוסטיק. בדרך בריחתנו לא הרגשנו בהתחלה ששמואל חסר. נעמדנו על הר גבוה ולמחרת שמענו מרחוק, מכוון הבונקרים העזובים התקפת תותחים ורימוני יד. כנראה שהגרמנים התקיפו את מקום הבונקרים. המשכנו ללכת ורק בלילה נכנסנו לרוסטיק, אחרי שני ימי צום. הפרטיזנים החליטו לעבור ליערות לינסק ואנו החלטנו לא להצטרף אליהם ולהשאר בסביבה עד שנדע מה קרה עם שמואל. קוינו שהוא ביער ואנו נמצא אותו. ברוסטיק ספרו לנו ששמעון גרויזינגר ומשפחתו, חותנו וחותנתו מסאניק, התחבאו שם כמה חדשים אצל גוי, ברפת מוסווית בקיר כפול, עד שפעם שמע גוי אחד את קול הילד של שמעון, מסר את זה למשטרה וזו אסרה את כל המשפחה ביחד עם הגוי שהחביא אותם, הובילו אותם משם ולא חזרו יותר.

לקחנו אתנו קצת צידה וחזרנו ליערות ראבעך, בתקוה למצוא שם את שמואל בריא ושלם. בחוץ השתוללה סערה עזה, השלג ירד בלי הפוגה והרוח הצליף את השלג אל פנינו והכביד על ההליכה. סוליות הנעלים היו מעץ והשלג נדבק בהן, עור הרגלים התנפח והתהוו פצעים וחבורות מוגלתיות. אצבעות הרגלים היו נפוחות וקצת קפואות. מתוך יסורים חזקים המשכנו ללכת עד שהגענו ליערות ראבעך. שם נחנו ולנו ע״י מדורה קטנה כשהשלג מכסה אותנו בלי הרף. למחרת נדדנו כל היום עד הערב כי ביום אסור להדליק מדורה ולשבת אי אפשר היה מסיבת הכפור החזק. בלילה ירד הערש לכפר להודע ע״א גורלו של שמואל. אנו קוינו שהוא יחזור עם שמואל ביחד, אבל הוא חזר באחת בלילה לבדו, בלי שמואל. הכרת פניו ענתה בו ששמואל איננו עוד בין החיים, והוא אמנם ספר לנו את השתלשלות הענינים. שמואל נפצע בהיותו מחוץ לבונקר, הוא קבל כדור בריאות, הוא אמנם הספיק עוד לברוח, להגיע לכפר ולהתחבא שם בעלית גג אחד, אבל גוי אחר ראה אותו והלשין. לקחו אותו לבאליגרוד, אבל הרופא שבדק אותו מצא אותו מסוכן ולא יכלו לרפאות אותו. התלינים בכל זאת ענו אותו בחקירות ע״א מקום הפרטיזנים ומי מהכפריים נתן לו מחסה, אבל לא ספר שום דבר. לפנות ערב לקחו אותו

לבית העלמין וירו בו. הוא היה רק בן 19 הי״ד. נשארנו כעת רק 4 נפשות. הכאב שלנו היה גדול. הגורל האומלל שלו היה, שלא יכול היה לברוח אחרי ששתת דם וכוחותיו עזבוהו.

כל השבוע נדדנו, מעט התפודים נגמרו והרגלים כבר לא נשאו אותנו. החלטנו לחזור למקום הבונקר שעזבנו. מצאנו שם הכל שרוף והצידה שהשארנו שם היתה מושחתת, הם שפכו נפט על הכל. הבונקר היה הרוס, נשארו רק הקירות הקבועים באדמה. תקנו אותם בענפים וכסינו אותם בתקרה מענפי עץ אורן. היה חודש מרץ. בחוץ היה כבר יותר חם, מצאנו מעט בשר, שהפרטיזנים קברו בזמנו ע״י עץ. הבשר היה מלא תולעים, חלק היה כבר רקוב. רחצנו ונקינו אותו, בשלנו ואכלנו, מזון אחר לא היה לנו. כשנגמר גם הבשר, הלך הרשל ליערות קמינקה, בהם התעכבו פעם פרטיזנים, מצא שם סוסים שחוטים, כמעט רקובים, בחר מה שאפשר היה עוד לאכול והביא, אנו רחצנו אותו, בשלנו ואכלנו. השלג נמס לאט ובשר הסוס גם כן נגמר. בלילה התקרבנו לכפר וחיכינו עד שהכלבים נלאו והפסיקו לנבוח, הכלבים הרגישו בנו מרחוק. הגוי אמר לנו שמבגדינו מרגישים את ריח היער, ולכן מרגישים בנו הכלבים מרחוק. כשהכלבים הפסיקו לנבוח ומשמר הכפר התרחק לעבר אחר, כי בכל לילה שמרו אנשי הכפר ביחד עם 2 שיציבאקים או 2 גרמנים — ירד הרשל לכפר התגנב למרתף ומילא שק של בערך 50 ק״ג תפודים וחזר אלינו. אנחנו מלאנו את ילקוטי הגב שלנו והוא ירד שנית למרתף, עד שכל ילקוטינו היו מלאים תפודים. אנו לא יכולנו ללכת אתו, כי אנו לא הכרנו את שבילי הכפר ובמקרה שמישהו ירגיש בנו, לא נדע באיזה דרך לברוח, ככה סחבנו, אחי ואשתו, אחותי ואני, ילקוטי גב מלאים 6—5 ק״מ ביער, בחושך בין עצים, סלעים וביצות, עד שהגענו למקום מנוחתנו כל אחד מאתנו סחב בערך 25 ק״ג ורק האח הרשל סחב 50 ק״ג. את התפודים חלקנו לפי מנות, לא כדי לשבור את הרעב, אלא כדי לא למות מרעב.

עם התחלת הקיץ 1943, התווספו צרות חדשות. רועי הכפר התחילו לרעות ביער. קשה היה למצוא ביער איזו פינה נדחת, להתחבא מפניהם. היינו מוכרחים לכן לנדוד ממקום למקום. בקיץ, בתקופת התבשלות התבואות, עקרנו שבלים בשדות, ייבשנו ביום את הגרעינים, טחנו אותם בין שתי אבנים ואת הקמח הוספנו למרק התפודים שבשלנו. התחלנו לאגור תבואה לחורף, אבל קשה היה למצוא מחבוא בטוח, כי עכברי השדה היו בכל מקום. התפודים ששמרנו בחורים באדמה, נבטו והוציאו גדולים, עדרי הצאן התחילו לגרד את הגדולים ברגליהם, עד שהרועים הבחינו בהם, עקרו אותם ומסרום לבהמות.

התקרב חשון תש״ד. הגשמים התרבו והקור גדל ואנו נדדנו בשדות במזג אויר הכי גרוע. תחת מטר של רעמים וברקים וגשם שוטף זחלנו בלילה בחושך בין עצים, שרשי עצים ואבנים, אחד לא ראה את השני. לא פעם התחלק אחד מאתנו ונפל תחת משאו. הרשל נפל פעם וקבל מכה בשכם ועד היום הוא סובל מזה. היינו חוזרים למקומנו רטובים עד לשד עצמותינו, הבערנו מדורה וייבשנו את בגדינו עלינו ועד שייבשנו צד אחד — נרטב השני. בבונקר או בסוכה אי אפשר היה לשבת, כי הגשמים הרטיבו את התקרה

ומבפנים נזל הגשם יותר מאשר בחוץ. היינו נרדמים ע״י מדורה וכל רגע התעוררנו מפחד הרעש של חיות רצות או של צפורים עפות.

התקרב החורף. הרועים הפסיקו לרעות בעומק היער. לקראת החורף התחלנו להכין לנו בונקר באדמה. היינו חופרים רק בלילה, כדי שלא ישמיעו את הדפיקות. את התקרה כסינו בחמר ואת החמר — בענפי עץ אורן. בתוך הבונקר בנינו תנור-חמום.

התחיל החורף 1943-44. שלג ירד בלי הפוגה והכפור גדל. ממעט הצידה שהכינונו לא נשאר הרבה; חלק אכלו עכברי השדה וחלק כלו הרועים. חלקנו 5 תפודים לאדם, פעמים ליום, בבוקר ובערב. היינו יוצאים היערה ללקוט עצים להסקה מעצים שהתיבשו. היו לנו פצעים ברגלינו, כי הן היו קצת קפואות. בבונקר לא היה קר, כי הבערנו אש בתנור. מסיבת החום מבפנים, נמס השלג על הגג. המים נספגו לתוך האדמה של התקרה והם נזלו פנימה. בחוץ ירד שלג ומבפנים — גשם.

ינואר 1944. השלג לא הפסיק לרדת והכפור התחזק. הצידה התחילה להגמר. אכלנו כבר פעם ביום. הרתחנו סיר גדול במים, חתכנו 4 תפודים לחתיכות קטנות והשלכנום לתוך המים. זה היה המאכל שלנו פעם ביום. החיים נמאסו עלינו, קנאנו באלה שהלכו לזאסלאוו, הם את שלהם כבר עברו. לא ראינו כל אפשרות וכל תקוה להחזיק מעמד ולעבור את החורף.

כשנגמרה כל הצידה, לא היתה כבר כל ברירה אלא לרדת לכפר. הרשל ירד בלילה לגוי ובקש ממנו קצת תפודים, אבל הגוי בעצמו היה עני ובכל זאת נתן לו כמה תפודים. הרשל הלך ממנו והתגנב למרתף של מישהו, מלא את ילקוט הגב שלו והתחיל לחזור. השלג ביער היה עמוק ורך ורגליו שקעו בתוך השלג. הוא נכנס לעמק ובשום אופן לא יכול היה לצאת ממנו למרות עמלו הקשה. רק בבוקר, כשהשלג התקשה במקצת, עלה בידו לזוז מהמקום. מתוך צרות יסורים וסבל הגענו לחודש מרץ. השלג התחיל להפשר, נעשה יותר חם. בבוקר אחד יצא גץ מתנור הבוער שלנו וענפי עצי האורן התחילו לבעור. בקושי נמלטנו משם. הבונקר נשרף כולו. השארנו את המקום והתקרבנו קצת ליערות, הקרובים יותר לכפר. בדרך מצאנו צביה מתה, נגוסה קצת מחיה לא ידועה, נקינו אותה ומהבשר הזה נזונו עד סוף החודש. באפריל נודע לנו, שהצבא הסוביטי לוחם כבר על אדמת פולין. השלג נמס כבר באפריל לגמרי ואנו יצאנו לחפש את הפרטיזנים, שלפי השמועה, הסתובבו בסביבה, ואמנם מצאנו אותם. הצענו להם לקבל אותנו לשורותיהם, אבל הם סרבו, אחרי שראו את מצבנו הירוד. הם יעצו לנו לחכות עד בואם של הצבא האדום לשטח. הגוים הסתובבו כעת פחות ביער ולכן הרגשנו אנו קצת יותר חפשי.

ביולי הורע המצב ביער. בנדרובצים (חוליגנים אוקראינים) השתקעו בכפר ואנו פחדנו להתקרב לכפר. אחרי כמה שבועות הם עזבו. החזית התקרבה, שמענו כבר מרחוק יריות תותחים וקטיושקות. זיק של תקוה הבריק בחיינו הקשים. החזית היתה כבר בסביבת סנוק, אבל מצבנו ביער הורע, היות והסתובבו בנדרובצים ביער, הם ברחו דרך היערות לצכיה. אחרי ראש השנה התקרבה החזית לסביבת לינסק, שמענו כבר יריות רובים.

מוצאי שבת היה הרשל אצל הגוי בכפר, לא היו שם לא גרמנים ולא פרטיזנים ולא שמעו יריות. לפני עלות השחר חזר הרשל ושכב לישון ואני יצאתי לשמירה. בערך בשעה 8 בבוקר, שמעתי ירית רובה מקרוב. יצאתי לפינת היער לראות את המתהווה בשדה ונעמדתי בצלו של עץ והנה ראיתי מרחוק תנועות של הרבה אנשים, כאילו הם חופרים באדמה וראיתי גם קצינים גרמנים מסתובבים על ידי החופרים. הבינותי שחיילים גרמנים חופרים תעלות-מגן, כנראה שהחזית מתקרבת לסביבה שלנו ביער. דווחתי את זה להרשל והוא החליט תו״מ להסתלק מהמקום ולברוח ליערות קמינסקה. אחרי הליכה של בערך 2 ק״מ הגענו לראש הר והנה פתאום שמענו קול צעקה „האלט״ (עמוד). באופן אינסטינק-טיבי הסתובבנו תיכף ורצנו חזרה במורד ההר, כל אחד לעבר אחר. הם ירו אחרינו ואני קבלתי כדור בירך, הספקתי עוד לרוץ קצת ונפלתי, לא יכולתי לקום, הרגל כמעט ששותקה, לא יכולתי להניעה. השתדלתי לזוז מהמקום בשכיבה והגעתי לבין שיחים עבותים ושכבתי שם בשקט. שמעתי גרמנים מדברים ביניהם והולכים ומתקרבים לעבר השני של השיח, איפה ששכבתי אני. אני אותם ראיתי, אבל הם אותי — לא. הם הגיעו עד השיחים, לקחו להם כמה בדים מהשיח וחזרו למקומם. ממקום שכיבתי ראיתי גם, רחוק, מכונת יריה טמונה באדמה. זזתי לאט לאט ובשקט במורד ההר, כדי להתרחק מהמקום. הייתי כולי מכוסה דם, התבוננתי בפצע וראיתי חור עמוק בירך, הדם שתת בלי הפוגה. זזתי לכוון הבונקר, בהיותי בטוח ששעותי הן ספורות. נשארתי יחידי, בלי כל עזרה ראשונה. חשבתי, אם מישהו מהמשפחה נשאר בחיים, יחפשו אותי בבונקר. לא יכלתי להתקדם כי אם רק ע״י הזזה, כי לא יכולתי לעמוד על הרגלים. בצהרים התחיל הקרב. כדורי תותחים עפו באויר ואוירונים הרעישו את היער וירו במכונות יריה. כל היער הזדעזע מהרעמים. קולות העצים הנופלים התמזגו עם קולות פקודות הגרמנים ועם צעקות ואנקות הפצועים. שכבתי בשקט ובמנוחה, כי לי כבר לא היה איכפת שום דבר, נהייתי אדיש לכל.

לפנות ערב הגעתי לשביל בין השיחים, עץ ארוך היה מונח לרוחב השביל ועלי היה לעבור אותו. העברתי רגל אחת מעבר לעץ, אבל לא יכולתי להזיז את השניה. נשארתי שוכב שם באפיסות כוחות והיסורים התגברו. היות וזזתי כל הזמן בשכיבה בין אבנים, ענפים ועשבים דוקרים, נקרעו מעלי כל בגדי ועור הגוף נקרע עד זוב דם.

גשם התחיל לרדת והשרפות ביער האירו את הלילה. בערך באמצע הלילה נרדמתי. התעוררתי למחרת בבוקר והרגשתי קצת יותר טוב. התבוננתי עוד פעם בפצע ונוכחתי, שהכדור לא נשאר מבפנים, אלא עבר בצד בצד ע״י הירך. חור הפצע נראה, כאילו מישהו קרע חתיכת בשר מהירך. בחוץ היה שקט, לא נשמעה כל יריה, ממש כמו אחרי מלחמה. התחלתי עוד פעם לזוז בשכיבה ולפנות ערב הגעתי לבונקר. אחותי רצה החוצה, אני זזתי לקראתה והיא הורידה אותי לבונקר.

איך הגיעה אחותי לבונקר ?

כשהתפזרנו מתוך ריצה, כל אחד לעבר אחר, תעתה אחותי ביער, כי לא היו נהירים לה שבילי היער, כי את הרשל ואשתו היא לא פגשה. היא תעתה והגיעה לבין הצבא הגרמני, אבל לא שמו לב, כי היו טרודים עם עצמם. היא תעתה ונדדה עד שהגיעה

לבונקר. עכשיו היינו כבר שנים ביחד. זה שני ימים תמימים שלא בא אוכל לפינו. היו לנו אמנם מעט תפודים אבל לא היה אש בבונקר.

מסביבנו התחילו עוד פעם לרעום תותחים ומכונות יריה. יסורי הפצע הלכו וגברו, לא יכולתי אפילו לנמנם. באמצע הלילה נפסקו היריות, שמענו רק צעקות והלמות שעטות סוסים. בבוקר היה שקט לגמרי. אחותי יצאה לחפש תות שדה ביער, לא רחוק מהבונקר. היא חזרה, הביאה תות וספרה שמצאה בסביבה הרבה תעלות מגן ריקות. פתאום עבר מישהו בריצה על יד הבונקר. אחותי פרצה החוצה ומצאה גוי וגויה. הם היו נדהמים, נפחדים ולא יכלו להוציא הגה. אחרי שנרגעו ספרו, שהגרמנים ברחו והרוסים נמצאים כעת בכפר. הם ספרו גם שפגשו את הרשל ואשתו ביערות קמינקה, כנראה שהצליחו להגיע לפרטיזנים.



שמואל ליבער הי״ד, שנפל ביער.



מצד ימין לשמאל: הערש מלך ליבער, אשתו ביילע, מנחם דרורי— ליבער.

אחותי ירדה לכפר וחזרה עם סוס ועגלה ויצאנו לבליגרוד. על יד קוז׳מק פגשנו את הרשל ואשתו. קוז׳מק שמח אתנו מאד והבהיל רופא צבאי. הרופא בדק את הפצע ומצא שהכדור היה של „דום-דום״ ורק אחרי שלושה ימים קבלתי עזרה ראשונה. לבית חולים הרופא לא יכול היה להכניס אותי, היות ובית החולים היה תפוס ע״י חיילים פצועים קשה.

את הבתים בבליגרוד מצאתי אמנם במקומם, אבל לדאבוני, במקום פנים יהודיים נשקפו מהם פרצופים גויים, בסטיספקציה מוסוות, ובמקום ילדים יהודים מאז, הציצו דרך החלונות, שקצים גויים.

העירה נראתה בעיני, כאילו היא עטופה בצל עצום נצחי. קירות הבתים נראו שחורים, כאילו לבשו בגדי אבל. בהתבונני איך העירה נראית ובזכרי איך היא היתה פעם עירה יהודית, חמה וחביבה, כאב הלב וצבט מרוב יסורים, כאילו חתכו את בשרי באיזמיל חד. שכחתי את פצעי ונעצבתי. רק תפילה אחת התפלל הלב: הלואי ופצתה הארץ את פיה ותבלע את העירה ואת יושביה כעת, שלא ישאר ממנה שריד ופליט.

הכין לדפוס ותרגם חפשי את חלק היידיש לעברית שמעון פרידלנדר.

**מנחם דרורי (ליבר) באליגראד**

## הקדמה

ליבע שוועסטער און ברידער. איצט ליגט אויף אונדז דער חוב, אז דער ארט פונעם „יזכור״ ספר, זאל נישט זיין בלויז אין דער ספרים שאפע, נאר אז דער אינהאלט זיינער זאל זיין גוט איינגעקריצט אין אונדזער זכרון און טיף אין אונדזער הארץ און אינעם זכרון פון אונדזערע קינדער און די קומענדיקע דורות, כדי זיי זאלן פארשטיין און וויסן, וואס האט אונדז געטראפן אינעם לאנגן גלות-וועג, ביז מיר זענען דא געקומען צו אונדזער רו. עס איז אויך כדאי, אז זיי זאלן וויסן פון די אלע אומגליקן, צרות און ליידן און דעם טייערן פרייז וואס אונדזערע עלטערן און מיר האבן באצאלט, מיט געזונט און לעבן, אין אלע גלות יארן און איבערהויפט אין דער תקופה פון שואה פאר אונדזער „זינד״, וואס מיר האבן קיינמאל נישט פארלייקנט אונדזער יידישן אפשטאם און יעדן טאג, אין דער פרי און ביינאכט מתפלל געווען פאר שיבת ציון.

מיר דארפן משפיע זיין אויף אונדזערע קינדער און אויף דער יוגנט בכלל, אז זיי זאלן ליינען דעם יזכור ספר און זיך גוט איינפלאנצן אין זכרון זיין תוכן, כדי זיי זאלן גוט געדענקען און וויסן איבערצוגעבן צו די שפעטערע דורות און כדי צו פאראייביקן דעם אנדענק פון אונדזערע אבות פונעם לאנגן גלות און פון די, וואס זענען אומגעקומען אויף קדוש השם אין דער איצטיקר תקופה פון דער שואה.

## וואס איך האב געזען און מיטגעלבט

אינעם יאר 1939, צווישן די ימים טובים, זענען די דייטשן אריין קיין באליגראד. זייער אריינקומען האט אויפגעוועקט א בהלה אין שטעטל, ווייל מיר האבן שוין געוווסט, וואס די רוצחים האבן אנגעמאכט אין לינסק און אין איסטריק, זיי האבן דארט געשלאגן, גערויבט און געהרגעט. צו אונדזער איבערראשונג זענען די ערשטע אריינגעקומענע אפיצירן, געווען זייער העפלעך, זענען דורך ביי דער שול, באגריסט און געפרעגט, אויב מיר ווייסן נישט, צי עס געפינט זיך פויליש מיליטער אין דער געגנט. זיי האבן זיך פון

אנפאנג זייער העפלעך אויפגעפירט. נאך א פאר וואכן, האט זיך דאס מיליטער געטוישט און אויפן ארט פונעם מיליטער זענען געקומען אין שטעטל יונגע, סאדיסטישע, נאצישע כוליגאנעס און די צרות האבן זיך באלד אנגעהויבן. עס זענען געקומען געסטאפו-לייט און האבן באלד ארגאניזירט א אוקראינישע מיליץ (שאציוואקים). די געסטאפו האט ארויסגעגעבן א באפעל, אז יעדער ייד מוז טראגן א ווייסן באנד אויף דער רעכטער האנט. די געסטאפו האבן זיך איבעראל געדרייט, אין די גאסן, אין די אונטערגעסלעך, געפייניקט און געשוירן בערד און פאות, ווו זיי האבן געטראפן א ייד, נישט רעכענענדיק זיך מיט אלטע און מיט טראגנדיקע פרויען.

אינעם באליגראדער יודנראט זענען געווען: ד״ר האפמאן, יאוויטש, יצחק גליקסמאן און קנעבלבאד. יעדעסמאל ווען דער יודנראט האט זיך געדארפט שטעלן פאר דער געסטאפו, כדי צו באקומען באפעלן פון זיי, האט מען זיי אויפגענומען מיט שטעקנס און קלעפ. איינמאל זענען געקומען די שאציוואקים צו ד״ר האפמאן מיט א באפעל פון דער געסטאפו ער זאל תיכף קומען. ד״ר האפמאן האט געבעטן די שליחים, זיי זאלןווארטן א מינוט, כדי זיך איבערצוטון, אבער די שאציוויאקים האבן נישט געוואלט ווארטן און אים געשלעפט מיט כוח. ער האט פראטעסטירט קייגן אזא גראב האנדלען, אבער ס׳האט אים גאר נישט געהאלפן. קומענדיק אין דער געסטאפו האבן די שאציוואקים דערציילט, אז ער האט זיך זיי אקייגנגעשטעלט, און דער נאצישער מערדער האט ארויסגעצויגן זיין רעוואלווער און אים געשאסן אויפן ארט. ער איז געווען דער ערשטער יידישער קרבן וואס איז געהרגעט געווארן אויף קידוש השם.

מ׳האט גענומען יידן צו קאטארגע ארבעט און מ׳האט גאר נישט באצאלט. פראדוקטן האט מען באקומען וועכנטלעך, אבער די פארציע האט קוים געסטארטשעט אויף איין טאג.

טייל יוגנטלעכע, צווישן זיי דוד מלך זינגער, זענען אנטלאפן צום סאן צו, צו די רוסן, עס זענען אבער געווען אויך אזעלעכע, וועלעכע זענען צוריקגעקומען.

אזוי האט זיך די לאגע געצויגן ביז יוני 1941, ביז ס׳האט אויסגעבראכן דער רוסיש-דייטשער קריג און די רוסן זענען פארטריבן געווארן פון פוילן. נאכדעם איז די לאגע געווארן נאך שווערער. עס האבן זיך געשטארקט די צרות און די שיקאנירונגען. עס האבן זיך אנגעהויבן צו פארשפרייטן שמועות וועגן פארטיליקונגס-אקציעס. לויט א ידיעה וואס האט קורסירט אין איסטריק, האט א געסטאפו-מאן, מיט דער הילף פון אוקראינער, צונויף געזאמלט אלע יידן פון די דערפער ארום איסטריק, קאנצענטרירט זיי ביים וואלד פונעם דארף לעשניץ און זיי אלע דארט אויסגעשאסן מיט מאשינגעווער. זיי האבן געזוכט אין די הייזער, גערויבט און פארניכטעט ספרי תורות און בכלל אלע ספרי קודש. אינעם יאר 1942 איז גאר שלעכט געווארן, א ייד האט זיך נישט געטארט דרייען אין די גאסן, מ׳האט פארקליינערט די פראדוקטן-פארציעס, מ׳האט קאנצענטרירט אלע דארפישע יידן פון ארום באליגראד אין שטעטל און דער הונגער איז געוואקסן. ס׳איז געווען א פחד אריבערצוטרעטן די שוועל.

מ׳האט גענומען גרופעס יידן, צו ציען טעלעפאן-דראטן. מ׳האט באדארפט שלעפן די רעדל-דראטן דורך א וואסער, האט מען די ארבעטער נישט געלאזט דורכגיין אויף דער בריק, אדער אין א שמאלען דורכגאנג, נאר מען האט די יידן, מיט קלעפ פון געווער-קאלבן, געשטופט אין וואסער און מיט דורכגענעצטע שיך און קליידער, האבן מיר געמוזט ארבעטן דעם גאנצן טאג, נישט האבנדיק אפילו די מעגלעכקייט צוצובינדען די ווונדן און די דראפעס וואס מיר האבן באקומען אויף די פיס און זיי האבן געבלוטיקט, פון די שפיציקע שטיינער אינעם וואסער. מ׳האט אונדז גענומען ארבעטן אין א מיליטער-רישן קעמפ, צו רייניקן פערד-געשפאנען. קיין איין זעלנער איז נישט דורכגעגאנגען, ער זאל נישט קאַפּען אונדז, ווואהין ער האט נאר געטראפן, ווו ס׳איז אים באקוועמער געווען, צי דאס איז געווען דאס פנים אדער דער בויך. מ׳האט גענומען גרופעס אין זעגן אריין צו זעגן קלעצער אויף ברעטער. די אויפזיכט האבן געהאט אוקראַינישע כוליגאנעס, וואס האבן געארבעט מיט אונדז עבודת פרך מיט שלעג צו, און נאך אונדז געלאכט אין די אויגן.

ווען די געסטאפו זענען דאס ערשטע מאל אריין קיין באליגראד, האבן זיי די אוקראאינישע כוליגאנעס געפירט צום רב ר׳ חיימל רבין, צו ר׳ ליפא מייזלעס און צו ר׳ איטשע דיין. זיי האבן ביי זיי געמאכט רעוויזיעס און צוגענומען כמעט אלע סחורות פון די געשעפטן, געשלעפט ר׳ ליפאן ביי זיין גרייזגרויער בארד און האבן זי אפגע-שניטן. ר׳ ליפא האט זיך ביי די רוצחים געבעטן, זיי זאלן אים שלאגן, אבי נישט די בארד אפשערן, אבער זיין געוויין האט נישט געהאלפן. זיי האבן אויך געמאכט רעוויזיעס ביי די, וועלכע זענען געווען באקאנט אלס ציוניסטן, האבן צוגענומען יעדער ציוניסטיש ספר, וואס זיי האבן געטראפן און אויך דעם מענטש ארעסטירט, זאגנדיק אז יעדער ציוניסט איז א קאמוניסט. די ארעסטירטע זענען צוריקגעקומען, אדער אן ציין אדער מיט א צעבראכענע האנט. די שיצאוויקן האבן ארעסטירט לייבלן פון זאטשעוו געהאלטן אים א פאר טאג אין ארעסט און שטארק צעשלאגן. נאכדעם ווי ער איז אהיימגעקומען איז ער אפגעלעגן 2 וואכן און געשטארבן.

אינעם יאר 1942 האבן זיי צוזאמענגעטריבן אלע יידן פון דער סביבה ארום קיין באליגראד און דאס האט גורם געווען אין שטעטל צו א גרויסער ענגשאפט. אין איין הויז האבן געוווינט א סך משפחות, דער הונגער איז געוואקסן און די לעבענס-באדינגונגען זענען געווען שרעקלעך. דאס לעצטע אנגעטועכטס האט מען פארקויפט פאר א שטיקל ברויט. די דארפס-יידן, פויערן פון דורי דורות, האבן געמוזט איבערלאזן זייערע הייזער און פארמעגנס, וואס זיי האבן אין משך פון דורות, מיט זייער שווייס און מיטן שווייס פון זייערע עלטערן, אנגעהארעוועט, דורך שווערע פעלד-ארבעט, און מ׳האט זיי אויך געצווונגען, איידער מ׳האט זיי פונעם דארף ארויסגעטריבן, אונטערצושרייבן א קאנ-טראקט, אז זיי פארקויפן מיטן גוטן ווילן, אלעס וואס זיי פארמאגן, צו די דארפס גויים.

דאסזעלבע האבן זיי אויך געטון מיט די באליגראדער יידן, וועלכע האבן געהאט הייזער אדער פעלדער און אויך זיי האבן געמוזט אזעלכע קאנטראקטן אונטערשרייבן. די ליידן זענען זער גרויס געווען. ס'איז נישט מעגלעך צו באשרייבן און שילדערן דעם הונגער און די שווערע ארבעטס-באדינגונגען, וואס זענען אלעמאל באגלייט געווען מיט קלעפ, שיקאנירונגען און בזיונות אויף יעדן שריט און טריט. פון די בתי מדרשים האבן זיי געמאכט סקלאדעס און פון דער שיל — א סקלאד פאר חזיר-פלייש.

בשעת דער רעגיסטראציע אינעם ביורו, האבן זיי גענוי פארשריבן אלע איינצל-הייטן פון א יעדן און די געסטאפו האט געלייגט זיגלן אויף די קען-קארטן, אבער נישט אויף אלע, נאר אויף די, וועלכע זענען נאך געווען פעאיק צו ארבעטן. די, וועלכע האבן נישט באקומען קיין זיגלן, האט מען געגעבן אנצוהערן, אז זיי זאלן גרייט זיין, אוועק-געשיקט צו ווערן אין פארניכטונגס-לאגער. די רעגיסטראציע האט זיך געענדיקט פאר נאכט אן קרבנות נאר א דאנק ליב ווערנער פונעם סאניקער יודנראט, וועלכער איז 11 א זייגער געקומען צו פארן קיין באליגראד. מיט זיין קומען האבן זיך אפגעשטעלט אביסל די קלעפ. אים איז געלונגען אביסל צו בארויקן די ווילדע נאצישע חיות און ער האט דעם טאג פארמיטן א סך קרבנות. נאך א פאר טאג האט מען גענומען די באליגרא-דער סטאלערס צו ארבעטן אין זאסלאוו, אנצוגרייטן באראקן פאר די באליגראדער, לינסקער, ליטאוויסקער און סאניקער יידן און פון דער סביבה.

יעדן טאג איז די לאגע שווערער געווארן און מ'האט געפילט אז די טעג זענען שוין געציילטע, דער סוף דערנענטערט זיך. נאר דער שטארקער לעבנס-ווילן, האט אלעמאל עפעס ארויסגעזוכט א פונק פון האפענונג, אפשר וועט פארט עפעס קומען א נס פון הימל, אפשר וועט דאך איבערבלייבן כאטש איינער פון א משפחה, ער זאל קענען נאכ-דערציילן וויאזוי א יידישער ישוב איז חרוב געווארן און קענען איבערגעבן די לעצטע צוואה „נקמה". די תלינים האבן געבושעוועט אן א גרעניץ, זיי האבן אנגעמאכט א שחיטה אין לינסק, ממש געשאסן אין די גאסן. אין וואלי מיכאווע, האבן זיי אלע יידן צוזאמענ-געטריבן, צעטיילט זיי אין צוויי גרופעס, איין גרופע אוועקגעשיקט קיין זאסלאוו און די צווייטע גרופע, פארשלאסן קודם אין שיל און שפעטער זיי ארויסגעפירט אויף א פלאץ, ווו ס'זענען שוין געווען אנגעגרייט מאסן-קברים און זיי דארט דערשאסן. די וועלעכע זענען געווען נאר פארוואונדעט, האבן זיי באגראבן לעבעדיקערהייט.

נאך אפאר וואכן אין א פרייטיק איז ארויס א באפעל, איבערצופירן אלע יידן קיין זאסלאוו. נאכמיטאג דעמזעלבן טאג איז געקומען א בשורה אז דער באפעל איז בטל געמאכט. אויפן סמך פון דער בשורה, האבן זיך אין שטעטל פארשפרייט פארשידענע פאלשע שמועות און איינע פון זיי, איז געווען, אז אין דייטשלאנד איז אויסגעבראכן א רעוואלוציע. די ארבעטער פון זאסלאוו, די סטאלערס שאיע, יוסף און בנימין שפירא און משה און מענדל רודי האבן דעם פרייטיק באקומען אורלויב און זיי האבן דערציילט פון די פארבערייטונגען וואס זיי האבן דארט געמאכט, געבויט באראקן און אויסגעגראבן לאנגע פאסעס. נאך א פאר טאג האט זיך ארויסגעוויזן, אז די גזרה איז נישט בטל נאר

פארשאבן געווארן. דעם צווייטן פרייטיק איז ארויס דער גורל'דיקער באפעל פונעם רוצח פראנק, אלע יידן צו איבערפירן קיין זאסלאוו.

די גזרה איז ארויס, קיין נס איז נישט געשען. עס איז נישט צו באשרייבן און עס איז נישט מעגלעך זיך פארצושטעלן דעם פרייטיקדיקן טראגישן טאג, דעם שרעקלעכן הארצ-פארבלוטיקן צער און ווייטיק פון די טאטע מאמעס צו זייערע קינדער, צו די פיצקאלעך, וואס האבן גאר נישט געוווסט. עס איז שוין קלאר געווען א יעדן, צו וועלכן צוועק מ'האט נאך מיט א וואך פריער, צוגעגרייט מאסן-קברים אין זאסלאוו. דאס שטעטל איז פארגאנגען אין א עכא פון געיאמערן און געשרייען. די מאמעס זענען געלאפען איינרייסן אויפן הייליקן ארט. די געוויינען און די פארביטערטע געשרייען, האבן זיך דערהערט איבערן גאנצן שטעטל. באלד זענען געקומען דייטשע סאדיסטן און מיט מערדערלעכע קלעפ פארטריבן די שרייענדיקע מאמעס פונעם בית הקברות. די ביטערע געיאמערן האבן זיך געשטארקט פון מינוט צו מינוט. עס האבן זיך געהערט שטימען פון מאמעס „רבש"ע, האב רחמנות אויף די קליינע שעפאלעך וואס האבן נאך נישט געזינדיקט ! וויאזוי וועסטו צוקוקן צום צער פון די אומשולדיקע שעפאלעך און צום צער פון די הארצ-פארבלוטיקטע מאמעס ? !". די שעה'ן האבן זיך גערוקט, עס איז שוין געווען פרייטיק נאכמיטאג, קיין האפענונג איז שוין נישט געווען, קיין נס איז נישט געשען, נישט געהאלפן די יעמערליכע געוויינען און נישט די תפילות. דער הימל איז געווען לויטער אבער די טויערן פון הימל, זענען געווען פארשלאסן מיט פארהארטעוועטע שטאלענע שלעסער. אין דער גאס האבן זיך ארומשפאצירט, די שטעטישע אוקראינישע און פוילישע גויים, וועלכע זענען דערצויגן געווארן אויף יידיש ברויט, געלאכט, געפרייט זיך און חוזק געמאכט. זיי האבן שוין געווארט אומגעדולדיק, זיי זאלן זיך שוין קענען טיילן מיט דעם, אזוי שווער פארהארעוועטן יידישן פארמעגן.

די צייט האט זיך גערוקט, דער שטארקער ווילן צום לעבן, האט ביי יעדן געשאפן פארשידענע פלענער, וויאזוי זיך ארויסצורייסן פון די חיה'שע הענט, אדער צו ארגאני-זירן א ווידערשטאנד אדער צו אנטלויפן אין די וועלדער, אבער ביידע זענען נישט געווען אויסצופירן. ווי איז מעגלעך געווען א ווידערשטאנד, מיט די ליידיקע הענט, אן געווער, מיט פאמיליעס מיט קליינע קינדער און אן הילף פון דרויסן. מעגלעך, אז פאר די דייטשן וואלט מען זיך געקענט אויסבאהאלטן אין די וועלדער, אבער פאר די גויים איז נישט מעגלעך געווען זיך צו באהאלטן, זיי האבן דאס וואלד בעסער געקענט ווי די יידן, פאר זיי איז נישט געווען קיין באהעלטעניש. אויך האט מען געוווסט פון די שרעקלעכע טויט-מיטלען וואס דערווארטן א געכאפטן. ביים אויסוויזן פון די דארפס-יידן, זענען א טייל אנטלאפן און דערנאך האט מען זיי געכאפט און זיי גע'הרגעט מיט שרעקלעכע יסורים, ברענענדיק זיי לעבעדיקערהייט מיט הייסע בלעכן און שניידנדיק פון זיי שטיקלעך פינגער ביז זיי זענען אויסגעגאנגען. פונדעסטוועגן האבן א גרויסער טייל באשלאסן צו אנטלויפן אין די וועלדער, הגם מ'איז געווען זיכער, אז מען וועט דעם טויט נישט מיידן, האט מען דאך דאס געטון, כדי נישט צוצוקוקן דעם טויט פון

דער משפחה, און אויך, לויט די ידעות פונעם רוסישן פראנט, האט מען געגלייבט אז ביז צום סוף פון די מערדער, זענען בלויז איינציקע מאנאטן.

מען האט זיך שוין קוים דערוואַרט אויף דער נאכט און געוואלט אנטלויפן, האבן די כוליגאנעס באלאגערט אלע יידישע הייזער און נישט געלאזט אנטלויפן. זיי האבן פיל געכאפט און איבערגעגעבן די פאליציי און דארטן האט מען זיי ארעסטירט. אייניקע איז דאך געלונגען צו אנטלויפן אין די וועלדער.

צווישן די משפחות וואס האבן באשלאסן צו אנטלויפן, איז אויך געווען מיין ברודער הערש מלך און א גרופע פון די שיאוויטשעס פון וואלי מיכאווא. מיין ברודער האט מיר, און דעם יינגסטן ברודער שמואל און דער שוועסטער, געהייסן זיך צוגרייטן צום אנט-לויפן. מיר האבן זיך געזעגנט מיט אונדזער אלטן טאטן, זיך צעקושט, ער האט מיט ביטערע טרערן און מיט א שטיקנדיקער שטים געזאגט, „גייט קינדערלעך, איך בין שוין צו אלט און אויך צו שוואך, איך קען מיט אייך נישט מיטגיין, איך וויל אייך נישט שטערן, גייט קינדערלעך, דער רבונו של עולם זאל אייך מציל זיין. איך גלייב אז איך געזעגן זיך מיט אייך אויף אייביק, נאר הלוואי איר זאלט דאס קענען איבערקומען און בלייבן לעבן, נאר געדענקט מיינע לעצטע ווערטער צו אייך: ווער עס וועט בלייבן לעבן פון אייך — **נקמה**! פאר דעם בזיון, פאר די ליידן, פאר דעם אומשולדיק בלוט פארגיסן!". מיט א פארשניטן און פארווייטיקט הארץ, האבן מיר דעם אלטן טאטן איבערגעלאזט אליין און אוועק.

איידער עס איז נאכט געווארן, זענען מיר זיך צוזאמען געקומען ביים פעטער עקיבא רודער, אינעם הויז ווו עס איז אמאל געווען דער פאסטערונעק (פאליציי). ביי נאכט, ווען מיר האבן געוואלט ארויס אין וועג אריין, האבן די אוקראינישע כוליגאנעס געשטעלט א וואך ביי יעדן יידישן הויז און נישט געלאזט אנטלויפן. זיי זענען געשטאנען מיט שטעקנס און מיט העק און אויך דייטשע און אוקראאינישע פאליציי, האבן זיך ארומ-געדרייט. עס איז אדורך די נאכט, עס האט אנגעהויבן צו טאגן, די כוליגאנעס האבן אפגעטרעטן, זיי זענען זיכער געווען, אז ביי טאג וועט מען נישט אנטלויפן. מיר האבן באשלאסן פאר א יעדן פרייז צו אנטלויפן, די שיאוויטשעס האבן רעזיגנירט. מיר האבן זיך געזעגנט מיט די איבריקע און אוועק. שנעל אוועק נעבן בית הקברות, זיך געזעגנט און מקנא געווען די אלע וועלעכע זענען שוין אויף דעם עולם האמת, וואס זענען געשטארבן זייער אייגענעם טויט.

מיר זענען אריין אין וואלד, געלאפן, געיאגט ביז מען איז כמעט געפאלן פון די פיס. מיר האבן זיך אוועקגעזעצט אפרוען און גענומען באטראכטן אונדזער לאגע, אן קליידונג, כמעט נאר אין דעם וואס מ'איז געגאנגען, קיין לעבענסמיטלען, קיין אויסזיכטן צום עקזיסטירן. עס זענען אדורך שרעקלעכע געדאנקען און בענקשאפט, צעשייד זיך פון דער משפחה, פון די עלטערן, פון ברודער מיט קליינע קינדער און אויך שוועסטערס. מיר זענען בלוז אוועק 5 פערזאן, מיין ברודער הערש מלך מיט זיין ווייב, דעם פעטער

עקיבא׳ס טאכטער, מיין שוועסטער רייזל, דער יינגסטער ברודער שמואל און איך, פארלאזט דאס יידישע שטעטל באליגראד אויף אייביק. דאס הארץ האט געשניטן פאר בענקשאפט און ווייטיק. עס האט אנגעהויבן פינצטער צו ווערן, דאס וואלד האט געווארפן א אימה. ס׳האט אנגעהויבן צו רעגענען און מיר האבן אנגעהויבן ווייטער צו גיין, אין דער ריכטונג פון די ראבעכער וועלדער, ווייל דארטן זענען מיינע צוויי ברודער — הערש מלך און שמואל — גוט באקנט געווען אין די וועלדער. זיי האבן דארט געלעבט די גאנצע צייט ביים פעטער זלמן פון ראבעך ביז צום אויסוויז קיין באליגראד. ענדלעך זענען מיר, מיט די וועלדער, אנגעקומען ביז ראבעך. דער רעגן האט זיך געשטארקט. הערש מלך האט זיך בגנבה צוגערוקט צו א גויישער שטוב, זיינס אמאליקער שכן, וועלכער האט מיט אים גוט געלעבט און פארן אויסוויז, באהאלטן ביי אים זאכן. ער האט אנגעקלאפט אין פענצטער און דער גוי איז ארויסגעקומען. הערש האט אים געבעטן, ער זאל אונדז אריינלאזן אין שטאל, ביז דער רעגן וועט זיך אפשטעלן. דער גוי האט ביי הערשן געבעטן, מען זאל זיך נישט דערנענטערן צו זיין שטוב, ווייל ווען די שכנים וועלן דאס באמערקן, ווארט אים א זיכערער טויט. דער גוי האט אויך דערציילט, אז די דייטשן האבן דעם שבת מאביליזירט פון דער גאנצער געגנט פערד מיט וועגן און באפוילן אז יעדער זאל אנלאדן אלע זאכן און מיטנעמען מיט זיך. ווי עס ווייזט אויס, איז דאס געווען צו פארבלענדן די אויגן. ווען מ׳הייסט אלע זאכן מיטנעמען, איז עס דאך א סימן, אז דאס פירט מען זיי זיכער צו ארבעט און נישט צום אומברענגען, כדי זיי זאלן נישט אנטלויפן.

הערש מלך איז צוריקגעקומען מיט דער בשורה, אז מיר מוזן אוועק אין וואלד. דער רעגן האט זיך געשטארקט. מיר זענען צוגעגאנגען צו א שטאל, וואס איז געווען אביסל אפגעווייטערט פונעם דארף און דארטן געזעסן א פאר שעה, ביז דער רעגן האט זיך אפגעשטעלט און דאן אוועק שנעלער אין וואלד אריין. קומענדיק אין וואלד, האבן זיך די רעגנס צוריק אנגעהויבן. מיר האבן געטראפן א ליגנדיקן בוים, וואס איז געווען אינווייניק לער (די גויים האבן דאס גערופן „קאלאדע״) פון אויבן האבן מיר צוגעדעקט אים מיט טשעטענע און מיט ליפעס פון טרוקענעביימער און מיר האבן זיך אלע 5 אריינגעשטופט אינעווייניק. אין דעם בוים זענען מיר געזעסן א גאנצע וואך. דער רעגן איז אדורך, מיר האבן אויפגעשטעלט פון צווייגן און טשעטענע א ביידעל און ביי נאכט זענען מיר אוועק אין די פעלדער זוכן קארטאפל. מיר האבן מיט די פינגער געגראבן אין דער ערד, באמיענדיק זיך נישט ארויסצוציען אדער צעברעכן די צווייגעלעך פון די קארטאפל, כדי נישט איבערצולאזן קיין סימנים אין פעלד. מיר פלעגן נאך אזא ארבעט קומען מיט געשוואלענע פינגער און צעקאליטשעטע נעגל ביז בלוט.

עס איז געקומען „ראש השנה״. דער ערשטער ראש השנה אין וואלד. דאס הארץ האט געשניטן פאר ווייטיק. ס׳האט זיך געדאכט, אז אט ווערט מען דערשטיקט פאר ווייטיק, דערמאנענדיק זיך דעם פאריקן ראש השנה, ווען מ׳איז נאך געווען אין דער היים אלע צוזאמען, מ׳האט געדאוונט אין ר׳ ליפא מייזעליס בית המדרש. וויפל טרערן האבן זיך

פארגאסן ביי די תפילות! אלעזר לעפעלשטיל האט געדאווענט שחרית און ביי דער תפילה „לאל עורך דין", האט ער זיך געשטיקט מיט די טרערן. ר׳ ליפא האט געדאווענט מוסף און ביי „ונתנה תוקף", האט ער פארגאסן ביטערע טרערן, ער האט יעמערליך געוויינט, גלייך ווי ער וואלט געוווסט אז דאס איז זיין לעצטער „ונתנה תוקף". עס זענען אדורך אין די געדאנקען, דער אמאליקער ראש השנה מיט דער גאנצער משפחה, די קדושה וואס האט געהערשט אין שטעטל, די גרויסע שיל, די גאלדענע אותיותביים ארייגאנג „מה נורא המקום הזה", די היילקע חיות, וואס האבן ווי לעבעדיק, מיט הייליקייט און מיט רחמים, אראפגעקוקט פון אויבן פון דער שיל, אלעזר לעפעלשטילס הארציקע שטימע און ר׳ חיימלס „מן המצר", האבן אריינגעדרונגען טיף אין יעדער יידיש הארץ, און היינט אליין אין וואלד, גלייך ווי אלע ווילדע חיות, קיין היים, קיין משפחה. א שווערער שטיין איז געלייגן אויפן הארץ, עס האט זיך געדאכט, אז אט אט ברעכט עס איין. מיר זענען געזעסן ביים פייער פארשטומט, נישט געקענט ארויסרעדן א ווארט, עס האבן זיך בלויז געקייקלט איינציקע טרערן. מיר האבן זיך געלייגט שלאפן מיטן איינציקן ווונטש און איינציקער תפילה, הלוואי ווערט מען פארשלאפן אויף אייביק און מ׳שטייט מער נישט אויף. אונדזער ווונטש איז ליידער נישט מקוים געווארן. מיר זענען געשלאפן אויף דער נאסער, קאלטער ערד און אויפגעשטאנען געזונט, זיך נישט פארקילט, נאר אין הארצן האט געדריקט אן אויפהער. ס׳איז נישט ליב געווען די שיינע זון, וועלכע האט אויף אונדז געקוקט מיט אירע ליכטיקע און פיינדלעכע שטראלן, וועלכע האבן אויף אונדז א פחד אנגעווארפן. מיר האבן געוואלט, אז ס׳זאל שטענדיק פינצטער זיין, ס׳זאל שטענדיק פארוואלקנט זיין, ס׳זאל שטענדיק זיין נאכט, גלייך ווי עס איז געווען אויף אונדזערע הערצער.

די ימים טובים זענען אוועק און סוכות האבן זיך אנגעהויבן פרישע רעגנס. אונדזער ביידל האט זיך אגעכאפט און פארברענט געווארן, מיר זענען גלייך אנטלאפן, מורא־האבנדיק צי עמעצער האט נישט באמערקט דאס פייער. עס האט אנגעהויבן צו פאלן א שניי, קיין אנדערן בונקער האבן מיר נישט געקענט אויפשטעלן, מען זאל אינעם שניי נישט אנטפלעקן אונדזערע שפורן. ווו מיר האבן גענעכטיקט, האבן מיר נישט געטאגט, כדי צו פארווישן די שפורן.

הערש פלעגט ביי נאכט צוקומען צום גוי געוויער ווערן וואס מען הערט. דער גוי האט אים דערציילט אז אין זאסלאוו זענען שוין געבליבן ווייניק יידן, פיל האט מען געשאסן אויפן פלאץ און א גרויסן טייל האט מען אוועקגעשיקט קיין בעלזיץ אין קרע־מאטאריום. מיר זענען אויך געוויער געווארן, אז אונדזער עלטסטער ברודער, לוי, מיט זיין פרוי און 4 קינדערלעך און זיין שווער און שוויגער, זענען אויך אנטלאפן אין די וועלדער, נאר האבן זיי ליידער נישט געקענט עקזיסטירן. די גויים האבן זיי געיאגט און זיי האבן אויך נישט געקענט צוקוקן דעם צער פון די הונגעריקע קינדער. זיי זענען אוועק קיין זאסלאוו אין לאגער אריין. דער גוי האט אויך דערציילט, אז עס דרייען זיך ארום אין די וועלדער רוסישע פארטיזאנער און זיי באפאלן דערפער און נעמען פרא־

דוקטן. מיר האבן באשלאסן זיי אויפצוזוכן, אפשר וועלן זיי אונדז נעמען מיט זיך און מיר וועלן קעמפען מיט זיי צוזאמען. אין א נאוועמבער נאכט, האבן זיך מיינע ברידער, הערש און שמואל, מיט זיי באגעגנט ביים דארף, דערציילט זיי וועגען אונדזער לאגע און אונדזער באשלוס. די גרופע פארטיזאנער האבן גלייך באשלאסן צו גיין אין אונדזער בונקער, וואס מיר האבן שוין דערווייל צוגעגרייט, אויף ווינטער, אין דער צייט ווען דער ערשטער שניי איז נעלם געווארן. ווען זיי זענען געקומען צו אונדז אין וואלד, זענען מיר פון פון זיי געוווירער געווארן, אז זיי זענען נישט קיין ארגאניזירטע פארטיזאנער, נאר רוסישע זעלנער וואס זענען אנטלאפן פון דייטשער געפאנגענשאפט און קעמפן נישט, נאר זיי האבן וואפן און ביי נאכט באפאלן זיי דערפער און נעמען פראדוקטן.

מיר זענען געוועזן מיט די פארטיזאנער. ביי נאכט אויך מיטגעגאנגען מיט זיי אויף ארבעט, אזוי האבן זיי דאס גערופן. דערווייל זענען נאך צוגעקומען גרופעס פארטיזא-נער און האבן זיך געמאכט בונקערס נישט ווייט פון אונדז. איינמאל האבן זיי, גייענדיק, געטראפן אין וואלד א גוי, גענומען אים צום בונקער און אים דערשאסן, מורא׳האבנדיק, אז דער גוי זאל נישט אויסגעבן, ווו מיר געפינען זיך, באלד נאך דעם פאל האבן מיר זיי געראטן, מען זאל אויף א פאר טאג אוועק פון דעם פלאץ, ווייל מען וועט קומען זוכן דעם גוי. זיי האבן געלאכט, ווער וועט קומען זוכן א פויער? האבן זיי געזאגט. דעם דריטן טאג נאך דעם פאל, נאכמיטאג, איז דער יינגסטער ברודער שמואל ארויס פון בונקער, כדי צו טון זיין באדערפעניש און פלוצים האט זיך געעפענט א שיסעריי, די קוילן האבן געפייפט איבער די קעפ, מיר זענען אנטלאפן א שטיקל וועג און דאן געעפנט א פייער צוריק. דאס שיסעריי האט זיך באלד אפגעשטעלט און מיר מיט די פארטיזאנער זענען באלד אוועק אין די ראסטאקער וועלדער. אויפן וועג האבן מיר נישט באמערקט אז שמואל געפינט זיך נישט מיט אונדז. מיר האבן זיך אפגעשטעלט אויף א הויכן בארג און דעם צווייטן טאג האבן מיר געהערט ווי מען אטאקירט מיט גראנאטן און קאנאנען דאס וואלד ווו אונדזער בונקער איז געווען. ביי נאכט זענען מיר ערשט אריין קיין ראסטיק, נאך 2 טאג פאסטן. מיר האבן געהערט אז די פארטיזאנער האבן באשלאסן צו גיין אין די לינסקער וועלדער און מיר האבן באשלאסן נישט מיטצוגיין מיט זיי נאר בלייבן אין אונדזער געגנט. מיר האבן נישט געוואלט פארלאזן דעם פלאץ, ביז מיר וועלן נישט וויסן, וואס עס איז מיט שמואלן געשען. מיר האבן געהאפט, אז ער געפינט זיך אין וואלד און מיר וועלן אים אפזוכן.

אין ראסטיק האט מען אונדז דערציילט, אז די גראזינגערס פון ראסטיק מיט זייער פאמיליע און אויך שמעונ׳ס שווער און שוויגער פון סאניק, זענען געוועזן באהאלטן ביי א גוי, פארבויעט אין א שטאל איניקע חדשים. א שכן האט געהערט איינמאל די שטימע פון שמעונס א יינגאלע און גלייך געמאלדן דער פאליציי, וועלכע האט זיי אלע גלייך פארנומען מיטן גוי צוזאמען און זיי האבן זיך שוין מער נישט צוריקגעקערט. מיר האבן זיך מיטגענומען אביסל פראדוקטן און אוועק צוריק אין די ראבעכער וועלדער. אין דרויסן האט זיך געמאכט א זאוויערוכע, עס האט זיך געשיט שניי אן אויפהער. די

פאדעשוועס פון אונדזערע שיך זענען געווען פוון האלץ, דער שניי האט זיך אנגענומען אין די האלצענע שיך. די פיס האבן זיך אנגעריבן און עס האבן זיך געמאכט ווונדן און בלאטערן, די פינגער זענען געווען אָפּגעפרויערן עס האט געריגען פון זיי, די יסורים זענען געווען שרעקלעך און אזוי זענען מיר געגאנגען ביז מיר זענען אנגעקומען אין די ראבעכער וועלדער. דארט האבן מיר גענעכטיקט ביי א קליין פייערל און דער שניי האט זיך געשיט אויף אונדז אן אויפהער. דעם צווייטן טאג האבן מיר ווידער געוואנדערט ביז נאכט, מ׳האט נישט געקענט זיצן ווייל ס׳איז געווען א פראסט און קיין פייער האט מען ביי טאג נישט געקענט מאכן.

ביי נאכט איז הערש אוועק אין דארף, דערוויסן זיך ווו שמואל געפינט זיך. מיר זענען געבליבן ווארטן מיט דער האפענונג, אז ער וועט קומען צוזאמען מיט שמואלן. הערש איז צוריקגעקומען אליין, איינס א זייגער ביינאכט, אן שמואלן. מיר האבן באלד אין אים דערקענט, אז שמואל איז שוין נישט דא. ער האט אונדז דערציילט, אז שמואל לעבט נישט מער. ווען ער איז ארויס פונעם בונקער איז ער גלייך פארווונדעט געווארן אין די לונגען, ער איז אנטלאפן. ביי נאכט איז ער געקומען אין דארף, און זיך ארויפגעכאפט אויף א בוידעם. א גוי האט אים באמערקט און געמאלדן דער פאליציי, וועלכע האט אים גלייך אוועקגענומען קיין באליגראד, גענומען אים צו א דאקטער, וועלכער האט פעסטגעשטעלט, אז ער איז שווער פארווונדעט אין די לונגען. זיי האבן אים נאך געהאלטן איין טאג, געפארשט און געפייניקט, ער זאל דערציילן, ווו די פארטיזאנער זענען און וועלעכע גוים העלפן אונדז, ער האט גאר נישט דערציילט. פארנאכט האבן זיי אים געשאסן אויפן הייליקן ארט. ער איז בלויז 19 יאר אלט געווען. הי״ד. איצט זענען מיר געבליבן נאר 4 פערזאן, אונדזער ווייטיק איז נישט צו באשרייבן. זיין גורל איז געווען, אז ער האט נישט מער געקענט אנטלויפן, ער האט פיל בלוט פארלוירן און געבליבן אן כוחות.

מיר האבן א גאנצע וואך ארומגעוואנדערט, דאס ביסל קארטאפל האט זיך געענדיקט, מיר האבן שוין קוים געקענט שלעפן די פיס. מיר האבן באשלאסן, צוריקצוגיין צו דעם בונקער, פון וואנען מיר זענען אנטלאפן. צוקומענדיק צו דעם פלאץ האבן מיר באמערקט אז אלץ איז פארברענט און צעהאקט. די פראדוקטן, וואס מיר האבן איבערגעלאזט, זענען געווען באגאסן מיט נאפט. פונעם בונקער זענען בלויז די ווענט געבליבן, וואס זענען געווען איינגעגראבן אין דער ערד. מיר האבן אים גלייך פאראכטן מיט צווייגן און טשעטענע און געדעקט דעם דאך. עס איז שוין געווען מערץ, אין דרויסן האט שוין אנגעהויבן ווארעמער צו ווערן. מיר האבן געפונען א ביסל פלייש פון א קו, וואס די פארטיזאנער האבן באגראבן נעבן א בוים. דאס פלייש איז שוין געווען באדעקט מיט ווערעם, א גרויסער טייל איז שוין געווען פארפוילט, מיר האבן דאס אפגעוואשן און גענוצט, קיין אנדערע פראדוקטן האבן מיר נישט געהאט.

ווען דאס פלייש האט זיך געענדיקט, איז דער ברודער אוועק אין די קאמינקער וועלדער ווו עס איז אמאל אויך געווען א גרופע פארטיזאנער, ער האט דארטן געטראפן

געשאכטענע פערד, וואס זענען שוין געווען פארפוילט. ער האט פון דעם נאך עפעס אויסגעקליבן און געברענגט, מיר האבן דאס אפגעוואשן און גענוצט. דער שניי איז צוביסלעך אראפ, דאס פערד-פלייש האט זיך אויסגעלאזט. מיר זענען אוועק ביי נאכט צום דארף, דארט האבן מיר געווארט, ביז די הינט זענען שטיל געווארן. די הינט האבן אונדז דערשפירט פון דערווייטנס. אונדזער גוי פלעגט צו זאגן, אז פון אונדז שפירט זיך דאס וואלד-ווילדקייט, דערפאר שפירן אונדז די הינט. ווען די הינט זענען מיד געווארן בילנדיק און מ'האט געהערט אז די וואך האט זיך דערווייטערט, עס פלעגן ארומגיין די גוים מיט 2 שיציאביקעס, אדער דייטשן א גאנצע נאכט, פלעגט דער ברודער אליין אראפ אין דארף אריין, ארייגכאפן זיך אין קעלער אריין, אנלאדענען א זאק פון 50 קילא קארטאפל בערך, ארויפקומען צו אונדז, אנגעפולט אונדזערע רוק-זעק און נאכאמאל אוועק אין קעלער, ביז ער האט אלע זעק אנגעפולט. מיר האבן מיט אים נישט געקענט גיין אין קעלער כדי מען זאל נישט באמערקן, אויך זענען מיר נישט געווען באקאנט אינעם דארף, אין פאל ווען עס האט עמיצער באמערקט און מען האט געדארפט וויסן וויארום צו אנטלויפן. אזוי פלעגן מיר, מיין ברודער מיט זיין ווייב, מיין שוועסטער און איך, זיך שלעפן מיט געלאדענע רוק-זעק פון 5 ביז 6 ק"מ אין וואלד ביינאכט אין דער פינצטערניש, צווישןביימער, סקאלעס און זומפן ביז מ'איז געקומען צום פלאץ. מיר אלע זענען געווען באלאדן יעדער בערך צו 25 ק"ג און דער ברודער בערך 50 ק"ג. די קארטאפל האט מען איינגעטיילט, נישט צום איינשטעלן דעם הונגער, נאר בלויז די נשמה צו דערהאלטן.

עס האט זיך אנגעהויבן דער זומער 1943 מיט נייע פרישע צרות; די פאסטעכער פונעם דארף האבן אנגעהויבן צו פאשען די בהמות אין וואלד. עס איז פשוט שווער געווען צו געפינען א ווינקל, ווו פאר זיי זיך צו באהלטן. מיר האבן אויף דאס ניי געמוזט כסדר וואנדערן. זומער, ווען די תבואות האבן אנגעהויבן צייטיק צו ווערן, האבן מיר געריסן זאנגען. ביי טאג האבן מיר די זשארקעס געטרוקנט, צעריבן זיי מיט צוויי שטיינער און דאס מעל צוגעמישט צו די קארטאפל. מיר האבן אויך אנגעהויבן צו גרייטן אביסל תבואה אויפן ווינטער, דאס באהאלטן אבער די תבואה איז געווען א שווער פראבלעם, ווייל די וואלד מייז האבן אומעטום געפונען. די קארטאפל, וואס מיר האבן אין גריבער אין דער ערד באהאלטן, האבן זיך צעוואקסן און ארויסגעלאזט גרינע צווייגן. די שאף האבן אנגעהויבן צו שארן מיט די פיס, די פאסטעכער האבן דאס באמערקט, עס אויסגעגראבן און אוועקגעגעבן די בהמות.

עס האט זיך דערנענטערט דער חשון. ס'האבן זיך געמאכט רעגנס און קעלטן און מיר זענען געגאנגען אין די פעלדער אין די ערגסטע רעגנס. עס פלעגט צו דונערן און צו בליצן און גיסן און מיר זענען געקראכן צווישן ביימער, פניאקעס און שטיינער אין דער פינצטערניש, מ'האט איינער דעם צווייטן נישט געקענט זען. נישט איינמאל פלעגט מאנכער אויסגליטשן זיך און פאלן מיט דער משא. הערש איז אמאל געפאלן און האט זיך עפעס באשעדיקט אין דער פלייצע, ער ליידט דערפון נאך ביז היינט. מען פלעגט

קומען דורכגענעצט ביז צום לעצטן פאדעם, געמאכט א פייער און געטרוקנט די קליידער אויף זיך, ביז עס האט זיך אויסגעטרוקנט איין זייט, איז נאס געווארן די צווייטע. אין בונקער אדער אין אביידל האט מען נישט געקענט זיצן, ווייל די פיל רעגנס האבן דעם דאך דורכגעווייקט און אינעווייניק האט זיך מער געגאסן ווי אין דרויסן. מ׳פלעגט אזוי איינשלאפן זיצנדיק ביים פייער און יעדער מינוט זיך איבערוועקן, איבערגעשראָקן פונעם רעש פון דורכלויפנדיקע חיות אדער פון פייגל.

ס׳האט זיך דערנענטערט דער ווינטער, די פאסטעכער האבן אויפגעהערט צו קומען טיף אין וואלד אריין מיט די בהמות. מיר האבן זיך גענומען צוגרייטן אויף ווינטער א בונקער אין דער ערד. מיר פלעגן גראבן ביי נאכט, כדי מען זאל נישט הערן קלאפן. דעם דאך האבן מיר פארדעקט מיט ליים און פון אויבן מיט טשעטענע. אינעווייניק האבן מיר געמאכט א אויוון צום הייצן. עס האט זיך אנגעהויבן דער ווינטער 1944. עס זענען געפאלן גרויסע שנייען און עס זענען געווען גרויסע פרעסט. די פראדוקטן, וואס מיר האבן צוגעגרייט, זענען געווען זער ווייניק, די מייז האבן אויפגעגעסן און אויך די פאסטעכער. מיר האבן איינגעטיילט צו 5 קארטאפל א מאלצייט איין פערזאן צווי מאל אין טאג, אינדערפרי און ביי נאכט. פארנאכט פלעגט מען ארויס אין וואלד ברענגען האלץ צום הייצן פון אפגעטרוקנטע ביימער.

אויף די פיס האבן זיך געמאכט ווונדן, ווייל זיי זענען געווען אנגעפרוירן. אין בונקער האבן מיר געהייצט. פון דער ווארעם איז זיך צעגאנגען דער שניי אויף דעם דאך, דאס וואסער האט זיך איינגעזאפט אין דער ערד פונעם דאך און דאן האט גערונען אינעווייניק. אין דרויסן איז געפאלן א שניי און אין בונקער איז געווען א רעגן. יאנואר 1944. די שנייען זענען געפאלן כמעט אן אויפהער, די פרעסט האבן זיך געשטארקט, די פראדוקטן האבן זיך אנגעהויבן ענדיקן, מ׳האט שוין בלויז איינמאל אין טאג געגעסן. מ׳האט אפגעקאכט א גרויסן טאפ מיט ווארעם וואסער, 4 קארטאפל צעשניטן אויף קליינע שטיקלעך, אריינגעווארפן אין וואסער און אזוי געגעסן. עס איז שוין נמאס געווארן דאס לעבן, מיר האבן מקנא געווען די, וועלכע זענען אוועק קיין זאסלאוו, זיי זענען זייערס איבערגעקומען. מיר האבן שוין קיין שום האפענונג און קיין אויסזיכטן נישט געהאט איבערצוקומען דעם ווינטער.

ווען די פראדוקטן האבן זיך אינגאנצן געענדיקט, איז קיין אויסוועג ניט געווען — מ׳האט געמוזט גיין אין דארף אריין. דער ברודער איז אוועק ביי נאכט אין דארף צום גוי און געבעטן אים אביסל קארטאפל. דער גוי איז געווען א ארעמער, ער האט אליין נישט געהאט און האט אים דאך געגעבן א פאר קאַרטאפל. דער ברודער איז אוועק און זיך אריינגעכאפט אין א קעלער, אנגעלאדן זיין רוק-זאק און געלאזט זיך צוריקגיין, גייענדיק אין וואלד אין טיפן שניי. דער שניי איז געווען ווייך און די פיס זענען געזונקען, ער איז אריין אין א טיפן טאל און נישט געקענט ארויס. ער האט זיך שעה׳ן געמוטשעט און נישט געקענט ארויס, ערשט אינדערפרי ווען דער שניי איז אביסל הארט געווארן, איז ער ארויסגעקראכן. אזוי האט מען זיך מיט צרות און ליידן איבערגעמוטשעט

ביז מערץ. דער שניי האט זיך אנגעהויבן צו צעלאזן, עס איז ווארעם געווארן. אין א געוויסן פרימארגן, האט זיך א פונק ארויסגעכאפט פונעם אויוון און עס האט זיך אנגעכאפט די טשעטענע, מיר זענען קוים ארויסגעלאפן, דער בונקער איז פארברענט געווארן. מיר האבן פארלאזט דעם פלאץ און אביסל זיך דערנענטערט אין די נענטערע וועלדער צום דארף. מיר האבן געפונען א טויטע סארנע, באפרעסן פון עפעס א חיה, מיר האבן זי צורעכט געמאכט און דערנערט זיך מיט דעם פלייש, מיט דעם זענען מיר איבערגעקומען דעם גאנצן מערץ. אין אפריל איז אינגאנצן צעטאפיעט געווארן דער שניי. מיר האבן געהערט, אז די סאוויעטן זענען שוין אויף דער פולישער טעריטאריע און אויך האבן מיר געהערט, אז אין די וועלדער זענען דא פארטיזאנער. מיר האבן זיי אויפגעזוכט און געבעטן, זיי זאלן אונדז צונעמען צו די פארטיזאנער. ווען זיי האבן אונדז אנגעקוקט, ווי מיר האבן אויסגעזען, האבן זיי אונדז נישט געוואלט נעמען, זיי האבן אונדז געהייסןווארטן, ביז די ארמיי וועט אריינקומען. מיר האבן זיך שוין אין וואלד פרייער באוועגט און גוים זענען שוין אין וואלד נישט געקומען.

אין יולי איז פריש די לאגע ערגער געווארן. אין דארף האבן זיך באזעצט באנדעראַ-ווצעס און מ׳האט נישט געקענט צוקומען צום דארף. נאך עטלעכע וואכן זענען זיי פון דארט אוועק. דער פראנט האט זיך דערנענטערט. מ׳האט שוין געהערט באמבארדירן און אויך קאטיושקעס. מ׳האט שוין געהאט אביסל א האפענונג, די פראנט איז שוין צוגעקומען ביז סאניק. אונדזער לאגע איז ווידער ערגער געווארן, ווייל אין די וועלדער האבן זיך אנגעהויבן ארומצודרייען באנדעראווצעס, זיי זענען מיט די וועלדער אנטלאפן קיין טשעכן. נאך ראש השנה האט מען געהערט אז דער פראנט איז שוין נעבן לינסק, מ׳האט שוין געהערט געווער-שיסעריי.

מוצאי שבת איז דער ברודער געווען אין דארף ביים גוי, אין דארף איז געווען שטיל, עס זענען נישט געווען קיין דייטשן און קיין פארטיזאנער און דאס שיסן האט זיך אויך אינגאנצן אפגעשטעלט. ער איז צוריקגעקומען, איידער עס האט אנגעהויבן צו טאגן און זיך געלייגט שלאפן. איך האב מיך געשטעלט אויף דער וואך. בערך 8 א זייגער אינדערפרי האב איך געהערט א נאענטן געווער-שאס. איך בין ארויס אין עק וואלד, זען וואס עס טוט זיך אויפן פעלד. איך האב זיך געשטעלט ביי א בוים און באמערקט א באוועגונג פון מענטשן, גלייך ווי מ׳זאל עפעס גראבן, איך האב אויך באמערקט א גרופע דייטשע אפיצירן שפאנען אויפן פעלד. איך האב באלד פארשטאנען אז דא גראבן דייטשע זעלנער שיצן-גרעבער און אז דער פראנט שטעלט זיך דאן אפ. איך בין גלייך צוריקגעלאפן צום ביידל און איבערגעגעבן דעם באריכט. הערש מלך האט באשלאסן, אז מען מוז אנטלויפן צו די פארטיזאנער אין די קאמינקער וועלדער.

מיר זענען אפגעגאנגען בערך א 2 ק״מ און ארויפגייענדיק אויפן שפיץ בארג, האבן מיר פלוצים דערהערט א געשריי „האלט״. מיר האבן זיך תיכף אויסגעדרייט און צוריק-געלאפן בארג אראפ, יעדער אין א אנדערער זייט. זיי האבן אונדז נאכגעשאסן אין איך האב געכאפט א קויל אין דער דיעך. איך בין נאך א פאר שריט געלאפן און גלייך

געפאלן. דער פוס איז מיר געווארן שטייף, איך האב קיין שום מאכט געהאט אין אים. איך האב זיך אוועקגערוקט ליגנדיק צווישן געדעכטע קשאקעס און געבליבן ליגן שטיל. איך האב געהערט, ווי דייטשן גייען און רעדן צווישן זיך, זיי זענען צוגעקומען אין דער צווייטער זייט פונעם קשאק, ווו איך בין געלעגן, זיי האבן אויסגעבראכן א פאר ריטלעך און זיך צוריקגעקערט. איך האב זיי געזען, אבער זיי מיך — נישט. נישט ווייט פון מיר, אויפן בארג, האב איך געזען א ארמאטן-מאשין איינגעגראבן אין דער ערד. איך האב זיך געגומען, לאנגזאם און שטיל, רוקן בארג-אראפ, כדי זיך צו דערווייטערן פון זיי. ווען איך האב זיך דערווייטערט אביסל פונעם פלאץ, האב איך זיך אפגעשטעלט און באטראכט די ווונד. איך בין געווען אינגאנצן פארבלוטיקט. איך האב געזען א טיפן לאך אין דער דיעך, דאס בלוט האט זיך נישט אפגעשטעלט. איך האב זיך גערוקט אין דער ריכטונג צום בונקער, זייענדיק זיכער, אז מיינע שעה׳ן זענען געציילטע. איך בין געבליבן אליין, אן שום ערשטער הילף, איך האב גערעכנט, אז טאמער וועט עמעצער בלייבן, וועט מען מיך אין בונקער גיכער געפינען. איך האב זיך געמוזט רוקן, ווייל שטיין אויף די פיס, האב איך נישט געקענט. מיטאגצייט, האבן זיך די קאמפן אנגעהויבן, עס זענען געפלויגן קאנאנען-קוילן און די עראפלאנען האבן באמבארדירט דאס ווואלד און באשאסן מיט מאשינען-געווער. עס האט געדונערט אן אויפהער, ס׳האט זיך געהערט דער רעש פון פאלנדיקעביימער, און עס האבן זיך אויסגעמישט קולות פון דייטשע באפעלן, און קרעכצן און שרייען פון פארווונדעטע. מיר איז שוין געווען גלייכגילטיק. פארנאכט בין איך צוגעקומען צו א ליגנדיקן בוים, איך האב אריבערגעלייגט איין פוס און דעם צווייטן, האב איך שוין נישט געקענט, איך בין געבליבן אן כוחות און געקריגן שטארקע שמערצן, איך בין געבליבן אויף דעם פלאץ און נישט געקענט ווייטער. פון רוקן זיך צווישן די שטיינער, צווייגן און שטעכיקע גראזן, זענען אויף מיר די קליידער צעריסן געווארן. אויך די הויט פונעם קערפער איז געווען ארומגעריסן ביז בלוט.

ס׳האט אנגעהויבן צו רעגענען, די נאכט איז געווען א ליכטיקע, פון די פייערן, וואס האבן געברענט ארום און ארום דעם וואלד. אין דער האלבער נאכט בערך, בין איך איינגעשלאפן. איך האב זיך אויפגעכאפט מאנטיק אינדערפרי, איך האב זיך אביסל בעסער געפילט. איך האב פארשטאנען אז די קויל איז זיכער נישט אריין אינעווייניק, נאר זי איז דורכגעלאפן אין דער זייט. איך האב נאכאמאל באקוקט די ווונד, עס האט אויסגעוויזן, ווי א לאך פון א שטיק אויסגעריסן פלייש. אין דרויסן איז געווען שטיל, מ׳האט נישט געהערט קיין שאס. איך האב זיך אנגעהויבן צו רוקן און ערשט פארנאכט בין איך צוגעקומען צום בונקער. די שוועסטער איז ארויסגעלאפן און מיך געטראפן קריכן ליגנדיק. זי האט מיך באלד אריינגענומען אינעם בונקער.

וו׳אזוי איז די שוועסטער צוריקגעקומען צום בונקער? ווען מיר זענען זיך צעלאפן, איז א יעדער געלאפן אין א אנדערער זייט. איך בין געבליבן פארווונדעט, די שוועסטער איז נישט געווען אזוי באקאנט אין די וועלדער און זי האט זיך נישט געטראפן מיט הערשן און די שוועגערן ביילע. זי האט געבלאנדזשעט צווישן דייטשן מיליטער, זיי האבן

אויף איר נישט געלייגט קיין אכט, זיי האבן שוין געהאט מיט זיך צו טון, זי האט אזוילאנג געבלאנדזשעט ביז זי איז צוריקגעקומען צום בונקער. איצט זענען מיר שוין געווען אין צווייען. שוין 2 טאג אן עסן, מיר האבן געהאט קארטאפל אבער נישט קיין פייער. ארום אונדז האבן זיך ווידער אנגעהויבן געשיסערייען פון מאשין-געווער און נאמיאטן. די יסורים פונעם ווונד האבן זיך געשטארקט, גלייך מ׳וואלט געשניטן מיט מעסערס, איך האב קיין אויג נישט צוגעמאכט. אין דער האלבער נאכט האט זיך דאס שיסן אויפגעהערט, מ׳האט נאר געהערט געשרייען און פערד-געלויף.

אין דער פרי איז אינגאנצן שטיל געווארן. די שוועסטער איז ארויס, זוכן אביסל יאגדעס אין וואלד נישט ווייט פונעם בונקער. זי האט געטראפן פיל ליידיקע שיצנגרעבער און באלד צוריקגעקומען מיט אביסל יאגדעס. פלוצים האבן מיר באמערקט עמיצן דורכלויפן ביים בונקער. די שוועסטער איז ארויסגעשפרונגען און געטראפן א גוי מיט א גוייע, זיי זענען איבערגעשראקן געווארן און נישט געקענט קיין ווארט ארויסריידן, ווען זיי האבן זיך אביסל בארואיקט האבן זיי דערציילט אז די דייטשן זענען שוין אנטלאפן און די סאוויעטן זענען שוין אין דארף, זיי האבן אויך דערציילט, אז זיי האבן געזען הערשלען מיט זיין ווייב אין די קאמינקער וועלדער, ס׳ווייזט אויס אז זיי איז ענדלעך געלונגען, צוצוקומען צו די פארטיזאנער.

די שוועסטער איז אוועק אין דארף און צוריקגעקומען מיט פערד און וואגן. מיר זענען געפארן קיין באליגראד און באלד נעבן קוזשמאקן האבן מיר געטראפן דעם ברודער מיט דער שוועגערין. קוזשמאק האט זיך מיט אונדז זייער געפרייט און באלד געשיקט צו א מיליטערישן דאקטער, מ׳זאל מיך אננעמען אין שפיטאל. דער מיליטער-דאקטער האט פעסטגעשטעלט, אז מיין ווונד איז פון א דום-דום קויל און אז ערשט אינעם דריטן טאג נאכן פארוואונדעט ווערן, האב איך באקומען די ערשטע הילף. אין שפיטאל איז נישט געווען קיין פלאץ, ס׳איז געווען איבערפולט מיט שווער פארוואונדעטע זעלנער.

פארנדיק דורך באליגראד, האב איך געטראפן דאס שטעטל ווי געווען, די הייזלעך אויפן זעלבן פלאץ ווו אמאל, אבער ליידער, אנשטאט יידישע פנים׳ער, האבן זיך ארויס-געוויזן גויישע פרצופים, וועלכע האבן אויף אונדז געקוקט מיט א באהאלטענע סאטיס-פאקציע, אנשטאט אמאליקע יידישע קינדערלאך, האבן איצט דורך די פענצטער ארויס-געקוקט גויישע שקצים.

דאס שטעטל האט אויסגעזען ווי איינגעוויקלט אין א אייביק טרויריקן שאטן. די ווענט האבן אויסגעזען ווי שווארץ פון טרויער. צוזעענדיק ווי דאס שטעטל זעט איצט אויס און דערמאנענדיק זיך ווי דאס שטעטל האט אמאל אויסגעזען און וואס עס איז געשען, האט גענומען דריקן ביים הארץ, ווי ווען מ׳זאל שניידן שטיקער פלייש. איך האב פארגעסן פון מיינע יסורים פון דער ווונדע, עס איז נישט ליב געווען דאס גאנצע לעבן. איין תפילה איז געווען אין מיין הארץ, די ערד זאל עפענען איר מויל און אלעס איינשלינגען, עס זאל פון שטעטל קיין זכר נישט בלייבן.

איבערגעגעבן דורך דוד קסלר מבליגראד.

חנה דרורי (ליבר)

## מה שעבר עלי ואיך נצלתי.


תמונת המחברת

כשפרצה המלחמה בשנת 1939, הייתי בת 9 וחייתי ביחד עם אמי הי"ד בכפר קריוועק ע"י ליטוביסק. רוב היהודים, ובעיקר הצעירים, ברחו מכפרינו, לעבר הנהר סאן, לצד הכיבוש הסוביטי, אחרי שנודע לנו כי הנאצים בעזרת האוקראינים, מתעללים ביהודים וביחוד רוצחים הם את היהודים הכפריים. בהתחלה ברחו אחי משה, אשתו ואני מעבר לסאן לצד הסוביטים ואחר כך הצטרפה אלינו גם אמא. אנו כולנו, אמי, אחי משה, אשתו מאטעל ואני עברנו לליטוביסק וגרנו ביחד עם עוד משפחות יהודיות בבית הרוס המצב הכלכלי היה די רע.

אחרי זמן ידוע, הוציא הממשל הסוביטי מודעה, שכל מי שרוצה, מהפליטים, לחזור לשטח הכיבוש הגרמני, עליו להרשם ויקבל רשות לחזור. היות ונודע לנו שהרוסים מתכוננים לשלוח את הפליטים לעבודה לרוסיה והיות וזה היה דבר ידוע, שמרוסיה אין אף פעם כבר דרך חזרה, לכן נרשמו הרבה פליטים, ומשפחתי בתוכם, ובקשו רשות לחזור. באותו הלילה, אחרי הרשום, אספו הסוביטים את כל הנרשמים לחזור, ושלחו אותם לסיביר, ומשום מה שכחו את משפחתי ועוד כמה משפחות יהודיות והשאירו אותנו, לרוע מזלנו, בליטוביסק.

ביוני שנת 1941, פרצה המלחמה בין גרמניה ורוסיה, הרוסים ברחו והגרמנים נכנסו לליטוביסק. עם כניסתם התחילו, בעזרת האוקראינים, הרציחות והאקציות. בהתחלה אספו את הזקנים והילדים, הוציאו אותם מחוץ לעירה ושם, על יד היער, ירו בכולם והרגום. אלה שרק נפצעו, נקברו חיים ובכל הסביבה נשמעו זעקות איומות אחרי היריות. הם התחילו לשדוד, מה שרק ישר בעיניהם, גזזו זקני היהודים ברחובות ועינו אותם. המצב החמיר מיום ליום. סחבו בהשכמה יהודים לעבודה והכו אותם לפני ואחרי העבודה. מהעבודה חזרו מאוחר בערב, מוכים ופצועים ובפנים נפוחים, כי הסדיסטים הנאצים והאוקראינים היו מכים במקלות בכל מקום שיכלו רק להגיע, אם זה לראש, לעינים או לאף. ככה חזרו כל יום בחושך הביתה, עיפים ויגעים, שבורים בגוף ובנפש, רעבים, ובבית אין מאומה, אין כל. האוכל בתקופה ההיא היה: עלי כרוב ירוקים, שהכפריים היו נותנים אותם לבהמות או תפודים מקולקלים שהיו מקבלים מהגויים תמורת בגדים או כסף. אחרי כמה שבועות לקחה אותי אחותי הענע לכפר יאבלונקה ע"י טורקה, אבל

גם שם היה רע. עבדתי בקומנדטורה הגרמנית וקבלתי מכות ובעיטות, ואני אז ילדה בת 11.

אחרי מספר שבועות אספה הגסטפו את היהודים ושלחה אותם למקומות עבודה רחוקים ואף אחד לא חזר משם. השאירו במקום רק יהודים שעבדו בחקלאות אצל אכרים נוצרים ולכן השתדל כל אחד למצוא מקום עבודה אצל אכר. גם ילדים שלחו לעבוד אצל הגויים בשדה וברפת. במקרה מצאתי מקום נוח, כי האכרה היתה אוהבת יהודים והחביאה אצלה יהודים. אחרי זמן קצר, בהתחלת החורף התחילו לרכז את כל היהודים בגיטו סאמבור. וכאשר באתי לגיטו חפשתי שם את אחותי ומשפחתה אבל לא מצאתיה. המצב שם היה איום, אין לתאר! הכניסו אותי לבית קטן, בבית העלמין, כנראה שזה היה ה„הקדש", הדוחק בבית היה כל כך גדול, שלא היה פשוט מקום לשבת ואי אפשר היה לנשום. מהבית הזה ראינו איך הנאצים מביאים קבוצות יהודים, לבית הקברות מכים אותם באכזריות ויורים אחר כך בהם במכונות יריה. הגיטו בתקופה ההיא לא היה עוד גדור, אני ועוד ילדה, היינו עוד קטנות ולא השגיחו כל כך בנו ולכן הצלחנו לברוח. ברחנו ליער ונדדנו לכוון יבלונקה בקור ובשלג. בדרך תפס אותנו אוקראיני אחד, הכיר בנו שאנו יהודיות ורצה למסור אותנו לגסטפו. בכינו והתחננו שיתן לנו ללכת, ואמנם נתן לנו ללכת, אחרי שלקח מאתנו את חבילות הבגדים שלנו ואת מעט הכסף שהיה אתנו.

בחצות דפקנו בדלת הנוצריה, אוהבת היהודים, שמה קושינסקא, היא פתחה לנו ונבהלה, נתנה לנו לאכול ואמרה לנו שעלינו למהר ולהסתלק מיד, כי היא מפחדת ואינה יכולה להחזיק אותנו, אם אנשי הכפר רק ירגישו בנו, ילשינו עליה ואם יעשו אצלה חיפוש, ימצאו אצלה את התינוקת היהודית, שמשפחה יהודית השאירה אצלה לפני שגרשו אותה לגיטו. ראינו את התינוקת, נפרדנו והלכנו. בדרך נפרדנו. החברה הלכה לסביבה שלה ואני הסתובבתי בשדות וביערות ששייכו פעם לאחותי. בבוקר תפסו אותי נערים אוקראינים, הכו אותי והביאו אותי לאוקראיני אחד, שהוא במיוחד התנדב לחפש יהודים ביערות ולמסור אותם לנאצים. באותו יום הם תפסו גם את אחות גיסי. האוקראיני סגר אותנו בחדר ולמחרת התכונן למסור אותנו לגסטפו, בינתים הלך הוא לכפר לשחק קלפים. אחות גיסי (בעל אחותי) בקשה את אשתו של האוקראיני לתת לה לצאת, לעשות את צרכיה, ההיא, אשתו, היתה גברתנית, תפסה אותה בצווארון והוציאה אותה החוצה. כשאך יצאו החוצה, נצלה אחות גיסי את ההזדמנות נתנה לה אגרוף בשנים והצליחה להשתחרר מידה ולברוח. באותו כפר גר גוי שהיה ידיד טוב של גיסי ואחרי שנודע לו שאחות גיסי ברחה ואני נשארתי הפיץ בכפר שמועה בכוונה, שאחות גיסי לא ברחה, אלא שהאוקראיני הזה שחרר אותה בעד כסף ואותי הוא מחזיק כי אין לי כסף. כל אנשי הכפר האמינו לשמועה הזאת היות והאוקראיני הזה היה שנוא בכל הכפר. האוקראיני פחד שהעלילה הזאת תגיע לאזני הגסטפו ולכן שחרר אותי ושלח אותי לסולטוס (ראש הכפר). כשהגעתי לבית הסולטוס והוא לא היה בבית, ברחתי שוב היערה. בלילה הייתי באה לנוצריה שלי, היא נתנה לי לאכול ולפעמים חממה לי גם מים להתרחץ ושוב חזרתי היערה.

בהתחלת האביב הלך במקרה כפרי אחד, ידיד של הנוצריה שלי, לכפר קאלינאוו, ע״י סאמבור, היא שלחה אותי עמו ובקשה אותו שיחפש עבורי מקום עבודה במשק בית בתור נוצריה. ואמנם מצאתי עבודה אצל אוקראיני בתור מטפלת בילדים וטוב היה לי שם. אבל כעבור חודש בערך, דרשו במועצת הכפר את תעודת הלידה שלי, כדי לרשום אותי שם בתור תושבת. מובן שתעודה כזו לא היתה לי והבינותי שאצטרך להסתלק מכאן אחרי שגם בעל הבית שלי התחיל לחשוד בי שאני יהודיה. אמרתי לו שאני אסע הביתה ובעוד שבוע אחזור עם התעודה. בבוקר אחד השכמתי קום, הצטלבתי והתפללתי לפי הנוסח הנוצרי, בעל הבית נתן לי כסף להוצאות הדרך ונסעתי ברכבת עד טורקא ומשם ברגל ביער עד יבלונקה ושוב חזרתי לנוצריה שלי. היא שוב הציעה לי ללכת לכפר יעבור ע״י טורקא ולחפש שם עבודה בתור נוצריה ואמנם מצאתי שם עבודה. הייתי אז בת 12 ועבדתי שם עבודת פרך ממש, בדיש, בטחינת תבואה לקמח, חלבתי פרות וכבסתי כביסה בחורף בכפור ולא פעם התנפחו לי האצבעות והידים והרגלים מכפור. בעלת הבית היתה אשה רעה מאד והעבידה אותי מהשכם בבוקר עד מאוחר בלילה, היא לא פעם הכתה אותי. כל יום ראשון הייתי הולכת לכנסיה. פחד גדול היה לי, בזמן שהלכתי פעם בשנה להתודות לכומר הכפר, פחדתי שהוא יכיר אותי שאני יהודיה, רק הודות לנוצריה שלי, שלמדה אותי איך לדבר ולהתנהג במקרים כאלה, יצאתי בשלום מהכומר ועברתי את הבחינה בהצלחה. במקום הזה נשארתי שנתים בערך, עד בוא הרוסים ואז חזרתי לנוצריה שלי, כי ידעתי שמכל משפחתי לא נשאר אף אחד. חשבתי להשאר אצלה ביחד עם הילדה שהשאירו אצלה בתור תינוקת, אחרי שהוריה נספו בשואה.

בינתים חזר ליבלונקה יהודי אחד בשם צבי בער פיילער, שניצל ביערות. הוא לקח אותי ואת הילדה היהודיה ועלה אתנו לארץ. הוא גר כעת בנס ציונה.

אני ילידת הכפר קריבעק ע״י ליטוביסק, בתו של לוי ליבער ע״ה ושם אמי היה ליבע הי״ד. כעת אני אשתו של מנחם (ליבר) דרורי.

תרגם מיידיש: שמעון פרידלנדר

**חנה דרורי (ליבער)**

## וואס איך האב דורגעמאכט און וויאזוי איך האב מיך געראטעוועט.

ווען דער קריג האט אויסגעבראכן אינעם יאר 1939, בין איך 9 יאר אלט געווען, און געלעבט מיט מיין מוטער הי״ד אינעם דארף קריוועק ביי ליטאוויסק. ס׳רוב יידן פון אונדזער דארף, איבערהויפט די יוגנט, זענען אנטלאפן איבערן סאן, צו דער רוסישער זייט, ווייל מיר זענען געווויער געווארן, אז די נאציס, מיט דער הילף פון די אוקראאינער שיקאנירן און הרגענען יידן, און באזונדערס די דארפס-יידן. קודם בין איך

אליין אנטלאפן מיט מיין ברודער משה און זיין פרוי מאטעל איבערן סאן צו די סאוויעטן און דערנאך איז אויך די מאמע נאכגעקומען. מיר האבן געוווינט אין ליטאוויסק, צוזאמען מיט נאך יידישע משפחות אין א איינגעפאלן הויז, א חורבה, און די ווירטשאפטלעכע לאגע איז געווען גענוג שלעכט.

נאך א געוויסער צייט, האט די רוסישע אקופאציע-פארוואלטונג ארויסגעגעבן א מודעה, אז יעדער פון די פליטים, וואס וויל צוריקגיין צו דער דייטשער זייט, פון וואנען ער איז געקומען, קען באקומען א דערלויבניש צוריקצוגיין, נאר ער דארף זיך פריער מעלדן ביי דער רוסישער פארוואלטונג. אזיוויי מיר זענען געוויער געווארן, אז די רוסן קלויבן זיך די אלע פליטים, צו שיקן ארבעטן קיין רוסלאנד און אזיוויי מיר האבן געוווסט, אז פון רוסלאנד קען מען קיינמאל נישט מער ארויסקומען, האבן זיך א סאך יידישע משפחות, און אונדזער משפחה צווישן זיי, געמאלדן אז זיי ווילן צוריקגיין. דעמזעלבן אויפדערנאכט האבן די רוסן צונויפגעזאמלט די אלע משפחות, וואס האבן זיך געמאלדן צוריקצוגיין, און זיי אוועקגעשיקט קיין סיביר. צו אונדזער ביטער מזל, האבן זיי אין אונדזער און אין נאך א פאר יידישע משפחות פארגעסן און מיר זענען געבליבן אין ליטאוויסק.

אין יוני 1941, האט אויסגעבראכן דער רוסיש-דייטשער קריג, די רוסן זענען אנטלאפן און די דייטשן זענען אריין קיין ליטאוויסק. תיכף, אזיוויי זיי זענען נאר אריין, האבן זיי גלייך, מיט דער הילף פון די אוקראאינער, אנגעהויבן מיט רציחות און מיט באקאנטע „אקציעס״. זיי האבן צוזאמענגעזאמלט אלטע און קינדער, זיי אוועקגעפירט אויסער דעם שטעטל און ביים וועלדל דארט, זיי אלע דערשאסן. די, וועלכע זענען נאר פארוואונדעט געווארן — זענען באגראבן געווארן לעבעדיקערהייט. אין דער גאנצער סביבה האט מען געהערט דאס יעמערלעכע געשריי פון די דערשאסענע און פארוואונדעטע. זיי האבן אנגעהויבן צו רויבן אלעס וואס ס׳איז זיי נאר געפעלן, געפייניקט יידן אין די גאסן און זיי אפגעשוירן די בערד. יעדן טאג איז ערגער געווארן. גאנץ פרי שוין, האבן זיי יידן געשלעפט צו דער ארבעט און געשלאגן זיי פאר און נאך דער ארבעט. פון דער ארבעט איז מען אהיימגעקומען שפעט ביי נאכט, צעשלאגן, צעהרגעט, מיט געשוואלענע פנימער, ווייל די נאצישע און אוקראאינעשע סאדיסטן האבן געשלאגן מיט שטעקענעס, וווּ ס׳האט זיך נאר געלאזט; אין פנים, אין די אויגן און די נאז. אזוי איז מען יעדן ביי נאכט צוריקגעקומען אהיים מיד, צעבראכן פיזיש און גייסטיק, הונגעריק און אין שטוב איז גאר נישט געווען, גאר נישט! דאס עסן אין דער צייט איז געווען; די גרינע, אויבערשטע קרויט-בלעטער, וואס די דארפישע פלעגן מיט דעם פאשען די בהמות, אדער קאלי קארטאפל וואס מ׳פלעגט טוישן מיט די גוים פאר קליידער אדער קויפן ביי זיי פאר געלד. נאך א פאר וואכן האט מיך מיין שוועסטער הענע גענומען אינעם דארף יאבלאנקע ביי טורקע אבער אויך דארט איז שלעכט געווען. איך האב געארבעט אין דער דייטשער קאמאנדע און באקומען שלעג און קאפעס. איך בין דעמאלט 11 יאר אלט געווען.

נאך א פאר וואכן האבן די דייטשן, די געסטאפּו, צוזאמענגענומען די יידן און זיי אוועקגעשיקט ארבעטן ווייט, אבער קיינער פון זיי איז מער נישט צוריק-געקומען. אין דארף האבן זיי איבערגעלאזט נאר די יידן, וועלכע האבן געארבעט אין פעלד ביי קריסטלעכע פויערן, דורכדעם האבן אלע יידן זיך געסטארעט צו געפינען אן ארבעטס-פלאץ ביי א פויער. די פויערן האבן מיט די יידן געארבעט קאטארגע-ארבעט, נאר פארן בלויזן ביסל עסן. די פויערן האבן זיי באהאנדלט ערגער, ווי מ׳באהאנדלט שטוב-חיות. די שוועסטער האט מיך איבערגעגעבן צו א קריסטלעכן פויער, איך האב דארט געארבעט אין פעלד און אין שטאל. צופעליק האב איך געטראפן א גוטן פלאץ, די פויערטע האט ליב געהאט יידן און אויך באהאלטן יידן. נאך א קורצער צייט, האט מען קאנצענטרירט אלע יידן אינעם סאמבערער געטא, און מיך צווישן זיי. נאכן אנקומען דארט אהין, האב איך דארט געזוכט מיין שוועסטער מיט איר משפחה, אבער איך האב זיי דארט נישט געפונען. דער מצב דארט איז געווען שרעקלעך, נישט צו באשרייבן! מיך האט מען אריינגעזעצט אין א קליין שטיבל, אויפן בית עולם, ס׳ווייזט אויס אין „הקדש״. דער דוחק דארט איז געווען אזוי גרויס, אז עס איז פשוט נישט געווען ווו צו זיצן און ס׳איז נישט מעגלעך געווען צו אטעמען. פון דארט האב איך געזען, ווי די נאציס האבן געברענגט גרופּעס יידן אויפן בית עולם, זיי דארט מערדערלעך געשלאגן און דערנאך דערשאסן מיט מאשינען-געווער. דאס געטא אין דער צייט, איז נאך נישט געווען ארומגעצוימט און מיר, מיט נאך א מיידאלע, מיר זענען נאך קליין געווען, און מ׳האט אויף אונדז נישט אזוי שטארק אכטונג געגעבן, איז געלונגען צו אנטלויפן. מיר זענען אנטלאפן אין וואלד אריין און געוואנדערט, אין שנייען און קעלטן אין דער ריכטונג קיין יאבלאנקע. אויפן וועג האט אונדז א אוקראאינער געכאפט, ער האט דערקענט אז מיר זענען יידישע קינדער און געוואלט אונדז איבערגעבן צו דער געסטאפּאָ. מיר האבן געוויינט און זיך געבעטן ביי אים ער זאל אונדז נאכלאזן. ער האט אונדז נאכגעלאזט ערשט, ווען ער האט ביי אונדז קודם צוגענומען די פעקלעך מיט קליידער און דאס ביסל געלד וואס מיר האבן ביי זיך געהאט.

אין מיטן דער נאכט האבן מיר אנגעקלאפט ביי דער יידנ-פריינטלעכער קריסטין, איר נאמען איז קושינסקא. זי האט אונדז געעפנט און זיך דערשראקן. זי האט אונדז געגעבן אפצועסן און אונדז געזאגט, אז מיר מוזן זיך שנעל אפטראגן פון דארט, זי האט מורא און קען אונדז נישט האלטן. ווען די דארפישע שכנים אירע, וועלן נאר עפעס געוויר ווערן, אז מיר זענען ביי איר, וועלן זיי זי מסרן און די געסטאפּו וועט קומען זוכן ביי איר און ביי איר געפינען א קליין יידיש קינד, וואס די עלטערן האבן ביי איר איבערגעלאזט, איידער זיי זענען אוועק אין געטא. מיר האבן געזען דאס קינד, זיך געזעגנט מיט איר און ווייטער געגאנגען. אויפן וועג גייענדיק, האבן מיר זיך צעשיידט. זי איז אוועק אין איר סביבה און איך האב געוואנדערט אין די פעלדער און אין די וועלדער, וואס האבן אמאל געהערט צו מיין שוועסטער. אין א טאג האבן מיך געכאפט אוקראאינישע שקצים, מיך גוט צעשלאגן און געברענגט מיך צו א אוקראאינער, וואס

האט זיך ספּעציעל פרייוויליק געמאלדן, צו זוכן יידן אין די וועלדער, כדי זיי איבער-צוגעבן דער געסטאפּו. אינעם זעלבן טאג האבן זיי אויך געכאפּט מיין שוואגערס שוועסטער. דער אוקראאינער האט אונדז ביידע פארשלאסן אין א צימער און זיך געגרייט מארגן אונדז איבערצוגעבן דער געסטאפּו. דערווייל איז ער אוועק אין דארף שפּילן קארטן. דעם שוואגערס שוועסטער (דער מאן פון מיין שוועסטער) האט געבעטן די ווייב פונעם אוקראאינער זי זאל זי ארויסלאזן, ווייל זי דארף מאכן אירע באדערפע-נישן. די גוייע האט זי אנגעכאפּט ביים קאלנער און זי ארויסגעפירט. זי איז געווען א שטארקע, אבער וויבאלד זיי זענען געווען נאר אין דרויסן, האט דעם שוואגערס שוועסטער אויסגענוצט די געלעגנהייט, דער שטארקער גוייע א זעץ געגעבן אין די ציין אריין, זיך אויסגעריסן פון איר און אנטלאפן. אינעם דארף האט געוווינט א גוי, וואס איז געווען א גוטער פריינד פון מיין שוואגער און נאכדעם ווי ער איז געוווייער געווארן אז דעם שוואגערס שוועסטער איז אנטלאפן, האט ער ארויסגעלאזט מיט א כוונה א „פּאגלאסקא", א בלבול, א שמועה, אז די יידישע מיידל איז גאר נישט אנטלאפן, נאָר דער אוקרא-אינער האט זי אליין באפרייט, נאכדעם ווי די מיידל האט אים גוט באצאלט און מיך האלט ער, ווייל איך האב נישט קיין געלד אים צו באצאלן. דאס גאנצע דארף האט געגלייבט אין דער שמועה, ווייל דער אוקראאינער איז געווען אין דארף פארהאסט און קיינער האט אים נישט ליב געהאט. דער אוקראאינער האט מורא באקומען, אז די געסטאפּו קען נאך אמאל פון דער גאנצער זאך געוווייער ווערן און ער האט מיך פארדאס באפרייט און מיך איבערגעשיקט צום „סולטוס", (דעם עלטסטן פונעם דארף). קומענדיק צום סולטוס, האב איך אים נישט געטראפן אין דער היים, בין איך ווידער אנטלאפן אין וואלד אריין. ביינאכט פלעג איך קומען צו מיין גוייע און זי פלעגט מיר געבן אפּצועסן און טיילמאל פאר מיר אויפגעווארעמט וואסער, איך זאל מיך קענען ארומוואשן.

אנפאנג פרילינג איז צופעליק א גוי פונעם דארף, א פריינד פון מיין קריסטן, געגאנגען קיין קאלינאוו, א דארף לעבן סאמבור. די גוייע האט מיך מיט אים מיטגעשיקט דארט אהין און אים געבעטן, אז ער זאל מיר דארט זען אן ארבעטס-פּלאץ ביי א פּויער, אלס קריסטן. איך האב דארט טאקע באקומען א גוטן ארבעטס-פּלאץ ביי א פּויער, אלס קינדער-פלעגערן. אבער נאך א חודש, האט דער סולטוס דארט פארלאנגט פון מיר מיין טויף-שיין, כדי צו וויסן ווער איך בין און כדי מיך איינצושרייבן אלס דארט אנזעסיקע. נאטירלעך, האב איך אזא צייגניש נישט געהאט. איך האב פארשטאנען, אז איך וועל מיך מוזן פון דארט אפּטראגן, נאכדעם ווי אויך מיין בעל בית האט מיך שוין אויך אנגעהויבן חושד צו זיין, אז איך בין א יידיש קינד. איך האב געזאגט מיין בעל בית אז איך פאר אהיים און אין 8 טאג ארום וועל איך צוריקקומען מיטן פארלאנגטן צייגניש. דער בעל בית האט מיר געגעבן אויף הוצאות און איך בין מיט דער באן געפארן קיין טארקע און פון דארט, צו פוס געגאנגען מיט די וועלדער ביז יאבלונקע, ווידער צוריק צו מיין גוייע. זי האט מיך געראטן צו גיין קיין יעבור, א דארף לעבן טארקע און דארט זוכן ארבעט ביי א פּויער אלס קריסטן און איך האב טאקע דארט געפונען ארבעט. איך בין דעמאלט 12 יאר

אלט געווען און געארבעט דארט ממש קאטארגע ארבעטביים דרעשן, מאלן ווייץ אויף דער זשארנע, מעלקן קי און וואשן וועש אין דרויסן ווינטער אין די גרעסטע פרעסט. די באלעבאסטע איז געווען א גרויסע מרשעת און מיך אפגעארבעט פון גאנץ פרי ביז שפעט אין דער נאכט און זי פלעגט מיך אויך טיילמאל שלאגן. נישט איינמאל זענען מיר געשוואלן געווארן די פינגער פון די הענט און די פיס פאר קעלט. יעדן זונטיק בין איך געגאנגען אין דער קירכע. איך האב זיך שטארק געשראקן, ווען איך האב באדארפט גיין איינמאל אין יאר צום גלח זיך „ספאוויאדין", אבער א דאנק מיין גוייע, וואס האָט מיך פריער אלעס געלערנט, ווי זיך אויפצופירן בין איך אלעס דורכגעגאנגען בשלום און דער גלח האט גאר נישט דערקענט אז איך בין א יידיש קינד. אויף דעם ארט בין איך געבליבן ארבעטן 2 יאר, ביז די סאוויעטן זענען געקומען.

איך בין צוריק צו מיין גוייע, וויסנדיק אז קיינער פון מיין משפחה איז ניט לעבן געבליבן און געוואלט דארט בלייבן ביי איר צוזאמען מיטן יידישן קינד וואס איז געווען ביי איר און וואס זיינע עלטערן זענען אויך אומגעקומען.

אינצווישן איז קיין יאבלאנקע צוריגעקומען א ייד, וואס האט זיך געראטעוועט אין די וועלדער, מיטן נאמען צבי בער פיילער און ער האט מיך מיטן קינד אוועקגענומען פון דער גוייע און מיט אונדז עולה געווען קיין ישראל. ער וווינט איצט אין נס ציונה.

איך בין געבוירן אין קריוועק, א דארף לעבן ליטאוויסק, בין די טאכטער פון לוי ליבער ע"ה. מיין מאמע האט געהייסן ליבע הי"ד. איצט בין איך די ווייב פון מנחם דרורי (ליבער).

**רחל לרנר (קנבל־גרפל)**

# זכור את אשר עשה לך עמלק



תמונת המחברת

ליל סדר במחנה עבודה בעיר ליפציג, בימי שואה והשמד בשנת תש"ד.

בליל שמורים אחד מני רבים, במחנה עבודה, בו עבדנו בנות ישראל רבות, בצוותא עם בנות לא יהודיות. אנו באשר נולדנו בני ישראל, ואחרות מחמת היותן חשודות בעיני הנאצים הארורים, ברגול, בנתינת סעד או לינת לילה ליהודים. לפשע נחשב בימים ההם כל יחס אנושי ליהודי, והוצא מחוץ לכל חוק, על פי משפט נירנברג המנואץ. וכל מי ששחק לו מזלו ולא הושמד, נכלא במחנות רכוז ונדון לחיי אסיר עם עבודת פרך ללא דין ודברים.

במחנה העבודה אכלנו לחם צר בצער ועל הארץ או על קרשי עץ ישנו, ללא סמיכה וסדין. בשבילינו, ההפטלינגה, רק שתי משמרות ליממה. 12 שעות עבודה למשמרת יום ו־12 שעות למשמרת הלילה.

בליל שמורים אחד, אחרי משמרת עבודה קשה, ירדתי לחדר האמבטיה, לכבס לי את חלוקי אשר על בשרי. תחליף לו לא היה לנו ההפטלינגה היהודיות. וכל בגדינו מן הבית היפים והיקרים היו מלקוח למרצחים. (אגב בבגדים של הלא יהודיות לא נגעו המרצחים). היה עלי לחכות כאן בחדר האמבטיה עד שיתיבש החלוק. אוי למי אשר נמצא היה במצב זה, והנה; אפל־אלארם, קריאה למפקד! חיבת היתה כמובן ללבוש מהר את החלוק הרטוב על בשרה, ולהתיצב למפקד בככר פתוחה, ובחוץ כפור, קור כלבים. ואמנם קרה לי מקרה כזה, כמוני כמו לאחרות. נעלם לגמרי מהכרתי כי לילה זה הוא באמת ליל שמורים שאחריו ליל הסדר. הסדר הנהדר המסורתי, אשר כל יהודי נזכר בו בערגה וכמיהה, והזכור לכל יהודי על יפיו ותפארתו. לילה בו כל יהודי מלך בכיפתו. לפחות בדמיונו. בהעלותו על דעתו, כי בצאת ישראל מִמצרים מעבדות לחירות יצאו. אמונה יקרה זו לא נפגעה על אף כל הצרות והרדיפות שהשיגו אותם במשך כל הדורות.

לא פסקה הצפיה לגאולה קרובה כל השנים שנות אלפיים.

בימים אלה כאשר כבו כל המאורות בתחום היהודי בכלל, ובמכלאותינו, בנות ישראל במחנות האימים בפרט, אף ניצוץ האמונה בתקווה דעך. כבה נעלם ונשכח מן הלב במרוצת שנות בלהות ארוכות אלה. לבבות צעירים בפריחתם קמלו התנוונו והתאמללו, בגיהנום של הנאצים י"ש. בימים אלה נעלמו לגמרי מאתנו ההפטלינגה, תחושת הזמן ומועדיו. לא ידע איש על ראש חודש ותומו. שכן לא עוד יתקדש החודש ומי ישעה למולדו? לא ידע איש במחנה העבודה בשוכבו ובקומו זולת משמרת העבודה. לא יפלא

איפוא כי לא ידעתי את חג הפסח אשר המחר יביא בכנפיו. רק מן השמים נזדמנה לי בת ישראל, להתקדש ולהטהר לקראת חג החירות ליל הסדר.

עוד אני מכבסת את חלוקי תוך עיפות כללית, עיני רק בקושי מוחזקות פקוחות כי נעצמות הן מדי פעם, ותובעות בכל לשון תחנונים לתת להן מעט שינה. כי גופי משוע למנוחה, קצת מרגוע לרוחי הנכאה. כל ישותי מביעה עלפון.

לפתע עוררוני צעדים קרבים והולכים. רעד אחז אותי. מי יודע המתקרב מיהו ?! בהופעת אחד מקלגסי היטלר י״ש יסמר השער. כי מלאך המות אתו. בנוכחותו כל מי אשר תו יהודי על מצחו, יתפלץ מפחד. כל עוד נשמה באפי נעצתי את עיני בדלת הנפתחת ואורו עיני לראות את חברתי לגורל ההפטלינג כ. נכנסת.

החברה כ. היא בת למשפחה מיוחסת למדנית ואמידה בקהילת קרקוב. הלמדנות היא נחלת כל המשפחה שלה. הגורל זימן כאן יחד את האם על שתי בנותיה, הצעירות, והן הצליחו לשמור ולזכור את חגי ישראל ומועדיו גם באפלת הזמנים, לקויי השמש והירחים.

בלחישה בקול דממה דקה גלתה לי החברה כ. את מטרת בואה, ואשר לצערה הרב, גרם לי בהלת שוא: להוי ידוע לך, יונתי, כי מחר חל ליל הסדר הראשון, לחג הפסח. 2 שליש כבר מוכן אתנו לסדר כשר. ורק חלק אחד עדין חסר לנו, אשר אין לו תחליף, והיא המצה. היש משהו ?! תמהתי למשמע אוזני. „הן ידוע לך, יקירתי, המשיכה כ. כי חמץ במחננו, הוא בחזקת בל יראה ובל ימצא. ומאז בוטל קרבן הפסח, בעוונותינו הרבים, ישראל הוא אשר תופס מקום האיל... ורק המצה חסרה... אלי. זאת לנו השנה הרביעית ללא סדר כהלכתו! עד מתי ד׳... נחזור נא לענינינו. דברתי כבר עם החברה פ. והחברה ל. והוסכם בינינו לשמר על מנת תפוחי אדמה שאנו מקבלים לארוחת הצהרים. את זה אני מבקשת גם ממך לעשות כן. החברה ב. הבטיחה לסחוב מן המטבח לעובדי המשרד, את הסלק המוצא מן החמיצה שמבשלים עבורם. נו אם ירצה השם יהיה לנו סדר כשר״.— ואמנם אותו לילה הסבנו יחד כמה עשרות בנות ישראל, בחדר האמבטיה, וערכנו סדר ללא מצה כמובן. זוכרת אני, כאשר הגענו באגדה ל„ברוך שומר הבטחתו לישראל״ נפלטה מפי הערה אפיקורסית ואמרתי: חוששת אני כי עד שהקב״ה יוציא את הבטחתו מקופת המגן שלו לפרעון, המוג נימוג חלילה... כתשובה התפרצה אנחה כבדה מלבבות כל הנוכחות.

אשר ל-4 הכוסות המסרתיות, אפשר היה בסדר זה למלא כהנה וכהנה בדמעות שליש אשר זלגו מהרבה זוגות עינים כלות לגאולה קרובה. —

רחל לערנער (קנעבל־גראפל)

## זכור את אשר עשה לך עמלק!

א „סדר"-נאכט אין א ארבעטס-לאגער אינעם שואה יאר תש"ד (1944).

געווען איז דאס אין א נאכט, אין איינער פון די נאכט-שיכט ארבעט אינעם לייפציגער ארבעטס-לאגער, ווו מיר, יידישע טעכטער, האבן צוזאמען געארבעט מיט נישט יידישע. מיר — ווייל מיר זענען געבוירן אלס יידן און לויט די געמיינע נירנבערגער געזעצן, איז יידיש בלוט געווארן הפקר, זיי, די נישט יידישע — ווייל מ'האט זיי חושד געווען אין שפיאנאזש, אדער אז זיי האבן גאר געהאלפן א ייד און אים געלאזט איבערנעכטיקן, וואס גילט, לויט די אויבנדערמאנטע נירנבערגער געזעצן, אלס א גרויס פארברעכן. וועמען דאס מזל האט געשפילט און ער איז נישט פארגאזט געווארן, האט זיינע יארן אפגע-מוטשעט, ביי קאטארגע-ארבעט אין ארבעטס-לאגער, ווו מ'איז געשלאפן אויף דער ערד אדער, אין בעסטן פאל אויף פריטשן, אן זיך מיט עפעס צוצודעקן, און קיינמאל נישט דערעסן צו דער זעט.

פאר אונדז „העפטלינגע", אזוי האט מען אונדז אין לאגער גערופן, האט עקזיסטירט נאר 2 ארבעטס-שיכטן, 12 שעה ביי טאג-שיכט אדער 12 שעה ביינאכט-שיכט.

נאך אזא איינע 12 שעה'דיקע נאכט-שיכט שווערע ארבעט, בין איך אראפ אינעם וואש-צימער, מיין ארבעטס-קליידל איבערצווואשן, ווייל קיין אנדער קליידל אויף איבערצוטון, האט א יידישער העפטלינג נישט געהאט. אלע טייערע און שיינע קליידער פון דער היים, האבן די רוצחים צוגענומען פאר זיך. (די קליידער פון די נישט יידישע האבן זיי נישט געטשעפעט) נאכן אויסוואשן האב איך געמוזט ווארטן אין וואשצימער ביז דאס קליידל האט זיך אויסגעטרוקנט, אבער ווי און ביטער איז געווען דעם, ווען מ'האט פלוצים געמאכט אן אלארם און גערופן צום „בעפעל". אין אזא מצב האט יעדע אויף זיך געכאפט דאס נאסע קליידל און געלאפן ארויס צום באפעל, האט עס געמעגט זיין ווינטער אפילו אינעם גרעסטן פראסט, אין די ביטערסטע קעלטן. מיר און אסך פון אונדז האט שוין דאס געטראפן.

ווארטנדיק אזוי איינמאל אינעם וואש-צימער, האב איך פלוצים דערהערט אז מ'גייט. איך האב געהאט אינגאנצן פארגעסן אז נאך דער איצטיקער נאכטשיכט איז די „סדר-נאכט", די טראדיציאנעלע סדר-נאכט, וואס יעדער ייד האט זי געדענקט מיט איר הערלעכער שיינקייט און אלעמאל זיך דערמאנט אין איר מיט בענקעניש, א נאכט ווען יעדער ייד פילט זיך, וועניגסטנס אין דער פאנטאזי, אלס מלך, ווען ער דערמאנט זיך, ווען די יידן זענען ארויסגעגאנגען פריי פון דער מצרישער קנעכטשאפט. טראץ די אלע לאנגע, ביטערע גלות-יארן, פול מיט רדיפות און צרות, איז נישט געשעדיקט געווארן די אמונה אין דער גאולה וואס דארף און וועט קומען.

איצט אבער, אין אט א די שרעקלעכע יארן, ווען פינצטערניש האט ארומגענומען

אין א ווינקל, ארום מיר קאטשיריס מיט לאפיטיס, א לאסקאלע א ברעטאלע, איך טאר זיך קיין ריר נישט געבן ווייל אלץ פאלט און קלאפט, טינקל קיין שטיקל שיין, איך קלאפ איין צאן אין אנדערן פאר שוידער און שרעק און אין די אוירען הילכט מיר, דאכט זיך שלום׳ס גישריי... דער רוף אין דרויסן דויערט נאך אלץ אזוי הויך, און דעם איז עמיצער אנטלאפן צו אונדז אויפן בוידים ארוף, בארוויס, איך ווייס נישט ווער און אין א מיניט שפעטער איז ריבא מיט נאך א מענטש שנעל אריינגילאפן אין שטוב אריין און פארמאכט די טיר. איך בין גיווען זיכער אז מיט איר איז שלום איז מיר גיווארן א ביסל גרינגער נאר א פלאטערדיק בענקניש האט מיך ארומגינומין אין אזא שווערן מאמענט פון לעבן צו זיין צוזאמין מיט די עלטערן און די ווארימקייט פון קעלער, אוי! איך זאל כאטש קענין זיצן נעבן די מאמין און ס׳זאל מיך טרעפן דער זעלבער גורל וואס זיי, מיר זאלן כאטש זיי צוזאמין, נישט אפגיריסן... בשעת מיין קלערן הער איך שוין אין דרויסן די מענטשן וואס מ׳האט גיכאפט אויף א בוידים, אדער אין א קעלער איך ווייס נישט ווי און נישט וועמין, איך הער נאר א מיידל רופט: קום מאמע קום! און זיי שפעטן נאך קום — קום! לויט די שריט וואס מ׳האט גיהערט, וויזט אוס אז מ׳האט גיכאפט אסך מענטשן. באלד איז גיווארן שטיל, איך בין עטליכע מאל ארויס פון דער קאמער און נישט גיהאט קיין מוט ארייננצוגיין דורכן פענצטער. ענדליך האט ריבא גיעפנט די טיר ארויסצופירן אסתר׳ן וועלכע איז אין מיט דער בהלה גיקומין זען וואס חנה טוט, און איך בין אריין אין קעלער, די ערשטע פראגע צי שלום איז דא, ווען איך באקום א נעגאטיוון ענטפער, קען איך נישט רוען, עס פייניקן מיך די גידאנקין א גאנצע נאכט, איך דערצייל זיי שינדלין בסוד, קיינים האב איך נישט גיוואלט זאגן. פארטאג ריבא וועקט איך זאל מיט איר גיין צוריק, איך מאך מיך נישט הערנדיק, איך בין ווי צוגיקלעבט צו די מאמיס גילעגער, ווי גוט מיר איז דא גיווען ווען ארום מיר הער איך עטימין מיינע עלטערן און גישוויסטער, איך בין שוין זשעדני אזא גיפיל, איך קען זיך נישט אפרייסן פון דעם גילעגער, מאמע בעט איך זאל גיין. ווער אנדערש, זאל ווער אנדערש גיין... ריבא רעט זיך אן... יא — קיינער קען מיך נישט פארשטין, ווייל קיינער וויסט נישט מיינע גיפילן ווי שווער מיר איז זיך אצינד צו שיידן מיט מיין פאמיליע, וואס כאטש מיר זענין נישט ווייט פון זיך דאך שפילט יעדע מיניט אן אנגיהויער גרויסע ראלע אין אונדזער לעבן יעדע מיניט סכנות נפשות. ווען רחל האט אויסגיגאסן איין טאפ און קומט צוריק מיט דער בשורה אז שלום איז דא, דאמלס מוז איך שוין גיין צו אים אליין איז מין שוויסטערליכע פליכט, איין גאט ווייס, ווי שוווער מיר איז צו שיידן זיך מיט דעם קעלער און נאך דערצו אין צושטאנד פון אזא הונגער, וואס זיי האבן שוין צוויי טאג כמעט גארנישט גיגעסן און דאס קליינע שוועסטערל דערציילט מיר אז זי האט גיגעסן רויע בלעטער פון קרויט וואס זיי האבן נאך גיפונין אין שטיב אדער א שטיקל ציבאלע, וויי איז צו מיר... רבונו של עולם! דיינע חסדים זענין גרויס! דו ווייזט אונדז דיינע ניסים אויף יעדן שריט, אונדזער לעבן איז שוין אזוי פיל מאל גיהאנגין און א האר און דו האסט אונדז גיהאלפן, די שונאים קיין מאכט נישט גיגעבן, בעט איך דיך העלף אונדז

אויך ווייטער, מיר זאלן חלילה פאר הונגער נישט אומקומען. שיק אונדז שוין די גאנצע הילף מיר זאלן אויסגילייזט ווערן פון אלע אונדזערער צרות.

16.9.1942

ביינאכט האב איך נישט גיקענט שלאפן איך האב גיוואַרט, איך האב גימיינט אז רחל וועט מיך רופן מיר זאלן גיין ערגיץ... וועגן עסן זוכן. אין דרויסן איז גיפאלן א שטארקער רעגן איז זייער גוט גיוועזן צו גיין. גיהערט האב איך אז מ׳האט זיך גיפאריט אין אונדזער הויז, א פאר מאל אריין און ארויס. איין מאל האב איך גיהערט מענער שריט, שלום זאגט אז דאס איז גיוועזן דער טאטע, אויך זאגט ער אז פארטאג האט ער גיזען צוריק גיין אין הויז אריין ביילה׳ן איז זי דאך ערגיץ אויך גיוועזן, איך בין זייער נייגיריק וואס עס הערט זיך ביי זיי. ביינאכט האף איך אם ירצה השם אליין אראפצוגיין ווייל ריבא מיט חנה׳ן זענין נאך נעכטן פארטאג אוועק צו אסתר׳ן אין קעלער אריין. גאט זאל אונדז העלפן ס׳זאלן זיך שנעל אנדזערע צרות ענדיקן. איך נעם אן אלץ באהבה, איך פארשטיי אז גאט וויל מיר זאלן נאך אפקומען פאר אלע אונדזערע זונד אין די טאג פון תשובה און וועט אונדז שוין זיכער העלפן און פרחתמין א יאר פון לעבן, גליק און הצלחה.

17.9.1942

דאנערשטיק ווען איך בין ביינאכט גיקומין אין קעלער אריין בין איך איבערראשט גיווארן דערזעענדיק לייכטן א לאמפ נאך דעם ווי זיי זענין 10 טאג און נאכט גילעגן אין פינצטערניש, נישט האבנדיק אפילו קיין שוועבאלע אויך, דערציילן זיי מיר אז א נס איז גישען, דער טאטע האט אין דער טינקל גיפונין דעם צונדער און גימאכט ליכט, נאר דאס ערגסטע זיי האבן נישט וואס צו עסן, ביינאכט אין מיטן רעגן האבן זיי זיך אלע ארויסגילאזט קלאפן צו קריסטן און כמעט גארנישט גיפועלט, חוץ דעם וואס רחל האט גיברענגט א קליין שטיקל ברויט, א שטיקל פוטער און א פאר בארלעך און גיהייסן זיי שנעל אנטלויפן, א סימן זיי זאל זיך שוין דארט מער נישט באווייזן. ביילה׳ן האט מין גיוואלט געבן פאר א פאר נייע מעשטיס א שטיקל ברויט איז זי אויך צוריק מיט גארנישט די מאמע האט מיר איבערגילאזט א ביסל גיקעכץ וואס זי האט גיקאכט אויף שפירטיס, מיילעך האט אפגיריסן אין גארטן א פאר אוגערקיס האב איך מיר גינומען צוויי און מיט דעם וועלן מיר איבערקומין דעם היינטיקן טאג, אין דערפרי. האבן מיר גיגעסן א ביסל גיקעכץ און איבערגילאזט אויף נאכטמאל. אוגערקע האבן מיר גיגעסן נאר א שטיקל פון איינע, מיר מוזן איבערלאזן אויף נאך א טאג. קיין שום אויזיכטן אויף עסן איז נישטא, קיין שפירטיס צו קאכן איז אויך נישטא. גאט זאל זיך איבער אונדז דערבארמין און העלפן, ווען נישט וועלן מיר חלילה אומקומין.

18.9.1942

די נאכט זענין זיי ווידער ארויס פון קעלער, ריבא איז מיט נאך עמיצן גיגאנגען צו קריסטן און אויך צוריקגיקומין מיט גארנישט, מיילעך איז גיוועזן אין גארטן זוכן איגערקיס האט ער מיך גירופן, אז די מאמע האט אונדז איבערגילאזט א ביסל עסן. ס'האט שוין אנגיהויבן צו טאגן ווען איך בין אראפ, גינומין א ביסל גיקעכץ און גלייך צוריק גיגאנגין. די מאמע גידענקט נעביך אין יעדן און טיילט זיך מיט אונדז מיט וואס זי האט נאר, מיר זענין זיך טאקי מיט דעם עסן מחיי גיוועזן און נישט פארגינין זיך צו עסן פריער ווי מיטאג צייט, ווי אזוי זיי האבן דאס גיקאכט האב איך קיין אנונג, ווייל די קארטאפל, טראץ דעם וואס זענין גיוועזן צושניטן אויף קליינטשיקע שטיקאלעך האט מין גימוזט גוט קייען ווייל זיי זענין גיוועזן הארט, ס'זאל נאר קענין זיין יעדן טאג אזוי ווּאלט גוט גיוועזן. ביז מיטאג לאזן מיר זיך באגניגן מיט א ביסל רעגן וואסער וואס איך האב נעכטן גיברענגט פון פאס (אפילו וואסער טאר מין זיך קיין סך נישט פארגינין) און אויך ביינאכט ווען מיר האבן א שטיקל אוגערקע וועל איך באהאלטן אויף מארגן אם ירצה השם לכבוד שבת. חלות אויף שבת און גוטע מאכלים האב איך פארלייפיק נאר אין חלום. די נאכט האב איך גיזעהן ווי די מאמע האט גיפלאכטן א גרויסן ווייסן קוילעטש וואס אפילו אין חלום האב איך שוין לאנג נישט גיזעהן. אפשר וועט אונדז שוין דאך גאט העלפן אז אונדזערע גוטע חלומות פארווירקליכט ווערן, מיר האפן צו גאט, יעדן טאג, יעדע מיניט מיר קענין זיך נישט פאסן מיט דעם גידאנק, אז ס'זאל זיין חלילה אנדערש, אז מיר זאלן חלילה פאר הונגער אומקומין, ווער ווייסט, צי זיי אין קעלער האבן כאטש א שטיקל איגרקי, אויף שבת, גאט זאל אונדז שוין העלפן, מיר זאלן האבן אפגיקומין מיט די ביז איצטיקע ליידן און ס'זאל שוין זיין גינוק, רבונו של עולם! מאך אונדז שוין גיט! די זעסט דאך ווי מיר ווערן נאר פארשעמט אומיטום. ווי שרעקליך עס טוט אונדז וויי דאס הארץ ווען מיר הערן פון פרי מארגן ביז שפעט ביינאכט די גוים ארביטן ביי זיערע ווירטשאפטן, איינגיזאמלט די תבואות, גרייטן זיך אן אויף ווינטער, אויף א גאנץ יאר צו עסן, ארבייטן מיט כח, מיט א גרינג גימיט, אן פחד אן מורא, ווי גוט זיי איז עשיו'ס קינדער! גייען זיך פריי אין דער גאס... און ווען מיר אין דער פינצטערניש פון דער נאכט אין גרעסטן רעגן, קריכן ארויס בארוויס פון אונדזערע באהעלטינישן, גיין שטיל, מיט טויט שרעק, בעטן גאט ס'זאל נאך מער רעגנין כדי מ'זאל אונדז נישט הערן און קלאפן אן צו א קריסט וואס האט פארזיכערט זיין שפייז אויף א גאנץ יאר, און בעטן עפיס עסן, מיר ווילן אלץ אוועקגעבן, געלט זאכן, דאמלס זאגט דער זאטער עשיו, ניין! און לאזט אוועקגיין ליידיק, און מיר יעקב'ס קינדער גייען אוועק מיט א צובראכן הארץ, הונגעריק און נאך מיט גרעסערע מורא ווי פריער זיי זאלן אונדז נישט מסרן! אזוי איז אונדזער לעבן... רבונו של עולם! נעם זיך שוין אן די עולה פון קינדער, דערפריי אונדזערע הערצער וועלכע זענין ווי א בלאטער אנגיצויגן פול מיט ווייטיק און שמערץ... איך האף ווידער, אז דו גאט וועסט

אונדז נישט פארלאזן, וועסט אנגעמין אונדזער תשובה, וועסט צוהערן אונדזערע תפילות און אונדזערע צוזאג, טריי דיר צו דינין און צו לויבן דיין הייליקן נאמין, נאר העלף אונדז! העלף שוין ווי אמשנעלסטן!

20.9.1942

זינטיק. וועגן נעכטיקן טאג האב איך זייער אסך צי שרייבן, עס איז מיר אבער נישט מעגליך ווייל איך שרייב אין טינקל קעלער אויף די קני. בלויס אויף א זיכר וויל איך פארשרייבען אינדזער שרעק אין פחד אין גאט׳ס ניסים וואס ער בווייסט אינדז יידן טוג. פין דער פרי און פורן גלעגינהייטן, מפירט אוועק אידישע פארמעגינס, זאכען מייבלען. דאביי רייסט מין טירן, טוירן, מקלאפט, מהאקט, מלויפט, מעשרייט, מ׳פורט געלעגינהייטן אמוטוציקל, ס׳דאכט זיך מלייגט איין הויזר. גויים רויבן ראביווין איך זיי יידער מיניט אנדערע חברות גויים אריין אין אינדזער הויז, כיהער טראסקין אויפן בוידם, קלאפן מיט די ברייטער, כ׳זיי ארויס טרוגין איין זאק. איך האב מוירא מ׳זאל אינדזער קאמער נישט צילייגן דער פאר האב איך זיך ביי נאכט איבערגצויגן מיט שלום אין קעלער אריין מיר זאלן כאטש זיין צוזאמען. אין אינדזער הויז טריף איך א גרוזאם בילד, אויפן טירן פענצטרן ציברוכן ציוורפן, אויסגפלינדערט... אין קעלער ליגען אלע אין טויט שרעק נאך אזא טוג. אזוי פיל מול איז מין דורך דעם קעלער אויף גיריסן אלע טירן אין גאט האט געהולפן. אין קעלער אגרויסע הינגער, נישט דו וואס צי עסן, היינט האבן מיר גיגעסן דאס לעצטע שטיקל ברויט רויעהייט. מיר עסן ווי די אויפיס קארן, מיר ליגען ווי די הירינג אנגיטלאטשיט איינער כמעט אויפן צוויטן, דושנע, ס׳בייסט אין אלע זייטן אין מקען זיך אפילו קיין קראץ נישט גיבען. שרעקליך איז אינדזער לאגע אין דו איז ערב יום כפור מיר וועלן נאך פריבן ערגיץ ביי נאכט צי גיין נאך עסן אפשר וועלן מיר פועלין.

**להלן יומנה של הנערה הינדה בת ר׳ יצחק שוורץ המתאר 13 (שלש עשרה) יממות מלאות יגון וגדושות סבל ומצוקה, אשר לא כלו את אמונתה החזקה בקדוש ישראל, ובגחלתה אוכלה.**

7.9.42

יום א׳ בשבוע. יום מלא תוגה שלפני היום הגורלי בו חלה הגזרה האיומה על כל עדת בני ישראל. בפעם האחרונה משתטחים בסערה כל אנשי העיר על בית החיים. כל קברי הקדושים והצדיקים מוקפים יהודים רבים אשר מתיפחים על חרון אף ד׳ שיצא עלינו, בעוונותינו הרבים. נער וזקן טף ונשים מקוננים מרה, מכים על לבותיהם הדוויים. שופכים הם את מרי שיחם לפני קונם בתפילה זכה לעורר רחמי שמיים עליהם בעת

צרת ההשמד שבאה עליהם. פורשים הם כפיהם לשמיים בצעקה מרה לאמור: איכה תוכלו לשכון ולמצא מנוחה נכונה בשעה מרה זו לכל קהילות ישראל, בשעה שדם ישראל נשפך כמיים, דם נקיים וטהורים של אנשים נשים וטף?!.. התיצבו נא הסתערו נא אתם הצדיקים הקדושים לפני הקב"ה שירחם על בניו בניכם, כי סכנת כלייה ר"ל מרחפת על כלנו. אוצו כל עוד לא מאוחר ואפסה התקווה, ח"ו. אב הרחמים אבינו אתה! הן לא תרצה באבדן בניך! ואם חס וחלילה גזרה היא מלפניך, עשה זאת בידיך ולא על ידי שליח טמא ידיים ואכזר לא יודע רחם. רבונו של עולם! רוצים אנו לחיות ולעבוד אותך בכל נפשנו ובכל מאודנו. צווה לנו החיים וקרע רוע הגזרה! ואנו נמשיך בכל לבנו לעבדך באמונה, לשמור תורתך, ולקיים את כל מצוותיך.

דקה רודפת דקה מתמלאות השעות ומתקרבות ל.....

אלי, דבר לא יבצר ממך. בכוחך לפעול גדולות ונצורות! חצית את הים והעברת את עם סגולתך בחרבה. יקרה נא נס גם הפעם והצילנו מידי הרשע. ידע ויראה כל העולם כי אתה ד' אלוקינו ואנחנו בניך, עמך הנבחר. אל נא תשמח לב שונאינו לאידנו. אל נא תפתח להם פתח לשאלתם החצופה: איה אלוהיכם. אכן חטאנו, אף גם כבד עווננו, אך הרינו חוזרים אליך בתשובה שלמה. ושנו חכמים כי תשובה תפילה וצדקה מעבירין רוע הגזרה. מתחננים אנו לפניך הגד לשטן הרף! יפסק נא הטבח האיום! הן שנינו כי לא המתים יהללו יה ולא כל יורדי דומה! עשה זאת למענך אם לא למעננו! עשה זאת למען האבות אשר כרת אתם ברית, למען התינוקות דבית רבם שלא חטאו!..

קרעתי את כל הקברות הקדושים. בפעם הראשונה בחיי ידעתי רגש כה עמוק בתפילותי. רגשותי נבעו כמעין. עיני זלגו דמעות צורבות. ראשונה נפלתי על קבר הסבתא מירל, והמשכתי אצל הסבא אשר. אחר כך עוררתי מקברותיהם את הדודים פישל ושמעון. התיפחתי, כי נקרע לבי בקרבי לגזרים, על קבר הדודה רחל. לבסוף כרעתי גם לפני קבר בלהה. על ידי עומדת שיינדל, שטופת דמעות ומעולפת. גם עיני אסתר וחנה הפעוטה וריבה נבעו דמעות שליש, וקולותיהן בוקעים רקיעים ופורצים קברות, עד שניחרו הגרונות ויבש מקור הדמעות.

חזרנו משם סחוטים ומעולפים הביתה, וקראנו בלב קל לאמא לאמור: אמא ד' יעזור לנו! הוא מוכרח לעזור לנו! עוד לא אבדה תקוותנו! נצפה נא בלב שקט לישועתו הקרובה דרך נס....

יום ראשון בין השמשות. יהודי אוסטשיק עברו כבר בסך... אומרים לנו לארוז את חפצינו ולהיות מוכנים לדרך. לחכות ליד פתח הבית בשעה 10 בערב..

עודנו מקווים ומצפים לנס שיקרה....

כל הלילה שכבנו במחבואים. כך המשכנו גם למחרתו, יום שני בשבוע, בפחד מוות ובנשימה עצורה. אנו מאמינים באלוהים חיים, בביאת הגואל, ומצפים לישועתו.

ערב בא. שלום שוכב שרוע בפינה אחת, ריבה ללא תנועה בפינה שניה. אני יושבת רכונה על מחברתי המונחת על ברכי וכותבת. בחוץ משתולל הרוח וגשם שוטף נתך

ארצה. סביבי הושלך הס. נעלמו העגלות מן הרחובות ושום טרטור גלגלים לא נשמע עוד. אין זאת כי אם התרוקנה כבר כל העיר. מכינים עצמינו לארוחה ערב. ההמשך ברכת המזון קריאת שמע ותפילה לבוקר אור.

8.9.42

יום שלישי בשבוע. התעוררתי מאוחר בבוקר. ישנתי טוב כל הלילה. ראיתי בחלומי; אני בבית. הולכת לבית הספר לכיתה 7. אמא היכינה לנו פרוסות לחם בחמאה. שתינו ספלונים חלב. 3 ככרות לחם שלמות נמצאות עוד בעריבת הלחם. אמא הזכירה לי לבקש את סליחת המורה על העדרי יום אחד מבית הספר, בגלל צינה. בעוד שבועים אנו מסימים את שנת הלמודים....

לצערי היה כל זה רק חלום נעים ומתוק. למעשה נופחים אנו את נשמותינו מפחד, מדי פעם שחודר אלינו קול צעדים בסביבה, כאן ליד הבית, שם ליד היודנראט.. הנה הם באים ה-שובצים (אנשי ס.ס.) אלינו... עולים לקיטון במדרגות. מבהיל! תודה לאל עליון, על כי התרחקו הצעדים ונעלמו.

שלום רחימא, עצור בשעולך! הם למטה... שומעים יריות. 1.2.4.5.6.7.8.9. מה זה?

אחרי הצהרים. שקט מסביב. השמים מתקדרים. כנראה גשם חדש לפנינו. מחשבות רודפות מחשבות. מה עם אשר, אשר יצא בליל שבת את הבית. לחם אחד באמתחתו ושמיכה אחת. לא נודע עליו דבר. מי יודע באיזה מחסן מרתף או בונקר מתחפר הוא לעת קור כלבים, למרבה מצוקתנו. וההורים במעמקי המרתף החשוך, ואוירו המעופש. דחוקים ולחוצים בו הרבה נפשות יקרות. ועביט השופכין אף הוא תופס שטח, ומפגל את האויר לנשימה. שרק לא יחנקו שם.. צריך למצוא עיצה ודרך להוציא משם לפחות את השופכין ולנקות את הזוהמה, למען תקל עליהם ישיבתם בתוך המרתף הדחוס. כן הלחם בסל הולך ונגמר. יספיק בקושי ליומים שלושה. ומה הלאה?. אנו כאן והם שם.. ואם זה ימשך ככה גם אחרי שבת.. רק אלוהים יודע מה לפנינו.. ואי שאול? אוי הישועה למה תתמהמה?.

אני מסלקת לרגע את העפרון מידי ומטה אוזן. מישהו מתקרב לביתנו. אני רואה תסרוקת בעורפה ומכירה את ברינדל ואחריה ז׳נדרם. הוא שואל: כאן? ונכנס. אחריהם נכנס ססצוביץ ועוזרו, ומוציאים את חפציה. ברינדל מעונינת להיראות לפנינו. היא משתדלת להקים רעש בצעדיה. ונעלמת אתם יחד.

9.9.42

כאשר רשמתי את התאריך נזכרתי כי זהו היום-הולדת של האחינית שלי. תקופה אני געגועים חזקים. את אחותי, בעלה וילדתם רק בחלום עוד אפשר לראות. הלא הם בחוץ-לארץ. אך מה גדול הכאב למחשבה כי הורי, אחי, ואחיותי, אשר נמצאים במקום, רק אמות מספר מרוחקים ממני, ובכל זאת נבצר ממני לראותם. אף לא יודעת מה אתם, ולא אוכל לעמוד לעזרתם בצר להם.

שקט מרגיז ומציק מסביב. העצב בלב מעמיק חתור. אין מנחם! סליחה פליטת עט. הן יש אלוהים בשמיים! הוא ודאי לא ישכח אותנו. אותותיו נראים בעליל. השמים מתקדרים בעצב. הגשם דולף בעצב. הן זוהי בכיה למר גורלנו. הנה הופיע החתול הבודד, לנפשו עזוב. בורח הוא מן הגשם הטורדן. נועץ הוא את שתי עיניו, הקודרות גם הן, בנו, האומרות אבל לבעליו שאינם עוד אתו. כמו כן לא שוכח אותנו האנקור בבדידותנו, ובא לעודדנו ב-בוקר טוב שלו, המחזק את תקוותנו ליום יבוא.
שתיים הן הבריות הבלתי רצויות אשר נצמדו חזק לבשרנו, באהבה רבה, לא לנו כי אם לדמינו. אלה הם הפרעושים והזבובים למיניהם, אשר מוצצים את דמנו.

יום שלישי למחתרתנו, נגמר והולך. ואין אף שמץ סמן לשנוי לטובה. אולם כל עוד הנשמה בקרבנו לא אפסה תקווה.

רואה אני בעיני רוחי, את הפרידה שלנו מן המרתף. מרגישה אני עוד את ידי אבא מלטפות על ראשי בתתו לי את ברכתו: יברכך ד׳ וישמרך יאר ד׳... עודני רואה את פני אמא הכאובות ועיניה שטופות הדמע. היתה לי הרגשה כי עוד מעט קט ונתאחד שוב. שינדל הפעוטה לא יכלה להשתחרר מצוארי ושטפתהו בדמעותיה הרותחות. והנה... שלש יממות חלפו ועוד לא ידע איש על אחיו. איך הם נאבקים המסכנים במרתף האפל ללא אויר לנשימה וסרחון איום. מוכרחים לעשות משהו להקלתם. ראשית חכמה לאורר את המרתף ולהוציא את השופכין. אמנם סכון רב בדבר. כי לפתח האויב רובץ. רק יחשך ירדו שלום וריבה בזהירות רבה בסולם. יחדרו למרתף אם דרך הדלת ואם דרך אשנב ויעשו את הנחוץ. הן יש בזה פקוח נפש, וקימא לן כי שליחי מצווה אינם ניזוקים. 14 נפשות יקרות בסכנת נפשות. אל רחום חזקם ואמצם! פרוש עלינו ועליהם את סוכת שלומך ואל ניפול בידי צוררינו הטמאים. הושיטה להם ולנו את משענתך! שלח לפניהם את עמוד האש להנחותם בחשכת הלילה, שילכו בשלום ויחזרו בשלום. כי כן שגור המזמור בפינו, כל חודש אלול,: ד׳ אורי וישעי ממי אירא ד׳ מעוז חיי ממי אפחד. בוטחת אני בך ד׳ חנני ועננׅי, אל תסיר פניך ממני. אל תטשני ואל תעזבני. בתפילה בלב ובחרדה גדולה עוקבת אני אחרי היקרים לי שירדו בחשכת הלילה, לבצע את המשימה הקדושה. אחרי דקות מספר ארוכות כאורך הגלות וכאורך האסון, שומעת אני צעדים קלים ומהירים לאורך הגן. משק שפיכה פולח את שקט הלילה. זוהי שפיכת השופכין אשר נשמע פעמים שלוש. ברוכים יהיו!. וחזרה הדממה. מתוחת עצבים מחכה אני לשובם. ברוך השם הם חזרו בשלום. השער יסמר למשמע ידיעותיהם על מצב היקרים לנו...

,,הם רחמנא לצלן, כמעט על סף המוות!" אמר שלום ברתת. אל תשאלו. כלם נטרפה עליהם דעתם. לא יודעים מה נעשה אתם. מטושטשים הם כלם. לא יודעים באיזה עולם הם חיים. על 10 שאלות זכינו לחצי תשובה, לא ברורה. נסיתי להדליק גפרור ולא נדלק בגלל חוסר אויר כדי דלקה. לא יודעים צאת השמש ובואה. יודעים הם רק פחד וחרדה. האיצו בנו לעזוב אותם מהר ולברוח. רק אבא ידע כי יום רביעי בשבוע היום. אין להם ההבנה כי בידיהם לעזור לעצמם ולעשות את הנחוץ להחליף אויר ולשפוך החוצה

את השופכין אשר בעביט למען לא ירעיל את האויר לנשימה. אבל מה לעשות הם נדבקו באדישות בעלפונם. אם ישועת ד׳ לא תבוא בהקדם לא יהיה ח״ו למי להושיע עוד.
עם השבת, מתחילה לנו שנה חדשה. א׳ דר״ה חל בשבת.
שלח לנו ד׳ שנה טובה חדשה, שנת חופש ודרור ללא צרות, שנת ששון ושמחה לכל בית ישראל, רפואה לנפש ורפואה לגוף, שמט לנפול.

10.9.42

כל הלילה עפו טסו מפציצים כבדים, (הבוקר, יום חמישי בשבוע) גם כן. כל פעם שאני שומעת טיסה מעל מרגישה אני הקלה בלב. כי מאמינה אני שאלה הם משחררינו אשר יביאו לנו את הגאולה.
אט אט שוקעת השמש לערוב, והגאולה רחוקה עדיין. מחשבות נוגות תוקפות איתי. מה הידיעות על זסלובה? למה לא חזר עוד איש משם? אם העיר ריקה מאדם, איך הופיעה כאן אתמול ברינדל בלוית הז׳נדרם, לקחת את חפציה? ואם נשארו עוד יהודים בעיירה למה לא רואים נפש חיה? גם את ברינדל לא רואים עוד.. בכל אופן שומר ישראל סוכך עלינו והוא למגן לנו. כמה פעמים שערכו כאן חפושים במחסנים על כל נקיקיהם, ולא גילו אותנו. מאת ד׳ היתה זאת שעלה בדעתנו לבקר במרתף אצל ההורים. לולא זאת היו חלילה נחנקים שמה. החלטנו גם הלילה לעשות כן. אל רחום היה בעוזרנו גם הפעם במעשה נועז וקשה זה!. אולי גם נוציא משם את מישהו ונביא אותו אלינו.

11.9.42

בתודה אני מרימה את שתי ידי למקום שהניא אותנו לבצע את ההחלטה אתמול. הבאת ד׳ על שלום הצטננות חזקה בכדי להרחיק אותנו מן אסון בטוח. כי באותו לילה נשמעו צעדים כבדים בחצר. אל נכון היו אלה משנאינו, שוחרי רעתנו. מפאת ה-וימש-חושך לא יכולנו לראותם. כעת השמש מטיילת לה בשמים בהירים וגבוהים. אלי מתי כבר תעלה גם שמשנו? עולם כה יפה זה האם כלל לא בשבילנו הוא?.. איזו זריחה צוהלת. עין השמש כאילו מגחכת מלמעלה. האם בשורה בה לנו הנדכאים? היום ערב ראש השנה חגים כה קדושים ימים טובים ונשארו למעננו רק נוראים איומים.. בימים אלה שופכים תחינתם תפילתם לפניך ד׳ בלב שבור, כל יהודי על כל תפוצותיו, בבתי מדרש ובתי כנסת וקלויזים על כל סוגיהם, תפילתם הזכה, תוך הכאת על חטא, ועיניהם זולגות דמעות. בוקעות התפילות כתבנו בספר החיים. ונשמע האיחול המקובל על כל ישראל: לשנה טובה תכתבו. ביום הקדוש הזה אייהו היהודי ומה מצבו!? במחילות ומרתפים אפלים! הגיעה עניבת החנק עד צפור הנפש! גרוע מרדיפות ספרד בימי הביניים. אז יכלו לפחות להתפלל במקומות קדושים תת קרקעיים. משם גם הנחילו לנו את ה-כל-נדרי הנצחי. בלילה הזה היה צריך להיות כל בית יהודי מלא אורה ושמחה. נרות שבת וחג על כל שולחן, חלות קלועות בעיגול,

(בכדי לבלבל את השטן) ויין לקידוש. מאכלים כשרים ופרי מגדים, אבטיח, ענבים, דבש. אמנם טרחה אמא הרבה טרחות. עמלה קשה עד שהצליחה להכניס את החג תחת קורת גגה. אבל מתוקה היתה לה העבודה. כדבריה: שרק יהיה לה הרבה לעשות. עד כמה קוסמת היתה כניסתו של אבא הביתה אחרי התפילה החגיגית! שבת שלום חג שמח! לשנה טובה תכתבו לאלתר לחיים! השולחן ערוך היה מעשה מלכות. כי כך נאה וכך יאה לבן ישראל סבא. כעת הכל הושבת ונעלם, כחלום יעוף.. אלי! הדמעות חונקות ולבי עלי יתעטף. אוי מה היה לנו! כל יקירי במרתף החשוך. מי יתנה ומי יפצה שברון הלב אשר נפל בגורלם גורלנו האומלל?! אתה אלי אשר אליך מגיעות תפילות כל חי, הן של אלה אשר נהנים מן החופש והן של אלה הבוקעות ממעמקי בורות ומחילות אפלים, אתה הבוחן כליות ולב כל אדם, היה נא סומך נופלים! יקרה נא הנס לשנה החדשה ונזכה לשמוח, כל המשפחה יחד, ועם כל בית ישראל, ונוסיף לספר נפלאותיך ד׳. הלילה אני וריבה יוצאות לדרך לזכות את הורינו בקצת אויר צח במרתפם. עזרנו ד׳, בזכות ה-שבת-קודש והחג, ובזכות המצווה של כבוד אב ואם, אל נא נכשל בדרכנו ולא נהיה למפגע לכל יקירינו ולנו עצמינו. פרוש נא ידך ושכות עלינו. יהי נא לכתנו בשלום ובואנו בשלום, כי רק מידך עזרתנו בטוחה.

14.9.42

אין חדש. יומיים חג שבת ויום ראשון.

בליל שבת היינו במרתף. אותה התמונה הנוראה. רק גדלו מוראותיה. אין לתאר במלים את הזוהמה השוררת שם. איש מהם לא קם ולא זז ממשכבו למראה אור קלוש חודר מבעד פתח המרתף. מלבד מאיר אשר קפץ על המציאה ונשם מלוא ריאותיו מן האויר אשר חדר למרתף עם בואנו. אנו מבקשים מ־שינדלי שתבוא אתנו למקום שבתנו. אולם היא, בקול ענות חלושה משיבה כי לא תוכל לעזוב את ההורים.

בחזורנו מקדם את פנינו שלום עם בשורת איוב, כי הלשינו עלינו, וכי רדפו אחרינו כאשר נכנסנו הביתה. הוא מספר ספור ארוך מה שקרה עת העדרנו.

בהכנסו, ראה שלום, 2 שקצים פורצים לבית. אולם הוא הספיק עוד לסגור את האשנב. התחילו להתרוצץ סביב המחסן. חלחלה אחזתהו. הוא עשה לעצמו כבר חשבון אחרון באם יתפש. הכין לו כסף כופר, הוריד את השעון מידו. אמר לכפר פניהם במנחה. ורק אצבע אלוהים היא שהוכו בסנוורים ועזבו את המקום.

אצל ההורים חל שנוי מה לטובה. משפחת טוך עזבה את המרתף, ואת חנה לקחנו אתנו למחסן ויפול יותר אויר בחלקם של ההורים. הדאגה המטרידה כעת היא המחסור בלחם. המצרך העיקרי הולך ונגמר.

כלתה שנה התכלינה הצרות עמה?. התמצא נחמה פורתא ליומני זה?.

יום שני בשבוע. ערב בא. עבר שבוע שאנו נחבאים.

אוי עד מתי?. מצטמק המוח מרוב מחשבה. ומה התועלת? אי המוצא? התרצה ד׳

באובדננו ?.. האם שמרת עלינו עד כה למען הפקיד אותנו לשני הרעב ?. הלא תצא חלילה נפשנו ותפח נשמתנו במחילות אלה ולא נגיע לקבר ישראל!.. אויה לי כי נכשלתי במחשבת חטא. סלח לי ד׳ כי חטאתי בעטי, אם לא בשפתי. כפי הנראה הגעתי לסף היאוש. ואף על פי כן רואה אני כי פקוחה עינך עלינו לשמרנו. כל יום וכל שעה מתחדשות נפלאותיך. איני מטילה חלילה ספק בכוחך הגדול. לא אבד בטחוני בך. מוחותינו קטנים וחלשים מהבין דרכיך, וכל מחשבותינו חסרי תועלת המה.
אחרי הצהרים נרד למרתף לדרוש בשלום ההורים, ונשאל לעצתם. אולי ירחם ד׳ ותמצא דרך להשיג דבר אוכל. אנו נקח עמנו קצת מי חומץ בסוכר להשיב נפשם המסכנים. רק אל תעזבנו אתה אל רחום ! הצלח את דרכנו.

15.9.42

יום שלישי בשבת. אחרי הצהרים.

עד עתה נבצר ממני לרכז את מחשבותי בשביל יומני. אחרי ליל בלהות שעבר עלינו. מזעזע עד מאד. בשעה 8 כאשר ירדנו בסולם, וריבה נכנסה עם העביט לבית השמוש, נכנסתי אני תוך פחד לפרוזדור, והסתתרתי מאחורי השער. אודה כי הססתי מאד הפעם בלבי אם רצוי היה ברגע זה לרדת. הצעתי אפילו לריבה לדחות את הבצוע. כאלו ניבא לי לבי, העתיד להתרחש. בעמדי מאחורי השער חלצתי את נעלי מעל רגלי בכדי למנוע רעש. לפתע ראיתי אור פנס מכוון למחסן היכן שלום וחנה נמצאים. סמוך לזה שמעתי צווחות בגרמנית, מחבורה שלמה „יהודון גש הנה !" ומיד נשמעה בכיה מרה. חשכו עיני. מי יודע אם לא נתפס חלילה שלום ! אם לא חטף מכות. ומה מחכה לו כעת מידיהם ? קפצתי בחפזון רב לעלות אל עלית הגג. אחרי רגע מחשבה אמרתי לעצמי לא ! כאן לא טוב ! שומעת אני כי צועדים על עלית הגג של השכנים. אני יורדת חזרה ומתחבאת במחסן. יושבת אני על הקרקע, חרדה לא להקים רעש. נמנעת מלהסתובב. המחסן מלא וגדוש כלים מכלים שונים, וכל תנועה בלתי זהירה עלולה לפגוע באחד מהם ואז הרעש בלתי נמנע בהדרדר הכלים. חושך ואפלה. השניים דא לדא נקשן. כולי רועדת. נדמה לי כי שומעת אני אנקת שלום. מישהו חדר בריצה אלינו, לעלית הגג, יחף. בעוד כמה דקות נכנסו ריבה ועוד מישהו, וסגרו מאחוריהם את הדלת. חשבתי כי מישהו זה הוא שלום, והונח לי. געגועים חזקים תקפוני להמצא קרובה לכנפי אמא וכל הקרובים. יהא זה אפילו במרתף.

ממחשבותי אלה התעוררתי בגלל רעש ודבורים שבאו מן החוץ. אנשים רבים נתפסו במחבואיהם. שומעת אני קול של נערה הפונה לאמה בדברים : בואי אמא בואי ! והחוטפים חוזרים אחריה בלעג : „קום היר קום" לפי שאון הצעדים יש להניח כי רבים הם שנתפסו. ועד מהרה הושלך הס מסביב. נסיתי כמה פעמים לצאת את המחסן, על מנת להכנס לחדר, ולא היה לי די אומץ. לבסוף פתחה ריבה את הדלת בכדי להוציא את אסתר אשר באה בהולה לראות שלום חנה. באותה הזדמנות קפצתי לתוך המרתף. שאלתי הראשונה היתה : האם שלום כאן ?. התשובה השלילית ערערה את שקט נפשי.

אני ספרתי על חרדתי ל-שינדל. לפנות בוקר מעירה אותי ריבה לחזור הביתה. איני שומעת. אני כאילו נדבקתי לאמא. כמה טוב הרגשתי ליד אמא. באיזה תענוג נשמתי לקרבי בהבל פיה של אמי הטובה, והחמימות העגוגה של כל יקירי. איני יכולה להנתק מהם. אמא, מתחננת אני, ילך מי שילך, ואשאר אני כאן על ידכם. גם ריבה קובלת. איש לא רוצה להבין אותי. אף על פי שאין אנו רחוקים בשטח, איש מעל אחיו, כרוכה כל פגישה בסכנת נפשות.

כאשר הביאה לי רחל את הבשורה כי שלום ישנו, אמרתי כי חייבת אני ללכת אליו, ולא להשאירו עוד לבדו. ככה נפרדתי מכל יקירי וחזרתי לעלית הגג.

אוי אוי מה היה לנו! יומים כמעט שלא בא כל אוכל לפיהם. האחות הקטנה מספרת כי אכלה עלים. רבונו של עולם, גדולים חסדיך. הרבה פעמים הראית לנו את ה-אצבע אלוקים שלך והצלתנו בעוד מועד. הושענא לנו גם הפעם, ואל תניח לנו לגווע ברעב חלילה. גאלנו מעת צרה זאת.

16.9.42

בלילה הזה לא עצמתי עין. חכיתי ל-רחל שתקרא לי לצאת יחד ולחפש אוכל. גשם שוטף ירד. זמן הגשם עת כושר לנו לצאת לדרך. שמעתי רעש בבית. שמעתי פעמים אחדות צאת ובוא. פעם כאשר שמעתי צעדי גבר אמר שלום, כי אלה הם צעדי אבא. כמו כן אומר הוא כי ראה את בילה עם עלות השחר חוזרת הביתה. סקרנית אני לדעת מה נשמע אצלם. הלילה אני מקווה לרדת לבדי אליהם. ריבה וחנה עזבו אתמול עם שחר ללכת אל המרתף של אסתר. יעזור לנו ד׳. מקבלת אני באהבה את הגורל למרק את חטאינו. חתום לנו אלוהי שנת חיים טובים שנת אושר ושלום!

17.9.42

ביום חמישי בשבת כאשר נכנסתי למרתף נדהמתי לראות בתוכו מנורה דולקת. אחרי 10 ימי חושך ואפלה. בה בשעה שאפילו גפרור לא נמצא ברשותם. קרה נס ואבא מצא את המצית שלו והאיר להם את חשכת אסונם. למרבה אסונם אפילו לאור המנורה לא היה כל דבר אוכל נראה לעיניהם.

בחצות הלילה, חרף הגשם, יצאו כלם לדפוק על דלתי נדיבים, אולי ירחם מישהו עליהם. אולם כל לבותיהם של הערלים נמצאו נעולים, וחזרו כלעומת שבאו. רק דרכה של רחל הצליחה לה והביאה חתיכת לחם בחמאה וכמה אגסים. אולם הוזהרה להתנדף מהר, ולא לבוא עוד פעם.

לביילה רצו לתת חתיכת לחם תמורת זוג סנדלים, אבל חזרה ריקם. מלך אסף כמה מלפפונים והביאם הביתה. גם אני קבלתי שנים מהם. החלטתי להשאיר אותם למחר כי אין כל סכוי להשיג כל אוכל.

אמא, בשלה איזה תבשיל והשאירה לי קצת. ברוך ד׳ יום יום.

18.9.42

גם הלילה יצאו מן המרתף ריבה ועוד אחד. הלכו לבקש רחמים מן הגויים. לצערנו חזרו בידים ריקות. מלך היה בגן וחפש מלפפונים. קרא לי לאמא, כי השאירה לי משהו לאכל. עם הנץ החמה יצאתי לראות את אמא, וחזרתי מיד. אמא המסכנה כל הדאגות על ראשה. מתחלקת היא עם כל דבר ועם כלם. היא פשוט משיבה נפש לכלנו. איך הצליחה להכין לנו מעדן יחסי כאשר הסלים ריקים!. תפוחי האדמה לא התבשלו מספיק. גם המים אזלו. הבאתי אתמול מי גשם מן הבית. לארוחת ערב יש לי עוד חתיכת מלפפון. צריך להשאיר למחר לכבוד השבת. לחלות ויין סכוי חלומי בלבד...

אמנם בחלום הלילה ראיתי את אמא קולעת חלה (קויליטש). אולי ירחם ד׳ ויתגשם החלום, ויהי לעובדה. עוד לא אבדה תקוותנו. האם גזרה היא מלפניו שנגווע חלילה ברעב? מי יודע אם יש ליקירינו במרתף אפילו מלפפון לשבת?!

רבונו של עולם יהי כבר סיום וסוף לסבלות חטאינו! תן האות ויחל כבר הטוב לערוף למעננו לפחות טיפין טיפין!. מה ידאב הלב לשמע איך שכנינו הגויים מתרוצצים מן הבוקר עד הערב, חופשים, מעבדים הם משקיהם, אוספים פרי עמלם. מכינים לעצמם כל טוב לקראת החורף הממשמש ובא. לעומתם אנחנו עמך ישראל, יושבי חושך וצלמות. עומדים אנו כעני בפתח, ליד דלתי הגויים, מתחננים לכזית לחם להשיב נפש, ולא נענים. אדרבא, עוזבים אנו אותם, בשברון לב ובפחד מוגבר, שלא ילשינו עלינו לפני האויב האורב לנו בכל צעד.

אלוהי ישראל הושיענו ונושע, גאלנו ונגאל, כל עוד לא מאוחר.

20.9.42

יום ראשון בשבת. על האתמול יש הרבה לכתב. אבל לא אוכל כי נמצאת אני במרתף חשוך וכותבת על ברכי בקושי רב. מהבוקר עוברות עגלות עמוסות רכוש היהודים אשר נאסף מכל הדירות שפונו מיושביהן היהודיים. שומעים אנו איך פורצים דלתות שוברים חלונות, בצווחות צהלה, של השכנים כפולנים כאוקראינים הנהנים מן הביזה. גם במרתף יושבים אנו אחוזי פחד. רעש פוגרום חודר לאוזנינו.

היום ערב יום הכיפורים.

תורגם מיידיש: שמריהו לרנר

## מכתב מאשר בן יצחק שווארץ מלינסק אל אחותו

**רבקה גינצבורג־שוורץ בחיפה.**

**אחותי היקרה והיחידה רבקה!**

25.1.43


תמונת בעל המכתב

אין לי סבלנות ואין לי כבר כל רגש אנושי לכתוב, רק אני כותב מתוך תקוה שאת, היחידה מכל המשפחה, תשארי בחיים, ולכן אני רוצה שתדעי מתי לקיים את ימי הזכרון. התחמקתי היום מהמחנה זאסלאוו ואני נמצא אצל גוי, כדי להשאיר עבורך את המכתב הנוכחי. לדאבוני אין מי שיחביא אותי, כי כל אחד מתירא לחייו הוא. אני לא רוצה למסור פרטים, כי אין בן אדם שיוכל לתאר זאת. אם סופרי דברי הימים יתארו פעם את זה שעבר עלינו, אל תחשבי שזה ככה היה. המשורר הכי גדול, לא מוכשר לתאר אפילו החלק האלפי מהמציאות. אני בעצמי לא מוכשר לספר על הכל מה שקורה פה ביום אחד. אני מוכרח להגיד שזה היה איזה חלום בלהות, אבל לדאבוני זה הכל אמת.

ובכן עד היום נשאר לך מכל המשפחה רק אני, היחידי. לפני עשרה ימים לקחו ממני את הנחמה היחידה שנשארה לי עוד. ביחד עם יתר יהודי המחנה לקחו גם את הינדה, שאול ומלך. נשארנו במחנה מכל המחוז הסנוקאי ס״ה 70 יהודים מתוך 15.000. בקשתי ללכת עם כולם ולהפטר כבר מהחיים וקבלתי מכות בעד בקשתי זאת. אמרו לנו שישלחו אותנו לעבודה בקרקוב, אבל לפי השערתי, יחסלו גם אותנו אחרי שננקה את כל צריפי המחנה.

לכן אני מנצל את ההזדמנות להשאיר עבורך את המכתב הזה. לחיות אין לי כבר כל רצון. אבל אתם, את וילדיך שתדעו לנקום את נקמת הדם היהודי הנקי הנשפך. עליך לחנך את ילדיך ברוח הנשק והשנאה לעם הגרמני, אני פונה לכל היהודים משם, אל תחפשו עסקים או התקדמות במשרות, רק קחו את הנשק ביד, רצחו את כל הבא תחת ידיכם (מהעם הגרמני) אנשים, נשים וטף, כי ככה עשו אתנו. הסופר הכי גדול לא מוכשר לתאר את האכזריות שעשו עם אחיכם. לפיכך עליכם להיות להוטים רק לנקמה! נקמה! נקמה!.

הינדה שלנו התחילה לרשום יומן, אבל אי אפשר היה להמשיך. היא השאירה מכתב עבורך שאני מצרף בזה.

ובכן היי בריאה והתחזקי לחיות, כי אנו סבלנו את הצרות גם עבורכם אני דורש בשלומך ומנשק אותך, ילדיך ובעלך. אל תבכו הרבה. כשיבוא זמני אלך בזמרה להתאחד עם בני משפחתי.

יום הזכרון של אבא, אמא ולושע; הם נורו בזאסלאוו יום אחרי יום כפור, ביום שלישי בשעה 10.30 לפני הצהרים בשנת 1942. רחל נורתה בזאסלאוו ביום 25.10.42. שלום מת מיתה טבעית, בדלקת הריאות ביום 6.11.42. היום, לפני 10 ימים זאת אומרת ביום 15.1.1943 יצאו מפה עם המשלוח האחרון, יותר 2000 היהודים ועמם גם הינדה, שאול ומלך.

אני משאיר את המכתב אצל נוצריה ואתם תתנו לה עבורו 25 דולר. כתבתה: אני מאחל לכם חיים ארוכים תוך בריאות ושמחה.

אשר בן יצחק שוורץ.

תרגם מיידיש שמעון פרידלנדר

## מיין איינציגע ליבע און טייערע שוועסטער רבקה!

**25.1.1943**

איך האב וויניק געדולד און וויניק מענטשלעך געפיל צו שרייבן נאר ווייל איך מוז און האף אז דו איינע וועסט בלייבן לעבן פון אונדזער גאנצער משפחה דאדורך וויל איך אז דו זאלסט וויסן ווען די יארצייט אפצוהאלטן. איך האב זיך היינט ארויס-געגאנווועט פון לאגער און בין ביי א באקאנטן גוי ספעציעל דעם בריוו איבערצולאזן פאר דיר. באהאלטן לײדער קען מיך קיינער נישט ווייל יעדער פארכט זיך פאר זיך. קיין שום איינצלהייטן וויל איך דא נישט באשרייבן ווייל א מענטש איז עס נישט אימשטאנד צו באשרייבן. אויב די געשיכטע וועט עס אמאל באשרייבן זאלסט דו נישט מיינען אז אזוי איז עס געווען. דער גרעסטער דיכטער איז נישט אימשטאנד צו באשרייבן קיין טויזנטסטל פראצענט פון דערווירקלעכקייט, איך אליין גלייב מיר נישט יעצט איך בין נישט אימשטאנד נאכצודערציילן וואס עס פאסירט יעדן טאג. איך מוז זיך אליין זאגן אז עס איז געווען א חלום אבער לײדער איז עס דער גאנצער אמת. אלזא ביז היינט פארמאגסט דו נאך מיך איינעם; בעפאר מיט 10 טאג האט מען מיר אוועקגענומען מיין לעצטן טרייסט אבער שוין מיט אלע רעסט יידן. הינדען, שאילען און מיילעכן. מיר זענען נאך געבליבן פון גאנצן סאנאקער קרייז 70 מענטשן דאס הייסט פון 15.000 יידן. איך האב מיך געבעטן צו גיין גלייך מיט אלע מענטשן שוין איינמאל פטור ווערן דאס לעבן האט מען מיך געשלאגן און געזאגט אז מיר פארן קיין קראקא ארבעטן אבער מיין מיינונג איז אז מיר וועלן נאר אויסרוימען די אלע הייזער וועט מען אונדז אויך

ערלעדיקן. דאדורך ניץ איך אויס די מעגלעכקייט דיר דעם בריוו איבערצולאזן. איך לעבן וויל נישט מער אבער דו און דיינע קינדער זאלן וויסן נקמה צו נעמען פאר אונדזער יידיש אומשולדיק פארגאסן בלוט. זאלסט דערציען דיינע קינדער אין גייסט פון געווער! און שנאה צום דייטשן פאלק.

איך אפעליר צו אלע יידן זוכט נישט קיין געשעפטן נישט קיין קאריערע נאר די שווערט! מארדעט ווער עס קומט אייך אונטער דער האנט (פון דייטשן פאלק) קיין אונטערשיד מענער פרויען קינדער ווייל מיט אונדז האט מען דאסזעלבע געטון. דער גרעסטער שרייבער פון דער וועלט וועט נישט זיין אימשטאנד צו באשרייבן דאס בארבארישקייט וואס מהאט מיט אייערע ברידער געטון. דאדורך דארפן אייערע הערצער פלאטערן נאר נאך נקמה נקמה נקמה.

אונדזער הינדא האט אנגעהויבן צו שרייבן א טאגבוך אבער ס'איר נישט מעג-לעך געווען דאס צו דערשרייבן אזוי שיק איך עס דיר נישט פארענדיקט. אויך האט זי מיר איבערגעלאזט א בריוו פאר דיר וואס איך לייג אים אויך ביי. אלזא בלייב געזונט און שטארק דיך נאר צום לעבן, ווייל מיר זענען שוין אפגעקומען פאר אייך. איך גריס און קוש דיך דיינע קינדער און מאן, וויינט נישט פיל ווען עס וועט קומען צייט אויף מיר וועל איך גיין מיט געזאנג צו מיין גאנצער משפחה.

די יארצייט פון טאטן מאמען און לושען, זיי האט מען געשאסן א טאג נאך יום כיפור דינסטיק א זייגער 10.30 פארמיטאג אין זאסלאוו 1942 יאר.

רחלין האט מען געשאסן דעם 25.10.1942 אין זאסלאוו, שלום איז געשטארבן אין זאסלאוו מיט א נארמאלען טויט אויף א לונגען-אנטצינדונג דעם 6.11.1942.

היינט 10 טאג דאס הייסט דעם 15.1.1943 זענען אוועק מיטן טראנספארט דאס רעסט 2000 יידן און צוזאמען מיט זיי אויך הינדא, שאול מיילעך.

איך לאז דעם בריוו איבער ביי דער קריסטין זי זאל אים נאכן קריג אייך איבערשיקן פאר דעם זאלסט איר שיקן 25 דאלאר זיי הייסט:

איך ווינטש אייך א לאנג לעבן מיט פרייד און געזונט.

**אשר בן יצחק (שווארץ)**

# די יונגע יידישע מארטירערין פון א קליין שטעטל

אליין געבליבן פון דער גאנצער פאמיליע און אויך זי האבן די נאציס געפירט דערשיסן. — ווי זי איז אנטלאפן און געלעגן צוויי יאר באהאלטן ביי א קריסטליכער פרוי. — א בריוו פון איר געשריבן צו דער משפחה מ. סילווערמאן בראנקס, ניו-יארק, פון זייער 21-יעריקע פלעמעניצע ברוניא פון לעסקא.

זי שרייבט: הארציקע, גוטע טאנטע מיינע! איך ווייס נישט ווי דיר צו דאנקען פאר דיינע טייערע ווערטער צו מיר. פון דער צייט וואס איך האב פארלוירן מיינע טייערע עלטערן און אלעמען פון דער פאמיליע האט נאך צו מיר קיינער אזעלכע ווערטער ניט געשריבן און ניט גערעדט. אין לעסקא בין איך געבליבן בלויז מיט נאך איין יידישער פרוי, וואס א דאקטאר האט זי באהאלטן. זי האט דערנאך מיט אים געהייראטעט. זי איז מיין איינציגע באקאנטע. דיין בריוו איז פאר מיר אזוי ווי דאס ליכט פאר א בלינדן מענטשן, ווען ער נעמט פלוצלינג זען. איך לייען אים צענדליגע מאל, איך קוש יעדן ווארט און וויין ווי א קליין קינד.

שוין א יאר ווי מען האט מיך באפרייט פון די באנדיטישע דייטשע מערדער. משה'לע און מירעלע זענען אין פאלעסטינע. איך שרייב צו זיי, אבער איך האב ניט קיין ענפער. גאט ווייסט וואס זיי מאכן. דאס וואס איך האב דא דורכגעלעבט איז שרעקלעך, מיינע נערוון ערלויבן מיר ניט אז איך זאל אלץ באשרייבן. דאס באנדיטישקייט פון די דייטשן איז ניט איבערצוגעבן. זיי האבן אפגעריסן קינדער פון עלטערן, און יונגע געשטאפא-מענער פון 18—19 יאר האבן זיי געשאסן. דער וואס האט דאס אלץ ניט געזען קען ניט גלויבן, אז איין מענטש געגען צווייטן קען אזוי זיין.

אוי טאנטע, מיין טאנטע, מיר איז שרעקלעך געווען. מיינע אויגן זענען שוין אויס-געטרוקנט. איך האב פארלוירן מיין טייערע, הארציגע גוטע מאמע. זי איז דאך געווען ביי אונז ווי דאס אויג אין קאפ. מיר האבן זי פארלוירן מיט א שרעקלעכן טויט.

אין לעסקא בין איך ביי גוטע קריסטן. זיי האבן מיך אויסבאהאלטן. פאר אויס-באהאלטן א ייד האט מען געגעבן טויט-שטראף דער גאנצער פאמיליע און דאס הויז פארברענט. עס זענען געווען אין לעסקא און אין אנדערע דערפער פילע פאלן אזעלכע. איך בין געווען ביי דער גוטער קריסטין צוויי און א האלב יאר פארשטעקט. איך בין צו זיי געקומען ווינטער. איך בין דעמאלט אנטלאפן פון לאגער ווען מען האט אונז געפירט צו דערשיסן. איך בין געווען נאקעט און בארוועס. איך בין דער פרוי צו די פיס געפאלן און זיך געבעטן, אז איך וועל איר א דינסט זיין מיין גאנץ לעבן, נאר זי זאל מיך פארשטעקן. איך האב געוואלט לעבן נאר לעבן! איך בין דעמאלט 17 יאר אלט געווען.

די גוטע פרוי, מאריא יאסכע, האט מיך אין גרויס שרעק ארייגענומען, מיך געהאלטן און איר לעבן פאר מיר איינגעשטעלט. איך האב קיין אנדער געזיכט ניט געזען נאר אירס און איר גוטן מאנ'ס. זיי האבן מיר עסן געגעבן, כאטש זיי האבן אליין נישט

געהאט פיל. די פרוי האט מיר א קלייד און שיך געגעבן, וואס איך וועל קיינמאל ניט פארגעסן. איך האב פאר איר דיין בריוו געלייענט און אויף פויליש ערקלערט, זי האט געוויינט, מיך געקושט און געזאגט: „זעסט ברוניא, גאט פארגעסט ניט אן קיינעם, דיר וועט נאך א מאל גוט זיין, ווייל דו האסט פיל געליטן". איך בעט דיך אז דו זאלסט איר א בריוו שרייבן און איר דאנקען, ווייל זי איז צו מיר זער הארציג געוועזן.

מיין איינציגער וואונש איז, אז איך זאל נאך קענען צוזאמען מיט אייך זיין. מער פארלאנג איך גארניט. איך וועל געדולד האבן אוןווארטן.

איך שרייב צו דיר ווי צו א מאמע. דו ביסט דאך די שוועסטער פון מיין גאטזעליגער מאמע. ווען דו קענסט, בעט איך דיך מיר צו שיקן וועש און א סוועטער. אויב עס איז דיר אבער שווער, זאלסט זיך נישט אנשטרענגען. איך בעט דיך, אז דו זאלסט מיר פיל שרייבן. אמעריקע! דאס גאלדענע לאנד! גאט זאל מיר נאר העלפן, אז איך זאל ביי אייך זיין איך זאל זיך קענען אויסוויינען אויף אייערע הערצער.

ביי אונז זענען קיין יידן ניטא און איך קען ניט אפהיטן די יארצייטן פון מיין פאמיליע, דיר טאנטע גלויב איך, וועט עס זיין מעגלעך. איך בעט דיך זער און זער דאס צו טון. איך שרייב דיר אין וועלכער צייט מיין פאמיליע איז אומגעקומען. לייב איז געשטארבן דעם 12טען נאוועמבער 1942, דער טאטע און שייעלע דעם 25טען נאוועמבער 1942, די טייערע מאמע מיינע און מאטיע — דעם 17 יאנואר 1943, אונזער פריידאלע, זי איז געווען ווי א שיינע רויז, דעם 18טען יאנואר 1943, — אשר דעם 18טען פעברואר 1943. איטשע, דער עלטסטער ברודער, איז נאך אין יאר 1941 מיט די רוסן אוועק קיין רוסלאנד און איך האב פון אים ניט קיין שום ידיעה.

פון אוסטשיקי דאלניע זיינען קיין רוסלאנד אוועק, דעם פעטער מענדעל׳ס זון, דוד, און דער טאנטע שרה׳ס זון, נטע, און די איבעריגע זענען דערשאסן געווארן פון די דייטשן. איך האף, אז דורך דעם בריוו וועל איך אפזוכן משה׳ן און מרים׳ען. איך גיב דא אן זייערע אדרעסן: משה שווארץ, חדרה, פאלעסטינע און מרים שווארץ, השומר הצעיר, עין השופט, פאלעסטינע.

איבערגעדרוקט פונעם „פארווערטס", געענדערט בלויז די ארטאגראפיע.

# בקשר לשואה

משה דוקלר

## אלה אזכרה ואהמיה *)



תמונת המחבר

בין כסה לעשור, בימים הנוראים, אנחנו מתכנסים תמיד בכדי להתיחד עם זכר קדושינו מהעירות לינסק, בליגרוד, איסטריק, ליטוביסק והסביבה. עברו כבר 21 שנה מאז הימים הנוראים, תרתי משמע, עת אספו את הורינו, אחינו ואחיותינו מהעירות האלה והובילו אותם לטבח, האויר נתמלא בזעקות אמותינו, אבותינו, אחינו ואחיותינו וכל קרובינו וידידינו שבשרם נסרק במסרקות של ברזל, כמו שמסופר על הריגת ר' עקיבא וחבריו שאנו מזכירים אותם עם עשרת הרוגי מלכות בתפילת יום כפור; וכאשר צוו להוציא את ר' עקיבא סרקו את בשרו במסרקות של ברזל, ובכל סריקה וסריקה שהיו סורקים היה אומר „הצור תמים פעלו, כי כל דרכיו משפט, אל אמונה ואין עול, צדיק וישר הוא", והיה מקבל עול מלכות שמים ונשמתו יצאה ב„אחד". כן גם סרקו את בשרם של קדושינו שמסרו נפשם על קדוש השם. על תקופה מעין זו אומר המדרש: כתוב כי עליך הורגנו כל היום, אמר ר' חיא בר אבא, אם יאמר לי אדם, תן נפשך על קדושת שמו של הקב"ה, אני נותן ובלבד שיהרגוני מיד, אבל בדורות של שמד איני יכול לסבול. ומה היו עושים בדורו של שמד? היו מביאים כדוריות של ברזל ומלבנין אותן באש ונותנין אותן תחת בית שחיין ומשיאין נפשותן מהם, ומביאין קרטיות של קנים ונותנין תחת צפרנן. וכן היו מענים את קדושינו וזעקתם עלתה לשמים.

אלה אזכרה ואהמיה את העירות הנפלאות המלאות חסידות, תורה וחכמה. עוד זכור לנו איך החסידים היו שמחים כשאדמו"ר בא לעירה. העיר שקקה והמתה חסידים מקומיים וכן אלה שבאו לקבל את פני רבם מהעירות הסמוכות. איזו חגיגיות לבשה העיר; אנשים, שבכל ימות השנה היו טרודים בדאגת הפרנסה, היו נראים כבני מלכים. או כשהחסידים היו מתאספים בקלויז ביום הילולא של אדמו"ר זה או אחר ומתישבים

*) קטע מתוך נאום באסיפת אזכרה.

לסעודה של מצוה לעלית נשמתו של הצדיק. מי ידמה להם ומי ישוה להם! העירות שלנו היו מצטינות גם בלומדים, שלמדו תורה לשמה בקלויז של סדיגורא או בקלויז של סאנדז. מי לא זוכר את הבחורים והאברכים שהיו קמים לפנות בוקר וישבו ולמדו עד שהגיע זמן קריאת שמע ותפילה. גם ימי הסליחות עת שאמותינו היו רגילות ללכת לקברי אבות והבחורים ישבו עם הקערות ע״י בית החיים, נשאו הוד מיוחד.

גם בשטח הציוני היו מצטינים אנשי העירות שלנו. מי לא זוכר את השמחה שאפפה את העיר ששלחה את חלוציה הראשונים. כולם הלכו ללוות אותם לבית הנתיבות ושירי ציון על שפתותיהם. וכל מה שהתרחש בעולם היהודי היה כאילו ענינו הפרטי של כל אחד ואחד. ואם כי עניים היו אנשי העירות האלה בחומר, הרי עשירים היו ברוח וביהדות ותמיד חיו בתקוה ליום יותר טוב או לעליה לארץ ישראל וכך היו חיים.

יפים ומלאי הוד היו החגים והשבתות בעיר. כל החנויות היו סגורות. השבת פרשה את ממלכתה על כל העיר. אבותינו בלבוש המשי והשטריימל היו דומים למלכים, התהלכו להם בנחת מי לקלויז, מי לבית המדרש ומי לבית הכנסת הגדול, שאגב, הפך לאחרונה לספריה עירונית. זריזים הקדימו בכדי לטבול במקוה ולחטוף דף גמרא או פרשת חומש לפני התפילה. אפילו הריקנים שבה היו מלאי מצוות כרימון. בעלי המלאכה שבמשך כל השבוע עמלו קשה בכדי להוציא את פרנסתם, גם כן לא התעצלו ונצלו את יום השבת בכדי לשמוע מי שעור בעין יעקב ומי חדושי תורה בפרשת השבוע, שניתנו ע״י מגידי שעור קבועים. ואיזה יופי לבשה העיר בשבת אחרי הצהרים, עת הגדולים הלכו לשוח בשדה ושוחחו על פוליטיקה, על ארץ ישראל, על דא ועל הא והצעירים הלכו למועדונים הציוניים שלהם בכדי לשמוע שיחה בעניני דיומא.

אולם לפני 21 שנה, ביום בהיר אחד חשך עולמם של יקירינו ומכל החיים התוססים האלה לא נשאר שריד ופליט. האנשים היקרים האלה הובלו לטבח ועונו באכזריות שאין דוגמתה אפילו בחורבן הבית. דמים בדמים נגעו, התערבו דמיהם של עוללים ויונקים עם דמיהם של זקנים וישישים, דמיהם של חסידים עם דמיהם של חפשיים שכולם כאחד מסרו נפשם על קדוש השם. ואולי ברגעיהם האחרונים לחשו שפתותיהם שמותיהם של האודים המוצלים מאש — של אלה שזכו לעלות לארץ ישראל לפני מבול הדמים שהציף את העולם היהודי.

אסור לנו איפוא לשכוח את זכר קדושינו, ואם כי גזרה היא שישתכח המת מלב, עלינו להתיחד לפחות פעם בשנה ולהעלות בפני עינינו את הדמויות האהובות עלינו, ועלינו לספר זאת לבנינו שלא ידעו את השואה ושהם יספרו לבניהם ולדורות הבאים אחרינו, על הגיהינום הנורא שעבר עליהם לפני שמסרו את נפשם לשמים, על האסון הגדול שקרה לנו שאין דוגמתו במרטירולוגיה היהודית, על העירות שהיו ואינן עוד, על בתי כנסיות שחרבו ונהרסו עד היסוד.

דברי ימי לינסק, בליגרוד, איסטריק, ליטוביסק, ציסנע, וכל כפרי הסביבה לא יעברו מתוך יוצאי הסביבה וזכרם לא ימוש מזרעם.

**ברוך ליבער**
**שיקאגא**

# י ת ג ד ל

שוין עטלעכע צוואנציק יאר זענען פארביי,
זייט ס'איז פארשטומט געווארן אייער לעצטער געשריי;
ברידער, שוועסטער, חברים און פריינט
כ'האב אייך תמיד אין הארצן שטיל באקלאגט באוויינט.
און כאטש ס'זענען שוין אריבער אזויפיל יארן
איז ניט אפגעמעקט פון מיין זכרון
אייער היימיש ליבלעך געשטאלט,
די פנימער פון יונג און אלט.
כ'באגלייט, כ'גיי מיט אלע אייך
אראפ צום שטילן לויטערן סאן-טייך
כ'שפאציר ביינאנד אין היזעלאוועער סאסנע וואלד
ווען די פייער-רויטלעכע זון פון בארג אראפ פאלט;
כ'זע אייך אין געסל, געוועלב און אלטן הויז
כ'בין זיך מתיחד אין שיל, בית מדרש און קלויז.
און אין טיפן טרויער אין דרייען געבויגן
פאראומערט ווי אן אבל אין די שלושים
שטיי איך מיט טרערן פולע אויגן
און זאג קדיש נאך אייך טהורים וקדושים.

**סימה פרידלנדר לבית לרנר**
**(בת צבי)**

## שש חברות היינו.
### מצבה לזכר חברותי שנספו.

6 חברות-שכנות היינו. החברות בינינו התחילה אחרי תקופת הגמר של בית הספר. שמותיהן היו: ברכה (בראשע) ורבקה (ריבטשע) זידנפלד, חנה רוזנר, ייטה גרניק, רייז'ע קסלר ואני.

רייז'ע (שושנה) קסלר, אשתו של ר' אליהו ברגר, יבדל לחיים ארוכים, עלתה ארצה אחרי מלחמת השחרור עם בעלה ובתה, חולה ומיוגעת מה„גן עדן" הרוסי, בערבות סיביר והטיגות ונפטרה בארץ.

אצל שתים מתוך הארבע, שנשארו בלינסק, אשמות המסיבות. חנה רוזנר, בת יחידה להורים עניים, היתה מאד עדינה והמצפון לא הרשה לה, לעזוב אותם לעת זקנתם, גלמודים ולעלות. היא נשאה שם לבעל שהוריה בחרו עבורה, או יותר טוב, לבעל שהוריה יכלו להשיג עבורה בלי נדן, היתה מטופלת בהרבה ילדים. חיתה שם בתוך עוני ומחסור ונספתה בשואה עם כל משפחתה.

לא טוב יותר היה גורלה של ייטה גרניק. הוריה היו אמנם די אמידים, אבל מתוך סיבות טרגיות במשפחתה, נשארה בחורה מבוגרת, לא נשואה. רעיון התחיה הלאומית, שהתפתח בעירה אחרי מלחמת העולם הראשונה, לא היה בכוחו לשרש את הנטיה להתבוללות, שהכתה שרשים עמוקים בנפשה עוד בתקופת נעוריה ולכן לא היתה להוטה לעלות ארצה. היא נשאה שם לאלמן יואל טייך וגדלה את בתו היתומה מאשתו הראשונה. היא היתה בחורה אינטלגנטית בעלת לב יהודי רגיש, היתה עשירה, פעלה שם הרבה ועזרה להרבה יהודים עניים להסתדר ולהתבסס. בתקופת הנצים י״ש, עת רכזו בעירה את יהודי הסביבה, בערך 10.000 נפש ורצו להמיתם ברעב, סדרו יהודי העירה מטבח במחתרת ובשלו עשבים עבורם — היה אחד משני המטבחים האלה, בביתה. הסוף שלה ומשפחתה, היה כסוף כל יהודי העירה. היא נורתה בזאסלאווע.

כדי להבין את סופן הטרגי של האחיות זידנפלד, עלי קצת להאריך.

כל ששתנו יצאנו מבתים מאד אדוקים. כל אחת מאתנו ידעה את כל דיני הכשרות, כדי לקים מטבח כשר. אותנו הבחורות למדו בבית הרבה „יידישקייט״ (דיני היהדות), כדי שנוכל, בבוא שעתנו, לקיים ולנהל בית יהודי מסורתי. המזון הרוחני שלנו היה: ה„צאינה וראינה״ (תורה מתורגמת ליידיש נלעגת) והספורים של האמהות והסבתאות, על העולם הבא, ביחוד מה שמתהווה בגן עדן ובגיהינום. חנכו אותנו כאוטומטים בנוגע ליהדות. למדו אותנו שעלינו להתנהג כמו שהתנהגו האמהות והסבתאות שלנו. עלינו היה כל בוקר לשנן ב„ברכה״ את האמרה „עלינו לעשות הכל כמו שמצוים עלינו אבא ואמא וכל האנשים הטובים והאדוקים״. היה עלינו כל ערב לפני השינה, לברך „ברכת המזון״ ולקרא „קריאת שמע״, בשבת אחר הצהרים, בקיץ, להגיד — פרקי אבות, ובחורף — „ברכי נפשי״. (פרק מתהילים) אף מלה מכל אשר אמרנו — לא הבינונו, כי הכל היה בלשון הקודש (עברית). שלא למדו אותנו. יכול להיות, לו היו מלמדים אותנו את פרוש המלים והיו מסבירים לנו את החשיבות של ברכת המזון ושל קריאת שמע, את התאור הנהדר של הטבע, המתואר בפרק ברכי נפשי, את השגב וההוד של יוצר הבריאה, את החשיבות הגדולה של הלכות דרך ארץ והתנהגות האדם, שמכילים פרקי אבות — יכול להיות שאז היה יחסנו ליהדות אחרת מאשר היה בתקופה ההיא.

עלינו היה לשמור את השבת כהלכתה עם כל הדינים הקשים הקשורים בה, לעומת זה לא למדו אותנו להבין את ערך השבת ביהדות. ידענו רק שאסור זה ואסור זאת לעשות בשבת, אבל לא למדו אותנו להרגיש את השבת, את הנשמה היתרה שבה ואת כל המאור של מנוחת השבת. את כל זה השאירו, יהודי העירה, רק לבנים, רק ל„קדיש״

שלהם. אין פלא לפיכך, שכל האסורים היו לנו לנטל ולסבל ולא פעם עברנו על זה שאסרו לנו.

את היהדות, את החיים היהודיים ידענו, כאמור, מתרגום החומש לשפת יידיש נלעגת „עברי טייטש". אבל שיש גם ספרות יידיש לא ידענו בכלל, כי ההורים גם כן לא ידעו, לכן התבישנו בלשוננו היידיש ודברנו בינינו רק פולנית ולמדנו רק את הספרות הפולנית והגרמנית. לא פעם יצא לנו לקרא ספרים ברוח אנטישמי והיות ולא היתה בנו הכרה עצמית יהודית, גרמה קריאה כזאת רגש נחיתות אצלנו והתבישנו ביהדותנו. רצון עז היה בנו בתקופה ההיא, להתבולל. השעה בשבוע שלמדנו בבית הספר הממלכתי



חנה רוזנער הי"ד



ייטה גראניק הי"ד

את תורת הדת היהודית, מפי מורה-הדת, לא השכילה אותנו בכלל. היו לנו חברות נוצריות עוד מתקופת בית הספר ומהן נודע לנו, שאצלם מותר הכל לעשות ביום ראשון וליהנות מן החיים, ביום המנוחה שלהם, ואלו אצלנו בשבת, יום המנוחה שלנו, הכל אסור. כשרצינו לבלות בשבת ביערות היזלוב ולקרא שם ספר, עלינו היה לקחת אתנו אח או אחות קטנה שישא את הספר, כי לנו אסור היה לשאת בשבת מחוץ לתחום. מובן שדבר כזה הפריע לנו. יכול להיות, לו היו מסבירים לנו את הטעמים של האסורים האלה, היינו מתיחסות אחרת לכל השאלות האלה, אבל אף אחד לא טרח להסביר לנו את הטעון הסברה. מקובל היה בעירה שלבת לא צריך להסביר שום דבר, עליה רק למלאות אחרי פקודות הוריה. התנהגות כזו מצד הוריה, הביאה לא פעם בת יהודית להתנכר ליהדות.

הכרנו את ההיסטוריה הפולנית עוד מבית הספר, ברם שיש גם ליהודים היסטוריה, על זה אפילו לא חלמנו. ידענו שבחנוכה מדליקים 8 נרות ושאסור לתפור לאור הנרות האלה, כי היונים טמאו בבית המקדש את כל השמנים ונשאר רק קנקן קטן אחד בשמן

טהור, שהיה בו כדי להאיר יום אחד בלבד ונעשה נס והאיר 8 ימים ולזכר הנס הזה מדליקים בחנוכה 8 נרות. אבל מי הם היונים ומה עשו פתאום בבית המקדש, ובכלל על כל מלחמת המכבים לא ידענו כלל.

ידענו שאנו בגלות, כי בית המקדש נחרב, אבל לא ידענו שהיתה לנו פעם מדינה עצמאית. בבית לא ספרו לנו ומהספרות הפולנית והגרמנית לא יכולנו לדעת זאת.

את הבנים למדו הכל. למדו אותם להתגעגע לביאת המשיח ולחלום על הגאולה שבטח תבוא ביום מן הימים, אבל אותנו, הבנות, גם לחלום לא למדו אותנו. אין פלא איפוא, שכל מה שהתבגרנו יותר, התרחקנו יותר מהיהדות. אולי זה יצלצל כפרדוקס, אבל ככה היתה המציאות; ידענו הרבה מאד דינים ומנהגים יהודיים, חיינו בתוכם, אבל רק קשר דק מאד קשר אותנו ליהדות. כשהתבגרנו והתחלנו להבין יותר את המציאות כמות שהיא, היינו מתווכחות ביערות היזעלוב על כל השאלות שענינו וצערו אותנו. ידענו מה שמחכה לנו, עת שיגיע הזמן לכל אחת מאתנו לכונן לה בית משלה. ידענו את מצבו הקשה של הסוחר היהודי בעירה וידענו שאותו הגורל מחכה גם לנו, שנצטרך להתחתן עם בחור ביהמ״ד, בלי מקצוע, ואחרי שנהיה סמוכים על שולחן אבא, יפתח הוא לו בעצמו חנות וימשיך למשוך בעול, לגדל ילדים, בלי מטרה, בלי תכלית. הרגשנו די טוב את האי תכליתיות שבחיינו. זאת היתה בתקופת חיינו שלכל בן אדם ישנן כנפים ואנו בתומתנו האמנו, שבידיעות שיש לכל אחת מאתנו בשפות הפולנית



סימה ליבער לבית גראניק הי״ד
(כשעליתי ארצה בשנת 1925, מסרה לי אחותה של חברתי, ייטה גראניק הי״ד, שכנתנו, את תמונתה, בהעירה „סימה, קחי ממני את התמונה שלי למזכרת״ כאילו הרגישה שאנו לא נתראה עוד. היות והיא, בעלה ובנה היחיד נספו בשואה, אני מרגישה חובה להנציח את תמונתה. ס. פ.)

והגרמנית, (אוי ואבוי מה שהבינונו אז מה זאת „ידיעות׳) נוכל להסתדר בנקל, לולא היהדות שהפריעה לנו. היות וחשבנו שהחסידות היא המעצור הכי גדול להתבוללות, שנאנו את החסידות תכלית שנאה, זלזלנו בחסידים וכנינו אותם בכל מיני שמות גנאי כגון: חניאקעס, קאצעלאפעס ועוד.

לאחיות זידנפלד קרה עוד מקרה טרגי שהגדיל עוד יותר את שנאתן ליהדות. את אחיהן היחידי, יוסף משה, גרשו בחרפה מבית המדרש, אחרי שמצאו ספר על המיטולוגיה היונית נושר מחיקו. הן שנאו עכשיו כל מה שיש לו איזה שהוא קשר ליהדות. הגדולה שבין האחיות, מכרה לאינטלגנציה הפולנית כל מיני סחורות טקסטיל והכירה את החיים החפשיים שלהם והחיים האלה משכו וגרו אותן.

מאימת הפלישה הרוסית, יצאו האחיות, במלחמת העולם הראשונה, את העירה, הגיעו לוינה, למדו שם את מקצוע הגננות (גננות נוי) ולא חזרו יותר לבית הוריהן. הן היו מאד אינטלגנטיות אבל בחיים לא הצליחו והשנאה ליהדות הרחיקה אותן לגמרי מהאתמול שלהן. אחרי המלחמה חיו בורשה, נהפכו לחסידי לנין והתענו בחייהן עד שנספו ע״י הנצים י״ש. הן לא יכלו יותר לחזור למקור מחצבתן. זה היה הפועל יוצא של חנוך הבנות בעירה. משפחות, שתיהן לא העמידו.

ת.נ.צ.ב.ה.

**סימה פרידלנדר**
**לבית לרנר**

## 6 חברת׳עס זענען מיר געווען

### א מצבה פאר מיינע אומגעקומענע חברת׳עס.

6 חברת׳עס שכנות זענען מיר געווען. די חברשאפט צווישן אונדז האט זיך אָנגע-הויבן נאכן ענדיקן פונעם בית ספר. די נעמען זייערע זענען געווען: בראָשע און רבטשע זיידנפעלד, ייטה גראניק, חנה ראזנער, רייזע, הערש יעקב קעסלערס און איך.

רייזע, די פרוי פון ר׳ אליהו בערגער פון סאניק, איז אהערגעקומען נאך דער באפרייאונג מיט איר מאן און טאכטער, קראנק, אויסגעמוטשעט פונעם רוסישן „גן עדן״ אין סיביר און אין די טייגעס און דאָ געשטאָרבן.

ביי 2 פון די 4, וואס זענען אין לינסק פארבליבן, ייטה גראניק און חנה ראזנער, זענען די אומשטענדן שולדיק געווען. די עלטערן פון חנה׳ן זענען זער אָרים געווען, זי איז געווען זייער איינציקע טאכטער און חנה איז געווען צו איידל, זיי דארט אויף דער עלטער אליין צוריקצולאָזן. זי האט דארט חתונה געהאט מיט א מאן, וועמען די עלטערן האבן געוואָלט, אדער בעסער געזאגט, וועמען די עלטערן האבן דאָרט אָן נדן

.3

דאס אויפשטיין פון דער יידישער מדינה אינעם יאר 1948, האט אויפגערודערט דאס אמעריקאנער יידנטום. אסך יידישע בחורים, געוועזענע זעלנער פון דער אמעריקאנער ארמיי אינם וועלט־קריג, האבן פארלאזט אמעריקע, טראץ דעם פארבאט פון דער אמעריקאנער רעגירונג, און אוועק קיין ישראל, כדי צו העלפן דעם ישוב אין זיין באפרייאונגס־קריג. אממיינסטנס האבן אין ישוב געפעלט פלוגצייגן און פליגער.

איינמאל איז אירווינג אהיים געקומען און געמאלדן זיינע עלטערן, אז ער האט באשלאסן צו גיין קיין ישראל מיטצוהעלפן דארט מיט זיין וויסן, אלס פליגער, אויסצו־בילדן דארט יידישע פליגער און מיט דעם געבן זיין טייל ביים אויפשטעלן די מדינה. דערהערנדיק דאס, האט די מוטער זיך שטארק צעוויינט און געפרווט אים אפצוהאלטן פון דעם. די מוטער האט פאראיבל געהאט אויפן פאטער, הלמאי ער שווייגט און זאגט גאר נישט. אויך אירווינג האט געוואלט הערן דעם פאטערס דעה. נאך לאנגן שווייגן האט דער פאטער אנגעהויבן: „מיין טייער קינד! דו ווייסט וואס מלחמה באדייט, אין מלחמה גייען אלע אבער נישט אלע קומען צוריק. דו אליין ווייסט אין וועלעכע סכנות דו ביסט געווען אין קריג, ווי דיין לעבן האט נישט איינמאל געהאנגען אויף א האר. ווען נאך דעם אלעם קומסט דו און זאגסט אז דו ווילסט גיין קיין ישראל, מיטצוהעלפן אויפ־שטעלן די יידישע מדינה, בין איך שטאלץ מיט דיר. דו ווייסט ווי טייער דו ביסט ביי מיר און פון דעסוועגן זאג איך דיר ג י י, מיין טייער קינד, און גאט וועט דיך היטן. 6 מיליאן יידן, ברידער און שוועסטער, האט דער דייטשער מערדער אויסגע׳הרג׳ט (אין דער מינוט איז אים רעכטשע געשטאנען פאר די אויגן) און דאס נאר פאר דאס, ווייל מיר האבן נישט געהאט ווער עס זאל אונדז שיצן. אט האבן די מצרים באמבארדירט תל אביב און אסך קרבנות זענען דארט געפאלן, ווייל מיר האבן נישט קיין פלוגצייגן און פליגער און דו, מיין ליב קינד, וועסט דארט קענען אסך אויפטון. קויף דיר א פלוגצייג, געלד האב איך גענוג, פלי אפ אין א נייטראל לאנד און פון דארט קיין ישראל און גאט וועט דיך זיכער שיצן, דו טוסט א גרויסע זאך!״.

אירווינג איז אוועק קיין מעקסיקא, באזארגט זיך א פלוגצייג, פון דארט אוועק קיין טשעכן, מיטגענומען פון דארט א ביסל געווער און געלאנדעט אין ישראל. ער איז געווען איינער פון די פליגער, וועלכע האבן באמבארדירט קאירא און זיין פאטער איז זער שטאלץ געווען מיט זיינע מעשים אין ישראל. ער האט יעדן טאג אהיימגעשריבן ביז — ס׳איז מער קיין שרייבן פון אים נישט געקומען. נישט באקומענדיק לאנג קיין שרייבן, זענען די עלטערן געקומען באלד צו פליען קיין ישראל. זיי האבן זייער זון געטראפן א שווער פארוואונדעטן אין תל ליטווינסקער מיליטער־שפיטאל, היינט תל השומר.

.4

נאך שמואלס אוועקפארן האבן זיך רעכטשעס שיינע אויגן מיט א דין, כמעט נישט באמערקנדיק טרויער־הייטל, איבערגעצויגן. זי איז געווארן מער ערנסטער. די חברים

אין פאריין האבן דאס באמערקט, אבער נישט פארשטאנען די סיבה. „א פנים איז א מוסר”, זאגט אן אלט שפריכווארט און איר פנים האט אלעס דערציילט. זי אליין האט אפילו פאר אירע נאענטסטע חברתעס איר סוד נישט דערציילט. זי האט זיך פארגעווארפן, הלמאי זי האט נישט גערעדט אפן מיט אים אויפן גאנצן וועג קיין קראקע, אלעס וואס זי האט געפילט. זי האט דעם גאנצן וועג געפילט ווי ער שטיקט זיך אין יסורים און זי האט פארשמועסט און נישט געלאזט אים צוקומען צו רעדן, פון דעם וואס אים האט גערדריקט. „פארוואס האב איך אים נישט געזאגט ווי ליב און טייער ער איז מיר ? פארוואס האב איך מורא געהאט דאס צו זאגן ?” האט זי זיך פארגעווארפן. איך פארשטיי אים גוט פארוואס ער איז געווען אזוי צוריקגעהאלטן, אזוי רעזערווירט — האט זי געקלערט — ער האט זיך געפילט מאטעריעל נידריקער פון מיר, האט ער מורא געהאט מיט מיר וועגן דעם צו ריידן, ער האט נישט געקענט וויסן וויאזוי איך וועל אויף דעם רעאגירן, אבער איך, איך האב זיינע געפילן פאר מיר געפילט און געוווסט, זיין ציטער־דיקע שטימע אין דער באן, ביים ריידן מיט מיר, האט אים גענוג אויסגעגעבן, אבער איך, פארוואס האב איך דאס נישט געטון ? פאר וועמען האב א י ך מורא געהאט ? פארוואס האב איך אים כאטש נישט געזאגט ער זאל מיר שרייבן און איך וועל אים גערן ענפערן ?. די ערשטע צייט האט זי זיך נישט געקענט קיין ארט געפונען, זי האט געבענקט נאך אים. פארשידענע געדאנקען און פלענער זענען אויפגעשווומען און גלייך פארשוווּנדן, אלס נישט פראקטישע. פון אנפאנג האט זי געקלערט אים דאס אלעס צו שרייבן, אבער זי האט באלד דעם געדאנק אפגעווארפן. זי האט געוווסט נאך וואס ער איז געפארן קיין אמעריקע, זי האט געוווסט וואס פאר א שווערע לאסט ער האט אויף זיך גענומען, אראפ־צונעמען דארטאהין זיין משפחה און זי האט מורא געהאט, אז אזא בריוו פון איר וועט אים אזוי צעטומלען, אז ער וועט נישט וויסן וואס פריער צו טון. עס זענען געווען מינוטן, ווען זי האט געוואלט, ער זאל זי פארגעסן, כדי ער זאל קענען נאכקומען די אויפגאבן, וואס ער האט אויף זיך גענומען, אבער די מינוטן זענען באלד פארשווונדן, אין אמתן האט זי דאס נישט געוואלט, פארקערט, זי האט דווקא געוואלט, ער זאל זי נ י ש ט פארגעסן און קענענדיק זיין שטארקן און איידלעם כאראקטער, איז זי זיכער געווען אז ער וועט זי נישט פארגעסן, ווייל זי האט אים אויך נישט געוואלט פארגעסן. פארשידענע געדאנקען האבן געעגבערט אין איר מוח און די שלעפן האבן געהאקט ווי האמערס: וואס ווייטער ?. זי האט זיך אויך ארומגעטראגן מיטן געדאנק, אלעס דא איבערצולאזן און גיין צו אים קיין אמעריקע, אבער זי האט געפילט, אז זי וועט עס נישט קענען טון. איר נאבלער כאראקטער האט זי נישט געלאזט, איבערלאזן אירע טייערע עלטערן הפקר אויף דער עלטער נאר כדי צו בארואיקן איר עגאאיסטיש בענקעניש.

דערווייל זענען וואכן געפלויגן און פארוואנדלט זיך אין חדשים און פלוצים איז איר פאטער איינמאל ווינטער, גייענדיק מנחה־מעריב דאווענען, געפאלן אויפן וועג און נישט מער אויפגעשטאנען. דאס האט נאך צוגעפעלט איר צום רומ״ל, צו אירע געראנגלעניש. דער פאטער איז געווען דער גאנצער סוחר אין געשעפט און נאך זיין

אפשטארבן האט זי זיך געמוזט איינשפאנען אין גאנצן אין געשעפט, בשעת פריער, ביים פאטערס לעבן, האט זי נאר מיטגעהאלפן. אינצווישן זענען יארן געלאפן און די אלטע מאמע האט אויף איר געדריקט, זי זאל חתונה האבן. דאס געשעפט אליין האט אויך באדארפט א מענלעכע ארבעט-קראפט און מתוך רעזיגנאציע האט זי צום סוף חתונה געהאט.

.5

דעם 29סטן נאוועמבער 1947 האט דער פאראייניקטער פעלקער-ראט באשלאסן אויפצושטעלן א יידישע מדינה אין א טייל פון ארץ ישראל. דאס איז געווען שבת צו נאכטס. ארום 11 א זייגער האט דער ראדיא געמאלדן די בשורה און דער ישוב, יונג און אלט, זענען ארויס אין די גאסן, זיך געווונטשן „מזל טוב" און דער גאנצער ישוב האט געטאנצט א גאנצע נאכט. דער ישוב האט זיך געפרייט, אבער יעדער האט געוווסט, אז אזוי לייכט וועט עס נישט אנקומען. יעדער האט געקענט דעם אראבער און געוווסט אז ער וועט נישט שווייגן. נאך אין דערזעלבער נאכט האבן חברים פון דער „הגנה", אצ"ל און „לח"י" באקומען פארבינדונגס-צעטל, צו שטיין אויף דער וואך און יעדער פון זיי האט באדארפט מעלדן אין הויפט-קאמאנדע, ווען ער פארלאזט זיין שטענדיק וווינארט.

שוין דעם צווייטן טאג, זונטיק, האבן די אראבישע באנדעס אטאקירט די דורכ-פארנדיקע אויטאס אויף די וועגן און די אומרוען האבן זיך פארשפרייט אין די געמישטע פארשטעט, ווו אראבער און יידן האבן געוווינט אויסגעמישט און אויך אויף די אפגעלעגענע יידישע זידלונגען. דאסמאל האבן די אומרוען אנגענומען א גאנץ אנדערע פארם. בשעת פריער האט די „הגנה" געהאט איר פרינציפ, צו באשטראפן נאר די אראבער וואס זענען געווען דירעקט פארמישט אין די אומרוען און נישט געטשעפעט דאס גאנצע אראבישע דארף, פון וואנען די פאגראמטשיקעס זענען געקומען, האט איצט אויך די „הגנה", ווי „אצ"ל" און „לח"י" האבן דאס שוין פריער געטון, באשלאסן צו באצאלן בלוט פאר בלוט און באשטראפט דאס גאנצע אראבישע דארף, פון וואנען די אנפאלער זענען געקומען.

דעם 16טן יאנואר 48, זענען ארויס פון ירושלים 35 יידישע קעמפער, ס'רוב סטודענטן, אין די ירושלימער בערג, זיי האבן געוואלט קומען צו הילף די 4 באלא-גערטע זידלונגען אין „גוש עציון" און אלע 35 קעמפער זענען געפאלן אין די בערג, נישט קענענדיק צוקומען צו די באלאגערטע זידלונגען.

דעם 25סטן יאנואר האבן אנגעהויבן אריינצודרינגען אין לאנד, פון די ארומיקע אראבישע מדינות, מאסנגרופן פון די אזויגערופענער „רעטונגס-ארמיי" וואס די אראבער האבן אויפגעשטעלט אין די שכנות'דיקע לענדער, כדי צו ראטעווען „פאלעסטינא" פון יידישע הענט און די יידן צוווארפן אין ים אריין.

דעם 12טן פעברואר איז דער גאנצער יידישער ישוב מאביליזירט געווארן. אין לאנד

זענען פארגעקומען קליינע מלחמות צווישן קליינע גרופן יידישע קעמפער און מאסן אראבער. די שלאכטן זענען וואס אמאל שטארקער געווארן און אנגענומען דימענסיעס פון א רעגולערער מלחמה. דער גאנצער ישוב איז געווען איין שלאכטפעלד. די אראבער האבן אפגעשניטן ירושלים און די ארומיקע יידישע זידלונגען און נישט געלאזט צופירן עסן. זי האבן געגלויבט, אז דורך אויסהונגערן וועלן זיי זיך אונטערגעבן.

48 יידישע קעמפער, וועלכע האבן געוואלט דורכרייסן דעם וועג קיין „יחיעם״, א באלאגערטן יידישן קבוץ אין מערב גליל, זענען גע׳הרג׳ט געווארן ביז איינעם, נישט קענענדיק דורכרייסן דעם וועג.

דער יישוב, ווי קליין ער איז נישט געווען, האט געקעמפט ווי לייבן קעגן אום-צייליקע, גוט באוואפנטע אראבער, וואס זענען אריינגעדרונגען פון די אראבישע מדינות.

די ענגלענדער האבן צו ביסלעך אנגעהויבן צו ריימען דאס לאנד און אזוי ווי זיי זענען געווען אינטערעסירט איבערצולאזן א תוהו ובוהו אין לאנד, האבן זיי די יידן אונטערגעשטעלט פיסלעך, ווו זיי האבן נאר געקענט, כדי די אראבער זאלן קענען באזיגן דעם יידישן ישוב. די וויכטיקסטע אסטראטעגישע מיליטער-לאגערן זייערע, האבן זיי איבערגעגעבן אין אראבישע הענט און און די יידן האבן געמוזט מיט פיל בלוט באצאלן, ביים ארויסטרייבן די אראבער פון דארט. דער ישוב איז אפגעגאנגען אין בלוט און צוביסלעך, צוביסלעך פארטריבן די אראבער פון די געמישטע שטעט ווי: חיפה, טבריה, צפת און דעם מזרח גליל. יידן זקנים האבן געבויט א נייע שאסיי צווישן די בערג פון ירושלים, אונטער די אראבישע קוילן, כדי צו קענען צופירן פראוויאנט קיין ירושלים. דער וועג קיין ירושלים דורך „שער הגיא״ האט זיך ממש געטרענקט אין בלוט פון יידישע קעמפער, יינגלעך און מיידלעך (די מיידלעך האבן געקעמפט מיטן ביקס גלייך ווי די יינגלעך). א פאר טאג פארן אויסרופן די יידישע מדינה, דעם 12טן מאי, האבן די יידן באזעצט יפו.

דעם 15טן מאי, אינם טאג ווען די ענגלענדער האבן אינגאנצן געריימט דאס לאנד, האבן אראבישע רעגולערע ארמייען פון די שכנות׳דיקע לענדער, אנגעהויבן אריינצודרינגען אין לאנד. אויך דער יידישער ישוב האט אנגעהויבן צוביסלעך צו באקומען געווער פון אויסלאנד און יידישע קעמפער פון גאר דער וועלט, מח״ל (מתנדבי חוץ לארץ) פריי־ וויליקע אויסלענדישע יידישע קעמפער, האבן אנגעהויבן מאסנווייז קומען העלפן דעם ישוב, צווישן זיי יידישע פליגער פון אייראפע און אמעריקע.

דעם 30סטן מאי 1948 איז אויפגעשטעלט געווארן צה״ל, די יידישע פארטיידיגונגס-ארמיי, און דאס מיליטער האט אויפגעשטעלט פראוויזארישע שפיטעלער פאר די פאר-ווונדעטע זעלנער, באראקן מיט בעטלעך, וועלכע האבן מער קיין פלאץ נישט געהאט אין די דעמאלט עקזעסטירנדיקע רעגירונגס-שפיטעלער. אזא גרויס שפיטאל איז אויפ-געשטעלט געווארן אין תל ליטווינסקי.

די בעסטע יידישע דאקטוירים פון גאר דער וועלט זענען געקומען העלפן דעם ישוב

און ארגאניזירן די שפיטעלער. די שפיטעלער זענען געווען איבערפולט און ארבעטער, עלטערע יידן, האבן געהאלטן אין איין בויען נייע באראקן, יידן פון אמעריקע און זיד-אפריקע האבן געשיקט אמבולאנסן און אויסשטאטונג פאר די שפיטעלער.

.6

אינעם שפיטאל אין תל ליטווינסקי האט געארבעט א דיפלאמירטע שוועסטער, חוה'לע האט זי געהייסן. זי האט געארבעט ביי טאג און ביי נאכט, ווייל עס זענען געווען זער א סך פארוואונדעטע און שוועסטער זענען געווען קנאפ.

איינמאל שפעט ביינאכט האט מען געברענגט א שווער פארוואונדעטן פליגער מיט א בלוטבאפלעקטן נויטבאנדאזש אויפן קאפ. ער איז געווען באוווסטלאז און מ'האט אים תיכף אריינגענומען אינעם אפעראציע-באראק. חוה'לע, אלס געניטע אפעראציע-שוועסטער, איז ביי געווען ביי דער אפעראציע. נאך דער אפעראציע איז דער אפערירטער איבערגעפירט געווארן אי א באזונדער צימערל און חוה'לע האט א גאנצע נאכט געוואכט ביי אים. זיצנדיק ביים פארוואונדעטן מח"ל פליגער האט זי אים גוט באטראכט. ער איז געווען בערך 25—26 יאר אלט, ממש בלוט און מילך, פון ווייטן אמעריקע (דאס האט זי געוווסט פון די מיטגעקומענע פאפירן) האט דארט אוודאי איבערגעלאזט עלטערן, האט א טיטל ד"ר כעמיקער און איז אהערגעקומען אלס פרייוויליקער קעמפן פאר דער יידישער מדינה. איצט קוקן זיינע עלטערן זיכער ארויס אויף א שרייבן פון אים און ווער ווייסט צי ער וועט נאך א מאל אין לעבן שרייבן צו זיי. ס'האט איר געשניטן ביים הארצן! זי האט זיך דערמאנט אין איר ברודער, וואס איז געפאלן אין רוסלאנד, קעמפנדיק פאר דער מדינה, ווו זי און איר משפחה האבן אזויפיל נויט און הונגער געליטן. דא כאטש קעמפט דער ייד פאר זיך, האט זי זיך געטרייסט, כדי צו האבן ווו דעם קאפ אנידערצולייגן, נאך דעם גרויסן אומגליק, און כדי אזא אומגליק זאל זיך נישט קענען מער איבער'חזר'ן. זי האט מיטגעפילט מיט זיין משפחה אין אמעריקע, זיי וועלן אפילו נישט וויסן, ווו זיין געביין איז אהינגעקומען. לויט ווי די דאקטוירים האבן צווישן זיך גערעדט נאך דער אפעראציע, האט ער העכסטנס 20% צו בלייבן לעבן, און דאס ערשט ווען מ'וועט ביי אים ארבעטן טאג און נאכט, און ווו איז איצט דא אזויפיל קראנקן-שוועסטער מ'זאל דאס קענען באהויפטן ?.

דעם צווייטן טאג אין דער פרי האט חוה'לע זיך געשטעלט פאר דער הויפט-שוועסטער פון דער אפטיילונג און פארלאנגט, מ'זאל זי באפרייען פונעם אפעראציע-באראק, ווייל זי וויל זיין ביים פארוואונדעטן פליגער א נאכט שוועסטער און אזוי ווי ס'איז געקומען פון דער צה"ל קאמאנדע א שארפער באפעל צום שפיטאל, צו טון וואס נאר מעגלעך כדי צו ראטעווען דעם פליגער, ווייל צה"ל דארף אים נויטיק האבן, האט די הויפט-שוועסטער נישט געהאט קיין אנדערע ברירה און געמוזט מסכים זיין צו חוה'לעס בקשה.

15 נעכט און כמעט גאנצע טעג (א חוץ א פאר שעה שלאפן בייטאג) האט חוה'לע

געהיט און געארבעט ביים פארווונדעטן, און ארבעט האט נישט געפעלט. יעדער האלבע שעה האט מען געמוזט טוישן די קאמפרעסן, יעדע שעה מעסטן דעם בלוטדרוק און לויט דעם מאכן די איניעקציעס, געמוזט אכטונג געבן אויף דער קינסטלעכע דערנערונג און רייניקן די זאנדע, יעדן טאג, אדער גאר 2 מאל אין טאג, האט ער געמוזט געוואשן ווערן, כדי ער זאל נישט ווערן צוגעלעגן. די בעסטע דאקטוירים פון אלע שפיטעלער אין לאנד האט צה״ל צו אים געברענגט און ער איז די גאנצע צייט געלעגן באוווסטלאז, שוועבנדיק צווישן לעבן און טויט.

אויפן 16טן טאג זענען זיינע עלטערן געקומען צו פליען פון אמעריקע און געטראפן חוה׳לן ביים בעט. די מוטער איז געשטאנען ביים בעט, געקוקט אויף איר טייער קינד, געשאקלט מיטן קאפ און טרערן זענען געריננען ביז צו דער ערד. דער פאטער איז אוועק ריידן מיט די דאקטוירים. זיי האבן אים געזאגט אז חוה׳לע גיט אים די בעסטע הילף, וואס א מענטש איז נאר אימשטאנד צו געבן, ווען נישט איר הילף וואלט ער שוין לאנג דא נישט געווען, אבער די לאגע איז נאך אומקלאר. זיי האפן אבער, האבן זיי צוגעגעבן, אזויווי דער קערפער האט דורכגעהאלטן ביז איצט, 16 מעת לעת, וועט ער אפשר קענען ווייטער דורכהאלטן. די מוטער האט פארלאנגט מ׳זאל זי לאזן ביינאכט היטן איר קינד, אבער די דאקטוירים האבן נישט מסכים געווען. „איר זייט טאקע א מאמע, אבער איר זענט נישט פעאיק, דאס צו טון וואס חוה׳לע טוט פאר אים״, האבן די דאקטוירים געזאגט. די מוטער איז פונדעסוועגן געבליבן א גאנצע נאכט ביי איר קינדס בעט. זי האט געזען, אז אויפזיין ביים קראנקן א גאנצע נאכט, הייסט נישט זיצן ביים בעט, נאר ארבעטן כסדר און זי האט זיך ממש געוווּנדערט וויאזוי א מענטש איז פעאיק 16 נעכט דורכאנאנד, אזוי צו ארבעטן. אוועקגייענדיק אין דער פרי צעבראכן פון שפיטאל, האט זי חוה׳לן שטארק געקושט און געזאגט, „דו ביסט קיין קראנקן-שוועסטער, דו ביסט א מלאך״.

אינמיטן דער צוואנציקסטער נאכט, ביים מעסטן אים דעם בלוטדרוק, האט אירווינג פלוצים געעפנט די אויגן, שטארק אנגעקוקט חוה׳לן, וועלכע איז געווען באשעפטיקט מיטן מעסטן דעם בלוטדרוק און דאס נישט געזען, און ער האט א פרעג געטון אויף ענגליש „ווו בין איך״. חוה׳לע האט זיך דערשראקן, זי האט נישט געוווסט ווער עס רעדט, אויפגעהויבן די אויגן און דערזען אירווינגס אפענע אויגן. זי האט א קוועטש געטון ביי א קלינגער און דער נאכט-דאקטער איז שנעל געקומען צו לויפן. דער דאקטער האט באריר׳ט דעם קראנקנס פולס און שמייכלדיק א זאג געטון, „איצט איז ער שוין אין דרויסן״. אירווינג איז געווען זער שוואך, אז מ׳האט קוים געהערט זיין שטימע און ער איז באלד איינגעשלאפן. חוה׳לען זענען געשטאנען טרערן פאר פרייד אין די אויגן, זי האט כאטש איר מי אנגעלייגט.

חוה׳לע האט אפגעווארט ביז 6 אין דער פרי און אנגעקלונגען צו די עלטערן די גוטע בשורה. די עלטערן זענען באלד געקומען צו לויפן און די דאקטוירים האבן זיי גראטו-לירט, אז זיי האבן א נייעם זון און אז איצט איז צו האפן, אז ער וועט באלד געזונט ווערן.

צוביסלעך איז דער קראנקער צו זיך געקומען. יעדן טאג האט מען געזען א בעסערונג און ווען ס'איז געקומען די צייט אז ער האט שוין נישט באדארפט א ספעציעלע קראנקן-שוועסטער, איז חוה'לע צוריק אין איר אפטיילונג אין אפעראציע-באראק און יעדן טאג פלעגט זי קומען אים זען, געוויער ווערן ווי ס'גייט אים.

די עלטערן האבן געוואלט, אז ער זאל מיט זיי מיטפארן צוריק קיין ניו-יארק און זיך דארט ערהאלן, אבער אירווינג האט נישט געוואלט הערן דאפון. ער האט גע'טענה'ט אז דאס לאנד דארף אים נאך האבן, אלס אינסטרוקטאר, כדי אויסצובילדן אייגענע פליגער. די עלטערן זענען, באין ברירה, צוריקגעפארן קיין אמעריקע און באלד געשיקט אין לאנד זייער יונגערע טאכטער, רעכטשע —ראיס, זי זאל אכטונג געבן אויפן ברודער. מיט דער צייט איז אירווינג ארויס פון שפיטאל אין א ערהאלונגסהיים, ער איז אבער לאנג דארט נישט געבליבן און איז אוועק וווינען מיט דער שוועסטער אין האטעל „דן" אין תל אביב. ראיס האט געוווסט פון אירע עלטערן, וואס חוה'לע האט געטון פאר איר ברודער און זי האט זיך שטארק צוגעבונדן צו חוה'לען. חוה'לע איז געווען אזא טיפ מענטש, וואס האט זיך ביי יעדן געקענט באליבט מאכן מיט איר פשוטקייט און אפנהאר-ציקייט. זי איז געווען א צארט, הויך מיידל, געהאט פיינע מאנירן און זער פראסט ביי זיך. זי איז נישט געווען קיין באזונדערס שיינע, האט אבער געהאט אין זיך אסך חן און אויך איר גאנג האט אימפאנירט.

ראיס פלעגט יעדן טאג באזוכן חוה'לען אין שפיטאל און זי יעדער נאכט אפפירן, נאך דער ארבעט, אהיים קיין תל אביב, ווו חוה'לע האט געוווינט, מיט איר מאשין וואס זי האט מיטגעברענגט פון אמעריקע. אויך אירווינג, וועלכער האט אינצווישן שוין אנגעהויבן צו ארבעטן ביים מיליטער אלס אינסטרוקטאר, פלעגט פון צייט צו צייט, קומען אין שפיטאל און זיי פלעגן אלע דריי צוזאמען גיין אין א קינא אדער ערגיץ אנדערש ווו.

איינמאל, אפפירנדיק חוה'לען אהיים, האט ראיס דוקא געוואלט זען חוה'לעס דירה, ווו זי וווינט. חוה'לען איז דאס זער נישט געווען אנגענעם, אבער ראיס האט נישט אפגעלאזט און חוה'לע האט קיין ברירה נישט געהאט און זי אריינגענומען אינם צימער. ראיס האט געטראפן א קליין אויפגערוימט שטיבל, אבער זער ארעם; א חלוץ-בעטל, אן אלטע שאפע און אן אלטן טיש מיט 2 בענקלעך. ראיסן האט דאס שטארק באטראפן און זי האט געפרעגט חוה'לען, פארוואס זי ארדנט זיך נישט בעסער איין. חוה'לע האט איר דערציילט, אז זי איז אהערגעקומען פון טעהעראן מיט דער יוגנט־עליה און זיך אויסגעלערנט אלס קראנקן-שוועסטער און אז זי האט נאך א מוטער אין פוילן וואס איז צוריקגעקומען פון רוסלאנד. זי האט דא קיינעם נישט און אויך די מוטער האט מער קיינעם נישט. זי מוז שפארן ווייל זי וויל די מוטער אהער ברענגען און דארף איר שיקן אויף שפעזן און זי וויל אויך דא קענען דינגען א דירה אויף שליסל-געלד אז די מוטער זאל נישט דארפן גיין אין דער מעברה. (איבערגאנגס-באראקן פאר ניי-אנגעקומענע).

ראיס האט געוווסט, אז אירע עלטערן האבן חוה'לען געוואלט גוט באצאלן און זי

האט גאר נישט געוואלט נעמען און דא פלוצים אזא ארעמקייט. זי האט דאס דערציילט אירווינגן. אירווינג איז זי דעם צווייטן טאג געקומען נעמען פון שפיטאל און זי שטארק אויסגע׳מוסר׳ט, הלמאי זי האט קיינמאל אים נישט דערציילט, אז זי האט א מוטער וועלכע זי וויל אהער ברענגען. חוה׳לע האט אים געענפערט, אז ערשטנס האט ער זי קיינמאל נישט געפרעגט ווער זי איז און וואס זי איז, ער האט זיך מיט איר קיינמאל פערזענלעך נישט אינטערעסירט און צווייטנס וויל זי פאר איר מוטער אליין דאס געלד אנזאמלען. איר מוטער, זי קען זי, וועט עס זער ווי טון ווען זי וועט וויסן, אז זי האט ביי וועמען געלד גענומען פאר אירעטוועגן. זי האט אים איצט דערציילט, אז זיי זענען געווען אין דער היים, פארן קריג, די רייכסטע אין שטעטל און ווען דער קריג האט אויסגעבראכן, זענען זיי אנטלאפן אין דער רוסישער זייט און פון דארט האבן זיי די רוסן פארשיקט אינעם ווייטן סיביר. פאר הונגער און קעלט זענען דארט געשטארבן איר פאטער און איר יינגערע שוועסטער. דער איינציקער ברודער איז געפאלן אין קריג אלס רוסישער זעלנער און זי אליין איז געבליבן מיט איר מוטער. ווען מען האט אין רוסלאנד, נאכן אויסברעכן פונעם רוסיש-דייטשן קריג צוזאמענגענומען די יידיש-פוילישע קינדער און זיי אוועק-געשיקט קיין ארץ ישראל אינם יאר 1942, האט איר מוטער באשלאסן, כאטש זי אפצו-ראטעווען פונעם הונגער-מלאך-המות׳עס נעגל און זי אהערגעשיקט. די מוטער האט דעמאלט שטארק זיך צעוויינט און איר געזאגט: „חוה׳לע, מיין קינד, דו ביסט די איינציקע וואס ס׳איז מיר איבערגעבליבן, בלייב א געטרייע יידישע טאכטער און פארגעס נישט דיין איינזאמע, אומגליקלעכע מאמע, ווען איך וועל לעבנדיק פון דעם גיהינום ארויס״. דאס דערציילנדיק האט חוה׳לע זיך ביטער צעוויינט. ער איז געבליבן זיצן שטארק באטראפן. ער האט ביי זיך געטראכט אז בעצם איז חוה׳לע גערעכט, ער האט ביז היינט זי קיינמאל נישט געפרעגט וועגן איר לעבן און עס האט אים ווי געטון, אז ער איז איצט געווען דער גורם, וואס האט איר אויפגעוועקט אירע אלטע ווונדן.

ער האט איר געענפערט, אז ער נעמט בכלל נישט אן אירע טענות און ער וועט נאך צוריקקומען צו ריידן מיט איר וועגן דעם. ער האט איר נאר באטאנט, זי זאל אים נישט האלטן פאר א פרעמדן, „דו ביסט מיר לגמרי נישט פרעמד״, האט ער באזונדערס באטאנט.

ער האט געהאפט דעם צווייטן טאג נאכאמאל צו ריידן מיט איר וועגן דעם, אבער דעמזעלבן ביינאכט האבן די געשוויסטער באקומען א טעלעגראם פונעם פאטער אז די מוטער איז פלוצים פון א הארצשלאג געשטארבן און אז זיי זאלן תיכף קומען. ביים געזעגענען האבן אלע דריי געוויינט און אירווינג האט איר שטארק געדריקט די האנד און געזאגט, „חוה׳לע, איך קום צוריק״.

7.

4 וואכן זענען אוועק, חוה׳לע האט די גאנצע צייט פון אים קיין תמונת אות נישט באקומען. די זאך האט איר שטארק ווי געטון. פאר די אויגן איז איר געשטאנען דאס לעצטע געזעגענען און איר האט זיך געדאכט, אז ביי אים האט זיך עפעס גערירט און

דא פלוצים האט ער אן איר אינגאנצן פארגעסן, זי האט זיך צו אים שטארק צוגעבונדען, זי האט אים ליב באקומען און געבענקט נאך אים. אמת זי האט זיך קיין סך נישט איינגערעדט, זי האט געוווסט אז זי איז נישט אזא שיינהייט אז זי זאל קענען אים מיט דעם אימפאנירן, זי האט געוווסט אז ער איז א מיליאנערס א זון און שטייט גייסטיק אסך העכער ווי זי. די גאנצע צייט, זייט זי קען אים, האט זי פון אים, אויסערביים לעצטן געזעגענען, נישט געזען וועלכן ס'איז אינטערעס צו איר אלס פרוי. זי האט געפילט אז ער איז איר דאנקבאר ווייל זי האט זיין לעבן געראטעווט, אבער נישט מער. זי האט זיך אים געוואלט פונעם קאפ ארויסקלאפן, אבער זי האט אים פונעם קאפ פארטריבן און ער איז צוריק אריין אין הארץ און גיי דיקטיר א הארץ !...

די דאקטוירים אין שפיטאל האבן זיך צו איר באצויגן מיט רעספעקט, זעענדיק איר איבערגעבנהייט צו די קראנקע, דאקעגן די שוועסטערן האבן זי נישט אזו שטארק ליב געהאט, טייל ווייל זיי זענען אליין געווען פויל און נישט געוואלט א סך ארבעטן און זי געהאלטן פאר א „שוויצערן" און א טייל ווידער האבן זי מקנא געווען מיט אירווינגן און נישט פארגינען איר אזא גליק און פארדאס געהאט א שאדנפרייד, אז ער האט איר די גאנצע צייט נישט געשריבן. זיי האבן זי געזען ארומגיין פארטראכט און צוגעלייגט און זי יעדעסמאל געפרעגט וואס אירווינג שרייבט, ווייזנדיק זיך כלומפערשדיק אלס אירע גוטע פריינט און געוויערוועורנדיק אז ער שרייבט גארנישט, האבן זיי אין הארצן שטארק הנאה געהאט דערפון. אין איר געגענווארט האבן זיי אירווינגן אויסגעשימפט הלמאי ער איז אזוי געמיין און אזוי שנעל זי פארגעסן. איבערהויפט האט דאס געטון איין שוועסטער, א גאר שיינע, א קאקעטקע, וואס האט די גאנצע צייט קאקעטירט אירווינגן און געוואלט אים אויסשפאנען פון חוה'לען. „וואס דען", האבן די שוועסטער צווישן זיך גערעדט, „זי האט זיך איינגערעדט, אז ער וועט מיט איר חתונה האבן ? ער איז א מיליאנערס א זון, ער אליין איז א ד"ר כעמיקער, האט ער שוין נישט מיט וועמען חתונה צו האבן נאר מיט איר ? וואס וועט ער זיך ביי איר ראדעווען ? איר שיינהייט ? איי, ער דרייט זיך דא מיט איר, איז וואס ? וואס שאד אים, אז ער גיט א ביסל א לעב מיט איר ? ווי זאגט אן אלט פויליש שפריכווארט : אז עס פעלט לאק, איז סמאלע אויך שווארץ".

חוה'לעס פנים האט עדות געזאגט, וואס פאר א גייסטיקע קריזע זי מאכט דורך, אפשר די גרעסטע קריזע אין איר יונג לעבן. אירע איינגעפאלענע באקן האבן דערציילט פון אירע שלאפלאזע נעכט.

איינמאל, ארבעטנדיק ביי נאכט, האט זי באקומען א טעלעגראם אין שפיטאל, אז ער קומט מארגן ביינאכט קיין לוד און בעט זי, זי זאל אים אומבאדינגט דארט אפווארטן. די טעלעגראם האט זי שטארק געפרייט און צעמישט. דער טאג איז ביי איר געווען א יאר און שוין 2 שעה איידער דאס פלוגצייט האט באדארפט אנקומען, איז זי שוין געווען אין לוד. נאכן ערלעדיקן זיך אין צאלאמט, איז ער צו צו איר, איר שטארק געקוקט אין די אויגן אריין און געזאגט : „חוה'לע ! איך ווייס אז איך האב דיר ווייי געטון, וואס איך

האב די גאנצע צייט דיר גארנישט געשריבן, איך ווייס אז איך האב נישט רעכט גע-
האנדלט, אבער איין גאט ווייסט אז איך האב נישט געקענט שרייבן. איך בין די גאנצע
צייט געווען אין א שרעקלעך גייסטיקע דעפרעסיע און ווען איך וואלט דיר געשריבן,
וואלט עס דיך נאר באטריבט. קען זיין אז דאס וואלט אפשר בעסער געווען, ווי דאס
נישט שרייבן, איך ווייס נישט, אבער איך וויל חוה׳לע, דו זאלסט מיר נישט נאכטראגן,
דאס וואלט מיר שטארק ווי געטון". ער האט געקוקט אויף איר און דערקענט אן אירע
איינגעפאלענע באקן וואס זי האט דורכגעמאכט און דאס האט אים געשניטן ביים
הארצן. „איך בין צוריקגעקומען, חוה׳לע, איך האב געמוזט צוריקקומען! קום חוה׳לע",
האט ער זי ביי דער האנט אנגענומען, „איך זע דו ביסט איצט מיד, איך וויל דיך אהיימ-
פירן דו זאלסט דיך אויסרוען. מארגן וועל איך זיך מעלדן ביי מיין קאמאנדע און פאר-
לאנגן א גרעסערן חופש און דו וועסט דיר אויך נעמען חופש אויף איבערמארגן און דער
טאג וועט זיין נאר אונזערביידעס". איידער ער איז אוועק האט זי אים אויסגעפרעגט,
ווי ער פילט אין געזונט און צי דער אומגליק האט חלילה נישט שלעכט געווירקט אויף
זיין געזונט. ער האט איר פארזיכערט אז ער איז געזונט, איר געגלעט איבער די האר
און ביים געזעגענען זיך איר געגעבן א קוש אין דער האנט, זאגנדיק אין געלעכטער,
ווען דו ווילסט נישט מיין קוש, קענסט דו אים מיר צוריקגעבן. זי האט אינסטינקטיוו
אים ארומגענומען, געקושט אים און שנעל אריין אינעם צימער.

ליגנדיק אין בעט זענען איר די געשעענישן פון דער נאכט, ווי לעבנדיק געשטאנען
פאר די אויגן. דאס ערשטע מאל וואס ער האט זיך מיט איר אזוי ווארם געפרייט. זי
האט נישט געוווסט, צי זי האט גוט געטון, וואס זי האט אים אזוי שטורמיש געקושט, אבער
ס׳איז געשען. זי האט געפילט, אז זי האט זיך מער נישט געקענט האלטן די געפילע און
בענקעניש פונעם לעצטן חודש האבן זי געשטיקט און זי האט זיך מער נישט געקענט
באהערשן, נאכדעם ווי ער האט זי געגלעט, איר געקושט די האנט און פארלאנגט,
זי זאל אים צוריקגעבן. קען זיין אז זי איז געווען צו שטורמיש, אבער פארפאלן, זאל
ער קלערן וואס ער וויל, זי איז איצט א סך רואיקער געווען. זי האט אריינגעקלערט,
פארוואס ער האט איר געהייסן נעמען חופש אויף איבערמארגן, אבער זי האט נישט
געקענט קומען צו קיין טאלק. דאס וואס עס וועט אין דעם איבערמארגנדיקן טאג אזוי
פלוצים פארקומען, האט איר פאנטאזיע זיך אבסאלוט נישט געקענט פארשטעלן.

אריינקומענדיק אויפן דריטן טאג צו איר אין דער פרי, האט ער זי שוין געטראפן
ווארטנדיק אויף אים. ער איז גלייך צו צו איר, זי אנגענומען ביי ביידע הענט און געזאגט
אן וועלכע הקדמות: „חוה׳לע טייערע, איך האב דיך שטארק ליב און וויל דו זאלסט
מיט מיר חתונה האבן. דאס וויל איך נישט היינט, נאר פון דער מינוט, ווען איך האב
געעפענט די אויגן אין שפיטאל און דיך דערזען ארבעטנדיק ביי מיר. זאג אז דו ביזט
מסכים". חוה׳לעס אויגן זענען פארלאפן געווארן און זי האט נישט געקענט קיין ווארט
ארויסברענגען, זי האט נאר געשאקלט מיטן קאפ אויף יא. ער האט זי ארומגענומען, איר
אויסגעקושט אירע פייכטע אויגן און לאנג זענען זיי אזוי געשטאנען ארומגענומען. נאכ-

דעם ווען זיי האבן זיך געשיידט, האט זי ערשט אים פריש ארומגענומען און לאנג אים געקושט. ער האט איר דערציילט אז ער האט אפגערעדט מיטן פאטער און ראיסן, אז זיי קומען די צווייטע וואך און דערווייל האט איר דער פאטער, וועלכער האט זי זער ליב, מיטגעגעבן א קליינע מתנה". דאס זאגנדיק, האט ער ארויסגענומען א הערלעכן גאלדענעם מעדאליאן, באזעצט מיט גרויסע ברילאנטן און איר אנגעטון אויפן האלדז. ,,איצט", זאגט ער, ,,האב אויך איך פאר דיר א קליינע מתנה, צום אנדענק אין אונזער היינטיקן טאג". דאס זאגנדיק, האט ער איר אנגעטון אויפן פינגער א רינג מיט א גרויסן ברילאנט און געזאגט: ,,דער ברילאנטרינג איז געווען מיין גאטזעליגער מוטערס און פארן שטארבן האט זי אנגעזאגט דעם רינג פאר דיר, ווייל זי האט געוווסט ווי ליב איך האב דיך און אז דו וועסט זיין מיין ווייב. ליידער האט זי נישט זוכה געווען צו זיין ביי אונזער חתונה". זי האט אים איצט נאכאמאל ארומגענומען, שטארק געקושט אוןביידע האבן געוויינט.

,,איצט קום טייערע, היינט איז אונזער טאג. ערשטנס פארן מיר עסן פרישטיק, איך האב נאך היינט נישט געגעסן און דו אוודאי אויך נישט, איך האב געוואלט אז מיר זאלן היינט צוזאמען עסן". נאכן פרישטיק זענען זיי געפארן אין שפיטאל, טרינקען מיט די דאקטוירים און די שוועסטערן לחיים לכבוד זייער פארלאבונג און ער האט איר געזאגט, אז זי זאל דארט פארלאנגען א גרעסערן חופש ביז איבער דער חתונה. נאכן פארברענגען אין שפיטאל, ווי די שוועסטערס האבן זי מיט קנאה-אויגן ממש אויפגעפרעסן און באוווּנדערט איר שמוק, האט ער געזאגט: ,,איצט מיין טייערע, פארן מיר קיין ירושלים, ערלעדיקן דאס אהערקומען פון דיין ליבער מוטער, זי זאל ווי אמשנעלסטן אהערקומען צו אונזער חתונה". אויפן וועג האט ער איר דערציילט, די פלענער וואס ער האט פאר זייער צוקונפט. דערווייל, אזוילאנג ווי דאס מיליטער דארף אים נאך האבן, וועלן זיי וווינען אין האטעל צוזאמען מיט איר ליבער מוטער, ער האט שוין אפילו נעכטן באשטעלט צימערן פאר אלע, אי פאר זיי ביידע, אי פאר איר ליבער מוטער און אויך פאר זיין פאטער און ראיסן, וועלכע וועלן קומען די צווייטע וואך. נאכן באפרייען זיך פונעם מיליטער, וויל ער נאך 2 יאר לערנען אין רחובות, אינעם ווייצמאן-אינסטיטוט, כדי זיך צו פארפאלשטענדיקן אין זיין פאך. אינצווישן וועט דארט זיין פאטער ליקווידירן און דאן וועלן זיי צוזאמען דא עפענען א פאבריק, וואס ער וועט פירן.

די גאנצע צייט וואס ער האט גערעדט, האט חוה'לע כמעט גאר נישט געהערט נאר אים געקוקט אין פנים אריין. זי איז געווען צופיל בארוישט, אז זי זאל עס קענען מיט איינמאל באגרייפן, וואס היינט איז פארגעקומען. ליגנדיק ביינאכט אין בעט, האט זי געהאלטן אין איין באטאפן דעם רינג און דאס מעדאליאן, זי האט זיך נאך אליין נישט געקענט גלויבן צי עס איז נישט קיין חלום.

**8.**

אין א קליין שטיבל אין ווראצלאוו, פוילין, אין א זייטנגעסל, האט געוווינט חוה'לעס מוטער מיט נאך אן עלטערע פרוי צוזאמען און זיך אויסגעהאלטן פון דעם, וואס זי האט

באקומען פונעם אמעריקאנער „דזשוינט״. זי האט געוווסט, אז זי מוז נאך דא לאנג ווארטן ביז איר טריי קינד חוה׳לע, וועט זי קענען אראפנעמען. איינמאל, אין א נאכמיטאג, איז געקומען צו איר א שפעציעלער שליח פון דער ישראל געזאנדשאפט פון ווארשע און פארלאנגט פון איר, זי זאל זיך צוזאמענגעמען אירע זאכן און מיט אים גלייך פארן קיין ווארשע, ווייל דארט ליגט שוין פאר איר א פלי-קארטע קיין ישראל. זי האט נישט געוווסט וואס ס׳איז געפאלן אויף איר און געפרעגט דעם באאמטער, צי ער איז זיך נישט טועה. ער האט איר געענפערט אז ער איז זיך גאר נישט טועה און אז זיי האבן באקומען א טעלעגראפישע אויפפאדערונג פון דער „סוכנות״ אין ירושלים, נישט צו שפארן קיין געלד און זי באלד צו שיקן קיין ישראל, ווייל איר טאכטער חוה׳לע ווארט מיטן חתונה האבן אויף איר. דאס הערנדיק, איז זי נאך מער צעטומלט געווארן, ווייל אין חוה׳לעס לעצטן בריוו האט זי איר בכלל גארנישט דערמאנט וועגן חתונה האבן. זי האט געוווסט אז איר טאכטער איז א קראנקן-שוועסטער אין א מיליטער-שפיטאל און זי האט געקלערט, ווער ווייסט וואס פאר א אומגליק ס׳איז דארט מיט איר קינד געשען. אבער קיין ברירה האט זי נישט געהאט, זי מוז פארן. זי האט געזאגט דעם באאמטער אז תיכף קען זי נישט פארן, ווייל זי מוז זיך דא קודם באזארגן א פאספארט און נאך אנדערע זאכן ערלעדיקן. דער באאמטער האט איר איבערגעלאזט געלד און זיי האבן צווישן זיך אפגע-רעדט ווען זי וועט קומען קיין ווארשע און ער וועט זי ביי דער באן אפווארטן. ווי דער באאמטער איז נאר אוועק, האט זי זיך שטארק צעוויינט און באקלאגט איר ביטער מזל, ווער ווייסט וואס פאר אומגליק איז דארט מיט איר טאכטער געשען. א גאנצע נאכט האט זי קיין אויג נישט צוגעטון. זי וואלט כאטש דערלעבט צו זען פארזארגט איר איינציק קינד, האט זי געטראכט, און דאן גענוג, מער וויל זי שוין גאר נישט פונעם לעבן. פאר אירע אויגן האט זי איצט געזען איר זון, וואס איז געפאלן אין רוסלאנד, איר יונג מיידאלע, וואס איז דארט פאר הונגער געשטארבן און איר מאן, וואס איז אויך דארט אומגעקומען. ער האט זי גאנץ שטארק ליב געהאט, כאטש זי האט צו אים גאר נישט געפילט און צווישן זיי זענען געווען א סך מיינונגספארשידנהייטן אינעם לעבן. ער איז געווען אן אגודה׳ניק און זי א ציוניסטן און אלעמאל זענען געווען שטרייטיקייטן ביים ערציען די קינדער. פון דער צווייטער זייט האט ער זי פארערט און ער איז דאך נישט שולדיק געווען, ווען זי האט איר יוגנט־פרייַנד נישט געקענט פארגעסן.

גאנץ פרי האט זי באקומען א טעלעגראם פון חוה׳לען אין וועלכן זי איז איר מודיע אז מ׳האט איר געשיקט געלד און א פלי-קארטע, זי זאל באלד קומען קיין ישראל, ווייל זי ווארט אויף איר מיט איר חתונה. זי האט זער א ווילן חתן און איז זער גליקלעך. די טעלעגראם האט זי בארואיקט. אין ווארשע האט מען זי איינקוואטירט אינעם בעסטן האטעל אבער אויך דארט האט זי מער נישט געקענט געוויער ווערן ווי דאס, וואס דער באאמטער האט איר געזאגט. זיי האבן איר נאר געזאגט, אז ס׳ווייזט אויס אז דער חתן איז זער רייך, ווייל זיי האבן א באפעל נישט צו שפארן קיין געלד, זי מיט אלעם צו באזארגן און זי אפשיקן קיין ישראל מיטן בעסטן פלוגצייג ערשטע קלאס.

.9

אין לוד האבן זי אלע אפגעוואַרט, אויך אירווינגס פאָטער און שוועסטער, וועלכע זענען מיט 8 טאָג פריער אהער געקומען. אירווינג, אַלס אַ מיליטערישער פליגער אין דער ראַנג פון אַ מאַיאָר, האָט באַקומען די ערלויבניש ארויפצוגיין אויפן פלוגצייג תיכף נאָכן אַנקומען. דער הילכער אין פלוגצייג האָט גערופן איר נאָמען און זי האָט זיך אויפגעשטעלט. אירווינג איז גלייך צו צו איר און זיך פאָרגעשטעלט אַלס איר ליבער חוה׳לעס חתן. זי האָט אים אָנגעקוקט און עפּעס אַ ציטער איז אַדורך איר. זי האָט אין אים געזען עפּעס אַן ענלעכקייט צו וועמען, אָבער זי איז געווען צו איבערראַשט, אַז זי זאָל קענען קאָנצענטרירן אירע געדאַנקען. ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט און זי די ערשטע אַראָפּגעפירט פונעם פלוגצייג. ווען חוה׳לע האָט זי געזען גיין מיט אירווינגן האָט זי אויסגעשריגן ,,מאַמע, מאַמע״ און אירווינג האָט איר געוויזן ווו חוה׳לע שטייט. זי האָט אַרויפגעקוקט און געשמייכלט אָבער זי איז געווען שטאַרק צעטומלט. סעם האָט אויפגעכאַפּט איר קוק און שמייכל און זיך גוט איינגעקוקט אין איר. זי איז געווען אַ שלאַנקע פרוי, געגאַנגען פראָסט געקליידעט און דאָס פּנים האָט נאָך געוויזן שפּאַרן פון אַן אַמאָליקער שיינקייט. איר גאַנג איז געווען גראַציעז, כאָטש זי איז שוין געווען נאָענט צו די פופציקער.

קוקנדיק אַזוי אויף איר, האָט פּלוצים אין זיין מוח אַ געדאַנק אויפגעבליצט: רעכטשע! זאָל דאָס מעגלעך זיין? ער האָט איצט גוט אָנגעקוקט חוה׳לען און געפונען אַ ווייטע ענלעכקייט צו רעכטשן און נישט ווילנדיק חוה׳לען אַ פרעג געטון, פון וואַנען איר מוטער שטאַמט און ווי איר פאַרנאָמען איז. זי האָט אים אָנגערופן אַ נאָמען פון אַ שטעטל און געזאָגט אַז דער מוטערס פאַרנאָמען איז רעכטשע. דערהערנדיק דאָס האָט אים אַ קאַלטער שווייס באַגאָסן און ער האָט זיך אַ וואַקל געטון. חוה׳לע האָט אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און זיך שטאַרק דערשראָקן, ער איז זער בלאַס געווען. זי האָט אים געפרעגט וואָס ס׳איז אים און ער האָט איר געענפערט: ,,גאָר נישט, דער קאָפּ האָט זיך מיר אַביסל פאַרדרייט״. שפּעטער אַביסל האָט ער צוגעגעבן, ,,דאַכט מיר אַז איך קען דיין ליבע מוטער״, אָבער חוה׳לע האָט כמעט דאָס שוין נישט געהערט. זי איז שנעל אַראָפּגעלאָפן צו דער מוטער אוןביידע זענען זיך געפאַלן איינע אויף דער צווייטע און ביידע האָבן זיך שטאַרק צעוויינט. די גאַנצע צייט איז סעם געשטאַנען פון דער ווייטנס און רעכטשן ממש געגעסן מיט די אויגן. זי האָט באַמערקט ווי איינער שטייט און אָבסערווירט זי שטאַרק פון דער ווייטנס, אָבער זי איז געווען פאַרטון מיט איר טאָכטער און חתן און קיין גרויס געוויכט געלייגט אויף דעם. נאָכדעם ווי אַלע 3 זענען געשטאַנען און גערעדט צווישן זיך, האָט זי באַמערקט ווי דער פרעמדער גייט צו צו איר. צוקומענדיק נאָענט האָט ער זי אָנגענומען ביי דער האַנט און געזאָגט: ,,רעכטשע! געדענקסט וואָס האָסט מיר געזאָגט אין דער באַן אין קראָקע, אַז מיר קענען קיינמאָל נישט וויסן די קאַפּריזן פונעם מענטשלעכן גורל?״. דערהערנדיק דאָס, האָט זי זיך פּלוצים אַ וואַקל געטון, אַרויסגעזאָגט נאָר דאָס איינע וואָרט ,,שמואל״ און פאַר׳חלש׳ט. מ׳האָט זי גלייך

אריינגענומען אינעם ,,מגן דוד" צימער און דער דאקטער האט לאנג געארבעט ביז מ׳האט זי דערמונטערט. דער דאקטער האט איר געמאכט אן איינשטיך און געזאגט, אז זי האט א קליינעם נערוון-שאק און זי מוז אבסאלוט האבן פאלשטענדיקע רו. ער האט אויך געזאגט אז אין דער פרי וועט זי בעסער פילן, אבער זי וועט גאר נישט געדענקען, וואס מיט איר איז פארגעקומען. ס׳ווייזט אויס, האט דער דאקטער צוגעגעבן, אז זי האט דא געהאט זער א גרויסע איבערראשונג, וואס האט זי געברענגט צום נערוון-שאק. זי האט חלילה געקענט פון אזא פאל, פאראליזירט ווערן.

אירווינג האט תיכף געברענגט א אמבולאנס און מען האט זי איבערפירט אינעם האטעל ,,דן" אין תל אביב. קעגן פרי האט זי זיך אויפגעכאפט און דערזען חוה׳לען זיצן ביים בעט. פון אנפאנג האט זי גאר נישט געדענקט, די אויגן זענען נאך געווען צעמישט און די געדאנקען אביסל פארנעפלט. צוביסלעך האט זי זיך אנגעהויבן עפעס צו דערמאנען. ,,איך געדענק נאר אז עפעס א פרעמדער מאן איז צו מיר צוגעגאנגען, מיר עפעס געזאגט, איך געדענק נישט וואס, מיר האט זיך עפעס גע׳חלומ׳ט א נאמען ,,שמואל" און מער געדאנק איך גאר נישט. ווו בין איך איצט און ווער איז געווען דער פרעמדער מאן ?". חוה׳לע האט איר לאנגזאם אויפגעקלערט, אז איצט געפינט זי זיך אין האטעל ,,דן" דאס שענסטע און גרעסטע האטעל אין תל אביב און דער פרעמדער מאן איז גאר נישט געווען קיין פרעמדער, ,,ער איז דיין מחותן, אירווינגס פאטער און הייסט סעם סטאון". די מוטער איז געבליבן ליגן אביסל פארקלערט און חוה׳לע האט צוגעגעבן: ,,איצט דערמאן איך זיך, ווען ער האט דיך דערזען אנקומען, האט ער פון דיר קיין אויג נישט אראפ-גענומען און פלוצים מיך געפרעגט פון וואנען דו שטאמסט און ווי דיין פארנאמען איז. נאך מיין ענפער איז ער פלוצים בלאס געווארן, אז ער האט כמעט פאר׳חלש׳ט. איר פארשטייט גאר נישט, וואס צווישן אייך איז געשען ?".

די מוטער האט זיך פלוצים אויפגעכאפט ווי פון א חלום און טרערן זענען איר געראנען. ,,הייסט עס אז איך האב טאקע נישט גע׳חלומ׳ט און דאס איז טאקע שמואל און ער איז גאר מיין מחותן. קאפריזן פון א גורל !". זי האט מיט קורצע ווערטער דער-ציילט איר טאכטער ווער שמואל איז און זי געבעטן, אים תיכף אהערצורופן צו איר בעט. חוה׳לע איז ארויס אין זאל פונעם האטעל און געטראפן שמואל דרימלן אנגעטועגערהייט אין זעסל. זי האט אים אויפגעוועקט, אים שטארק געקושט, אנגענומען אים ביי דער האנט און צוגעפירט צו דער מוטערס בעט. ארויסגייענדיק האט זי הינטער זיך פארמאכט די טיר.

א פאר טאג שפעטער האט מען אינעם האטעל געפייערט די חתונה פון חוה׳לען און אלע געסט האבן זיך באטייליקט אין דער חתונה.

⁂

אכט טאג שפעטער איז סעם צוריקגעפארן קיין אמעריקע ליקווידירן און מיטגענומען רעכטשן מיט זיך. זיי האבן מער זיך נישט געוואלט צעשיידן.

# סוף דבר

העבודה שנטלנו עלינו היתה מיגעת, מכאיבה ומסובכת.

מ י ג ע ת  מפני שבעלי המאמרים אין עיסוקם בעט סופר ובכדי להציג בפני הקורא דבר מתוקן, היה עלינו לתקן, לסגנן ולשכלל. ואם המאמרים שנכתבו במקורם עברית, היו, בחלק גדול מהם, כתובים כהלכה, הרי באלה שנכתבו יידיש, לא נגזים אם נאמר, שכמעט כל מלה היתה צריכה תקון. החברים, כנראה, לא מרבים לקרוא ספרות חדשה ביידיש וכותבים הם על טהרת היידיש המגורמנת והעבודה בשטח זה היתה ממש מפרכת.

מ כ א י ב ה,  כשאיש בעל רגש קורא על עשרה הרוגי מלכות, שהם רק עשרה והם רחוקים מאתנו אלפיים שנה — גם כן נשבר לבו בקרבו על מה שעולל להם; אנחנו שקראנו בתשומת לב כל שורה ושורה על עדות שלמות, גברים, נשים, זקנים, נערים וטף שהושמדו באכזריות משתוללת של פריצי-חיות בצורת אדם, ובין המושמדים היו הורינו, אחינו ואחיותינו — קל לשער מה רב, מה מרסק היה הכאב.

מ ס ו ב כ ת.  לא כל מה שנכתב ניתן היה להעלות על הספר. בין אם המדובר בשמות ובין אם המדובר במאורעות; והשיקולים מה לכשר ומה לפסול, הכניסו אותנו לא פעם למבוך שרק בקושי מצאנו את חוט האריאדנה שהראה את הדרך לצאת ממנו.

ואחרי כל היגיעה, הכאב והתסבוכת אנו מבקשים מאת הקורא סליחה על דבר שאנו יודעים כי הוא אינו לפי חוקי העריכה ואף-על-פי-כן מצאנו לנכון לקיימו: כוונתנו לחזרות. הרבה דברים חוזרים ונשנים על ידי חברים שונים. כשמדובר בקובץ ספרותי כלשהו, מובן שעל המערכת להזהר מפני כפל דברים במלים שונות; אבל בספר כגון זה, ספר בו שופך המחבר את מרי שיחו ואת יגונו אם על מקומות יקרים או על נפשות יקרות — החלטנו כי אסור לנו לחלל את רגשות הכותב, ובדרך כלל לא קצצנו בנטיעות ונהגנו לפי הכלל: עליו אין להוסיף וממנו אין לגרוע.

**נתן מארק**

# הי״ד

רשימת קדושי העירות לינסק, איסטריק, בליגרוד, ליטוביסק וכפרי מחוז לינסק, שנהרג,ו נורו, נקברו חיים ונשרפו בעירות גופא, במחנה זאסלאוו ובבלזיץ, ע״י הרשעים הנאצים ימח שמם וזכרם, בתקופת השואה, בשנים 44—1939.

הערת המערכת:

הואיל ואין בידי המערכת לבדוק את אמיתותו של כל שם ושם, היא מביאה אותם על אחריות אנשי העירות הנידונות אשר הואילו למסרם למערכת; כמו״כ אין באפשרותה של המערכת להשלים את השמות שלא נמסרו בשלמותם.

למחוז לינסק, כולל העירות הנ״ל שייכו 129 כפרים. בכל כפר חיו יהודים, אבל לדאבונינו, לא עלה בידנו לרשום את כולם.

די קדושים רשימה פון די שטעטלעך לינסק, איסטעריק, באליגראד, ליטיוויסק און די דערפער פונעם לינסקער בעצירק, וואס זענען גע׳הרג׳עט, געשאסן, לעבעדיקערהייט באגראָבן און פארברענט געווארן אין די שטעטלעך גופא, אין זאסלאווער לאגער און אין בעלזיץ, דורך די אכזריות׳דיקע נאציס ימח שמם וזכרם, אין דער צייט פון „שואה״, אין די יארן 44—1939.

באמערקונג פון דער רעדאקציע:

ניט האבנדיק די מעגלעכקייט צו קאנטראלירן אדער צו קאמפלעקטירן יעדן נאמען, ברענגט די רעדאקציע די ליסטע פון די נעמען אויפן אחריות פון די וועלכע האבן די פארצייכניש איבערגעגעבן.

צום לינסקער בעצירק, איינשליסלעך די אויבנדערמאנטע שטעטלעך, האבן געהערט 129 דערפער. אין יעדן דארף האבן יידן געוווינט. ליידער איז אונדז נישט געלונגען, אלע נעמען אויפצושרייבן.

## רשימת הקדושים

**רשימת קדושי לינסק, כולל היזעלאוו, שנספו בתקופת השואה ע"י הנאצים הארורים יש"ו בשנים 39—1944, בלינסק, בזאסלאווע ובבלזיץ.**

**די ליסטע פון די לינסקער קדושים, אויך היזעלאוו, וואס זענען אומגעקומען דורך די נאציס י"ש אין לינסק, זאסלאווע און אין בעלזיץ אין די יארן 39—1944.**

### א.

אדלער מענדל, אשתו רבקה לבית פעניג ומשפחתם
אדלער שאול, אחותו גיטלה ומשפחותיהם
אטלאס מאיר מרדכי ומשפחתו
איגעל גיטשע ובניה: מאיר יעקב מוניש, חיה'לה, אסתר ודבורה
איידעלהייט חיים ומשפחתו
איידעם וואלף ומשפחתו
איידעם לייביש ומשפחתו
אייז ויטשע לבית פעניג ובנותיה טעמא וגינא
אייזען זיסל, בעלה משה ענגלארד, בנותיה ומשפחותיהן
איילפערטיג משה, אשתו חנה מאטיל לבית בער ובניהם: שאול, ישראל וזיינוועל
אינטראטער משה ומשפחתו
איסער גיטל, מלכה
איסערלעס, בנותיו של משה איסערלעס המנוח, חוה ומלכה
אליקיר אייזיק (אייזיק יואלס) ומשפחתו
איריס דוד ומשפחתו
איריס וואלף ומשפחתו
איריס פייבל ומשפחתו
איריס שמואל אהרן ומשפחתו
אלסטער דוד ומשפחתו
אנטמן חתנו של משה'לה גלאזער ומשפחתו
אפאלו חיים מענדל ומשפחתו
אפאלו יחזקאל ומשפחתו
אפאלו אהרן ומשפחתו

### ב.

באלבירער, בני משפחתו של שלמה'לה באלבירער (שלמה'לה טעפער)
בארט מלכה, בני משפחתה
באדנער — — — (חתנו של יודלה דוקלער) אשתו מעטשע ומשפחתם
בוים אברהם, אשתו וחמשת ילדיהם
בוים איטשע (יצחק), אשתו גליקל ובניהם דוב ושמעון
בוים ייטה, משה, יוסף ובילה
בוים מרדכי, בני משפחתו
בוים סימה, אלמנת מרדכי שיע המנוח ומשפחתה
בוים קופל ומשפחתו
בוימאל דוד ומשפחתו
בוימוואל, בני אהרן בוימוואל המנוח
בוכענבוים מרדכי, בני משפחתו
בוכענבוים משה, אשתו ובניהם: נח, שמחה ובת
בילעט יעקב, אשתו ובנם יהושוע
בירנקראנט הערש יוסף ומשפחתו
בירנקראנט נעכע המנוחה, בני משפחתה (נעכע די בעקערן)
בלאזער, בני משפחתו של יוסף בלאזער המנוח
בלאזער אנשל ומשפחתו
בענקל, בנותיו של משה בענקל המנוח ומשפחותיהן (שמות הבעלים לא ידוע)
בעק דבורה הענדל ומשפחתה
בעק ברוך ואשתו צפורה
בעק הערש'לה, רבקה'לה וגיטאלע ומשפחותיהם

בערגער משה אהרן ומשפחתו
בערגער הערש מעכל ומשפחתו
בערטענטייל אייזיק, אשתו הינדה, בניהם:
פישל (מת ברוסיה בבית הסוהר)
ישראל, מרדכי יוסף ופעסיל
בערטענטייל אנשל, אשתו ובניהם:
פעסיל, טויבע ורייזל
בערטענטייל שמואל, אשתו צירל
ומשפחתם
בעריש, שם משפחתו לא ידוע ומשפחתו,
מלמד דרדקאי, גיסה של רעכאלע
גליקסמאן
בערלשטיין, אשתו פרימטשע ומשפחתם
ברוכה אביש ומשפחתו
ברוכה לאה ומשפחתה
ברייט שלום ומשפחתו
ברייט אברהם ומשפחתו
ברייט יתר בני חיים ברייט המנוח
ברייער לייב, ברוכה, קיילע, גיטל וחיים
בריק שמעון ומשפחתו
בריק שמואל ומשפחתו
ברעניק תנחום ומשפחתו

ג.

גאבעל, בני משפחת מאיר לייביש המנוח
גאבעל מינה לבית שפירא ובנותיה
מאלי ויענטע
גוט פסח ומשפחתו
גוטווירט משה בער ואשתו
גוטווירט פרץ אשתו באשע לבית קליגער
ומשפחתם
גוטעסדינער הערש ומשפחתו
גולד, שרה אלמנתו של פנחס המנוח
גולד לייביש ומשפחתו
גולד משה ומשפחתו
גולד נחום ומשפחתו
גולד שאיע ומשפחתו
גולדבוים דוד ומשפחתו
גולדבוים פייגע ובניה: אסתר, חנה
וישראל ליפא
גולדינגער זישע ומשפחתו

גולדשטיין, בני משפחת אברהם חיים
המנוח
גולדשטיין הערש ומשפחתו
גולדשטיין שמואל לייב ומשפחתו
גינצבורג אסיאס, שיע, עו"ד ומשפחתו
גינצבערג ברכה
גינצבערג הערש'לה ומשפחתו
גינצבערג זלמן, אשתו דבורה לבית
ביעלט ובתם
גינצבערג חיים, בני משפחתו
גינצבערג יעקב בן לייביש, אשתו סימה
לבית ווייטמאן ובניהם: גיטאלע,
ביילטשע ויוסף
גינצבערג יעקב בן משה ומשפחתו
גינצבערג נחום בן חיים ומשפחתו
גינצבערג נפתלי בן חיים ומשפחתו
גליקהאפט — — — ומשפחתו
גליקסמאן רעכאלע ומשפחתה
געלאנדער — — — ומשפחתו
גראניק אברהם, דיין העיר ומשפחתו
גראניק חיים הערץ ומשפחתו
גראניק ישראל ומשפחתו
גראניק לייביש ומשפחתו
גראניק פנחס ומשפחתו
גראניק משה, קיילע ויצחק
גראפעל לעזר, בני משפחתו
גראפעל הערצל ומשפחתו
גראפעל לוי ומשפחתו
גרוס יוסף, אשתו אסתר ובניהם:
יהודה צבי ואחותו
גרוס לייב, אשתו אדעל לבית גולדבוים
ובניהם איזיק וטובה
גרוס זלקה ומשפחתו
גרוסמאן לעמל ומשפחתו
גרין הערש לייב ומשפחתו
גרינבערג משה, אשתו חוה ובנותיהם:
צפרה, טובה ואסתר
גרינבערג שמואל (רוס), אשתו, בתם
נעכע היתה כבר נשואה, בניהם
משה ועוד בן
גרשון חיים ומשפחתו
גרשון דוד ומשפחתו

ד.

דאמפ — — — טכנאי שניים ומשפחתו
דולינגער משה ומשפחתו
דולינגער ישראל ואשתו שרה לבית קעסלער ומשפחתם
דוקלער שלמה׳לה ומשפחתו
דוקלער יודלה ומשפחתו
דוקלער משה אהרן, אשתו טאלטשע ומשפחתם
דוקלער פראדאלע, אשת שמחה׳לה המנוח, בנה יוסף ובתה שרה
דוקלער בני משפחת שלמה׳לה דוקלער המנוח (חנה׳לה עטעלס)
דוף, בני בן-ציון דוף המנוח
דורנבערג, בני משפחת ישראל המנוח
דיאמאנט יששכר ומשפחתו
דים לייבלה ובנו מיכל
דים דוד ומשפחתו
דים הערש לייב אשתו ומשפחתו
דים הערש, אשתו סימה לבית הארעוויץ ובתם יוכבד
דים הערש יעקב ומשפחתו, היזעלאוו
דים חיים אשר, אשתו והילדים היזעלאוו ישראל, רחל ורייזל
דים ליביש ואשתו מטיל, היזעלאוו
דים ליביש ואשתו חיה והילדים היזעלאוו
דים גדליהו, ביילע וריזל היזעלאוו
דים אברהם שיע ומשפחתו היזעלאוו
דים משה בינם ומשפחתו היזעלאוו
דים פסח, אשתו חנה ומשפחתו היזעלאוו
דים שלמה ומשפחתו היזעלאוו
דים שמחה ומשפחתו היזעלאוו
דים ישראל ומשפחתו היזעלאוו
דים הערש (בוקאווסק)
דים חוה
דים יודל מאיר ומשפחתו
דים שמעון ובני משפחתו
דים בני יצחק ומשפחותיהם
דים שמעון בן יצחק ומשפחתו
דים פסח דוד ומשפחתו
דים מנדל ומשפחתו
דים משה ומשפחתו

דישע — — — אשתו פרידה לבית פלנצר ובתם
דרוקער איסר ומשפחתו
דרעזנער, בני משפחתו

ה.

האגער מענדל, ואשתו גיטל לבית פלישר
האגלער יהודה, אשתו קריינטשע לבית האס ומשפחתו
האזעלנוס אברהם, פרידה, חיה, רחל ובן ציון
האזעלנוס איסר ומשפחתו
האזעלנוס שרה ובני משפחתה
האזעלנוס יתר בני משפחת דוד המנוח
האלבערטאל אברהם ומשפחתו
האלפערן נחמן ומשפחתו
האלפערן שמחה ומשפחתו
האפטעל שרה, שתי בנותיה ומשפחותיהם
הארעוויץ מנחם מנדל, הרב דמתא ומשפחתו
הארעוויץ יעקב, דיין העיר ומשפחתו
הארעוויץ יושע, נכד הרב הזקן ומשפחתו
הארעוויץ בני משפחתה של חנה׳לה בילה טעמיס ומשפחותיהם
הארעוויץ אסתר (אסתר מאטעלס) ומשפחתה
הארעוויץ חיים ומשפחתו
הארעוויץ יידל ומשפחתו
הארעוויץ יעקב ומשפחתו, נכדו של ישראל בריק
הארעוויץ פיביש ואשתו רבקה
הארעוויץ שמלקע, אשתו טרודע ובנם הערש
הארעוויץ מינדעל (בתו של פיביש) ובתה הינדה
הארעוויץ פרידה (בתו של פיביש) ומשפחתה
הארעוויץ ריזל (בתו של פיביש) ובנה יהושוע
הופשטעטער אלטער ומשפחתו
הויזמאן עטי, בעלה ובנותיה דבורה, פני

הורנשטין אברהם ומשפחתו
היר בראנדל ומשפחתה
הירש סימה ומשפחתה
העלד יהודה, אשתו אסתר לבית קלוגמאן
ובניהם: יצחק, שמעון, משה,
ישעיהו, ולאה
העניג ליביש ומשפחתו
העניג דוד, אשתו גיטל ומשפחתו
הערמאן הערש, אשתו שרה לבית חאראס
ובניהם: ליב, משה, קיילע, יצחק
ושלמה
הערמאן עטיל

ו.

וואכטעל יהושוע, אשתו, בנם הלל ובת
וואכטעל יצחק (איטשע) ומשפחתו
וואכטעל מרדכ׳לה ומשפחתו
וואכטעל נפתלי, אשתו ראצאלע לבית
לערנער ומשפחתם
וואלד יוסף, בני משפחתו
וואלף קיילעס (חתנה של קיילע) שם
משפחתו לא ידוע ומשפחתו
וויזנער יעקב, אשתו פריידאלע לבית
טראטנער ומשפחתם
וויינבערגער ירוחם, אשתו מאלטשע לבית
גינצבערג ובתם
וויינרעב וואלף, אשתו לאה לבית דים
ובתם רייזאלע וכן ילדיו מאשתו
הראשונה חנה המנוחה: יוסף אסתר
ורבקה
וויינרעב יחיאל ומשפחתו
ווייס אלטער ומשפחתו
ווייס בני בן ציון מלמד ומשפחותיהם
ווייס ברוך ומשפחתו
ווייס דוד ומשפחתו
ווייס חנה ומשפחתה
ווייס חיה ומשפחתה
ווייס נפתלי יחיאל ומשפחתו
ווייס עטיל ומשפחתה
ווייס פייגע ומשפחתה
ווילנער בני משפחת הערש בער (דער
ראבעכער) ומשפחותיהם

ווילנער מענדל ומשפחתו
ווילנער ישראל ומשפחתו
ווילנער שינדל, בני משפחתה
וויעליפאלסקי נפתלי ואשתו חיה לבית
מאנאסטער
ווערנער מענדל ואשתו
ווערנער משה אהרן ואשתו
ווילק דוד, בתו יוכבד, בעלה והילדים
(פאסאדא)
וויטמאן יצחק ומשפחתו.

ז.

זאמער נפתלי, ריזל ואברהם, בני נטע
וצביה זאמער שנספו באושוויץ
זאמער מענדל ומשפחתו
זאמער שיינדל ומשפחתה
זאפניק מאיר ומשפחתו
זיבצינער דוד ומשפחתו
זיטמאן לייבטשע ומשפחתו
זיידען פייבעל ומשפחתו
זיידענפעלד אלטער, אשתו לאה ובניהם:
יהושוע, חיים יעקל והודזע
זיידענפעלד אסתר לאה ומשפחתה
זיידענפעלד משה ומשפחתו
זיידענפעלד פנחס ואשתו לאה מבית
חאראס
זילבער מענדל ומשפחתו
זינגער שלום המנוח, בני משפחתו
זינגער הערש׳לה המנוח (דער שווארצער
שוסטער), בני משפחתו
זיס איטשע מאיר ומשפחתו
זיס ישראל ומשפחתו
זיס יהודה ומשפחתו

ח.

חאראס ירוחם, אשתו הינדה ובניהם ליב
וזלמן
חאראס טוביה ומשפחתו
חיות ברוך ומשפחתו
חיות משה המנוח, בני משפחתו
חיט בערטשע, אשתו ובניהם קיילע,
לייבאלע, טוביה ויצחק

ט.

טויבנפעלד משה ומשפחתו
טויבנפעלד זיסמאן ומשפחתו
טויבענפעלד שלמה ומשפחתו
טוך בנימין ומשפחתו
טירק ברוך, מירל
טייך יואל, אשתו ייטה לבית גראניק ובתם
טינק יענקלה המנוח, בני משפחתו
טינק חיה לאה, בעלה ומשפחתם
טינק מירלה, בני משפחתה
טינק שמואל ומשפחתו
טראטנער יצחק ומשפחתו
טראטנער יעקב
טראטנער ברכה ומשפחתה

יאנקלעוויץ פנחס ומשפחתו
יוסף פינטשעס, שם משפחתו לא ידוע ואשתו
יענטע צלאוועס ומשפחתה (לא ידוע שם בעלה ושם משפחתה)

כ.

כץ הלל, אשתו איידל לבית בוים
וילדיהם: אסתר, ריזל, שרה, וויטע ורבקה יענטע
כץ שמואל, בני משפחתו
כץ יהושוע ואשתו
כץ ישראל
כץ משה אשתו ושני בניו

ל.

לאנגסאם אלי, בני משפחתו
לאנגסאם הערש, אשתו עלקע ובניהם:
יצחק, אברהם, יוסף ויהושוע
לאפקע יענקל (סבל) ומשפחתו
לאקשפייזער הערשל ומשפחתו
לאקשפייזער משה ומשפחתו
לאקשפייזער מלכה ומשפחתה
לאקשפייזער אברהם צבי, חוה, ביילה, חנה, צפרה, סימה
לויף מאטי ומשפחתו
לויף זעליג ומשפחתו
ליבער יהודית (אשתו של משה ליבער יל״א וילדתם שרה רבקה, היזעלאוו
ליבער יצחק
ליבער מענדל ומשפחתו
ליבער שרה ומשפחתה
ליבער בן פסח ליבער, שמו לא ידוע
ליבער מאטי ואשתו סימה לבית גראניק ובנם
ליפא, שם משפחתו לא ידוע, שוחט בעירה ומשפחתו
ליפצער משה ומשפחתו
לעוו יהושוע ומשפחתו
לאנדו ליביש ואשתו חנה לבית לערנער ומשפחתו
לעוויטע נפתלי ומשפחתו
לעוויטע חיים הערץ ומשפחתו
לעוויטע יוסף ומשפחתו
לעוויטע בני משפחת ברוך לעוויטע המנוח ומשפחותיהם
לעפעלשטיל אדעל, בעלה ומשפחתם
לערנער דוד, אסתר לאה, ייטה רחל בעריש
לערנער וואלף ומשפחתו
לערנער יהושוע ומשפחתו
לערנער יהושוע בן שלמה ומשפחתו
לערנער משה בן צבי
לערנער אברהם בער ומשפחתו
לערנער פישל ובתו סימה
לערנער שלמה׳לה המנוח, בני משפחתו, בתו ריז׳ה וילדיה

מ.

מאנאסטער יוסף (יוסאלע) אשתו ריזל בנם ליביש ובתם מניה
מאנאסטער אברהם שיע ומשפחתו
מאנאסטער אברהם ומשפחתו
מאנאסטער אלטע
מאנאסטער הלל ומשפחתו
מאנאסטער יהודית
מאנאסטער מרדכי וואלף ומשפחתו

מאנאסטער נפתלי יוסף ומשפחתו
מאנאסטער שאול, ליבע, בנימין זאב,
אריה לייב ומאיר
מאנאסטער אשתו של יושע מאנאסטער
המנוח לבית גראניק ומשפחתה
מאנטער נפתלי יוסף ומשפחתו
מאזעס משה, אשתו יאכטשע לבית
דוקלער ובניהם: יעקב, יוסף ועוד
בת
מאנדעל שמואל, אשתו שרה ובניהם:
רבקה, מרדכי, אהרן, הערש וגולדה
מאנדעל חיים ומשפחתו
מאנדעל נתן ומשפחתו
מאנטעל יעקב ומשפחתו
מאריץ יוסף ומשפחתו
מאריץ יעקב ברוך, אשתו הענע לבית
שיף ומשפחתם
מאריץ שמואל ומשפחתו
מארך יושע, אשתו מירל לביתווארשער
ובנם שלמה
מארך גיטל, בנה אברהם ובתה רחל
מארקוס, בני משפחת אברהם המנוח
מארקוס, בני משפחת מרדכי איזיק המנוח
מיטמאן יצחק ומשפחתו
מייזעלעס מרדכי ומשפחתו
מייזעלעס אלי ומשפחתו
מלמד יהודית ומשפחתה

**נ.**

נידער אליעזר, אשתו מלכה לבית דוקלער
בנם חיים ובתם פיגה
נידער שמעון ומשפחתו
נידער בני משפחת אברהם המנוח
נעסטעל שמואל, אשתו אסתר לבית
ווייטמאן ובניהם הינדה ויצחק

**ס.**

סאלאמאן, בני משפחת פיני (פיני דעם
שוחטס)
סאבעל שמעון ומשפחתו
סאבעל שם הפרטי לא ידוע, אשתו
ריבטשע לבית פליישער ומשפחתם

סעגאל וואלף ואשתו
סעגאל גרשון ומשפחתו
סעגאל ישראל ומשפחתו
סעגאל טעבאל, אשתו בלימה לבית
שפרונג ובנם
סופר אהרן ואשתו

**ע.**

עגערט מאיר ומשפחתו
עגערט אלמנתו של יהודה המנוח
ומשפחתה
אנגלארד בעריש, אשתו, בתו ובעלה
(נכד ר' יענקלה ר' שיאלעס)
אנגלארד רבקה, שם בעלה לא ידוע
ומשפחתה
אנגלארד רחל ושני בניה
ענטנער יעקב ומשפחתו
ענטנער רייזל
ערליך דוד ומשפחתו
ערליך, יתר בני משפחתו של הערש בער

**פ.**

פרידלנדר פרימעט, אשת ר' שלום
פרידלנדר המנוח
פאסנער לייזר ומשפחתו
פאסנער יחיאל ומשפחתו
פאסנער מאיר ומשפחתו
פאסנער יצחק, אשתו איידל לבית שטארק
ובניהם: פישל, פריידל וסימה
פוגעל ייטה
פוגעל זעליג ואשתו פיגה לבית
גוטעסדינער
פוגעל משה ואשתו שיינדל
פופער חנה ומשפחתה
פוקס יצחק ומשפחתו
פייבוש הערש, אשתו ובנם יעקב
פינזעל שמואל, אשתו שרה לבית שורץ
ובניהם פרץ ומירל
פינטשובסקי, שמו הפרטי לא ידוע,
ומשפחתו (חתנו של דוד האזעלנוס)
פינפער דוד ומשפחתו
פינפער שלמה ומשפחתו

